דער לעבעדיקער

# פיתום און רעמסס

פארלאג „אחיספר“, ווארשע

בײַ געז. „צענטראל“, נאוואליפקי 7.

Printed in Poland

# אינהאלט.

# כאצקל.

א קלאפ אין טיר.

—אריין !—רוף איך אויס.

די טיר האט זיך האסטיק געעפנט און אין הויז איז אריינגעקו־
מען א ייד פון מיטעלע יארן, מיטל וואוקס, מיטל בערדל.

—גוט אוונט!—רופט ער אויס אויף א גאנץ היימלעכן אופן.

—גוט אוונט!—ענטפער איך און קוק אים אן. איך האב דעם מאן
קיינמאל נישט געזען.

—אז איר בעט מיך נישט זיצן, וועל איך זיך אליין זעצן,—
מאכט דער גאסט און רוקט זיך אונטער א שטול.

—ווער קען עס זיין ?—טראכט איך.

—אז איר פרעגט מיך נישט, ווער איך בין—וועל איך זיך
אליין פארשטעלן: מיך רופט מען כאצקל !

—זאל זיין כאצקל,—טראכט איך זיך און שוויג.

—אז איר פרעגט מיך נישט, ווי קום איך אהער, וועל איך
אייך זאגן,—מאכט זיך דער גאסט ווייטער היימיש.—איך בין דער נייער
שכן, וואס האט זיך ערשט אריינגעקליבן אין אייער הויז. איצט קען

איך שוין זאָגן אין אונדזער הויז,—גיט ער צו מיט גרויס הנאה.

—מילא,—טראַכט איך,—זאָל זיין אַזוי.

—אַז איר פרעגט מיך נישט, וואָס איך וויל, וועל איך אייך אַליין זאָגן,—מאַכט דער גאַסט.

—מילא, זאָל ער זאָגן,—זאָג איך זיך,—וואָס קען איך דערלייגן?

—וואָס איך וויל?—צעפירט דער ייד מיט די הענט,—איך וויל, ערשטנס, זיך באַקענען! איך, אז איך קלויב זיך אריין אין אַ נייעם הויז, גיי איך זיך גלייך באַקענען מיט די שכנים.

—נאַט אייך אַזאַ מין אָנשיקעניש!—טראַכט איך.

—איר פאַרשטייט?—גיט מיר דער גאַסט צו פארשטיין.—איך האַלט, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג צו שליסן באַקאַנטשאַפט אין אַמעריקע. וואָס זשע דען, כאַצקל וועט וואַרטן ביז מען וועט קומען צו אים? אין אַמעריקע קען מען דאָך אָפּוואַויגען מיט מענטשן הונדערט יאָר אין איין הויז און זיך נישט קענען! אָט דערפאַר טאַקע האָב איך נישט ליב אַמעריקע. איז וואָס זשע, מיינט איר, טוט כאַצקל?—גלייך ווי איך קלייב זיך ערגעץ אַריין, לאָז איך זיך נישט לאַנג בעטן און גיי פון גאָרן צו גאָרן, קלאַפּ אין די טירן און באַקען זיך. ווי דענקט איר,—גיט ער זיך פלוצלונג אַ ווענד צו מיר,—טו איך גוט?

וואָס קען מען אים אויף אַזאַ פראַגע ענטפערן? שאָקל איך בלויז צו מיטן קאָפּ.

—איך גלויב,—מאַכט דער ייד גאַנץ אויפגעלייגט,—אַז עס קען נישט שאָדן. איר פארשטייט? אַ מאַנסביל איז דאָך נישט קיין יידענע. אַ יידענע באַקענט זיך גיך. אַ פרוי מיט אַ פרוי רעדן זיך צוזאַמען אויף די טרעפּ, ביים קצב, אָבער מיר, מאַנסביל, זענען דאָך אַ פאַר־שאָלטן פאָלק. עס קומט דער טאָג, צעלויפן מיר זיך, נישטאָ קיין צייט צו באַקענען זיך מיט מענטשן. און קומט דער אָוונט, איז אָדער מיר צעלויפן זיך ווידער, אָדער מיר זיצן אין הויז און בלאָזן זיך. איך גראַדע לויף נישט און בלאָז זיך נישט, אָבער וויפיל האָט איר אַזעל־כע, ווי איך, אין אַמעריקע? עס איז דאָ איין כאַצקל און נישט מער!

—טאַקע!—גיב איך אים צו אין געדאַנק.—אַזוינע, ווי ער, זענען דאָ חיינ׳יק אין אַמעריקע!

—האָט איר אייך איינס אַוועק,—מאַכט דער ייד און פארבויגט אַ פינגער,—און, צווייטנס, וויל איך טאקע וויסן, מיט וואָס באַשעפטיקן זיך מיינע שכנים. איר פארשטייט? עס איז גוט צו וויסן! אַז מען

וואוינט מיט מענטשן אין איין הויז, אונטער איין דאַך, דאַרף מען ויסן, ווער איז וואָס... ווי דענקט איר, האָט כאַצקל רעכט?

—יע, רעכט, צי נישט רעכט,—טראַכט איך זיך,—אָבער טשיקאַוע איז עס זיכער.

—און, דריטנס,—ווערט כאַצקל גאָרנישט נתפעל, וואָס איך ענטפער נישט,—קומט עס צוניץ אויך. אַז מען באַקענט זיך מיט מענטשן און מען ווייסט, וואָס זיי טוען, קומט עס צוניץ... איר פאַרשטייט? קיין פעסט באַשטימטע פּרנסה האָב איך נישט. מען וואַרפט זיך! אַמאָל דאָס, אַמאָל עפּעס אַנדערש. אַהין—אַהער. אַבי מען מאַכט אַ לעבן! איר פאַרשטייט מיך, צי ניין? איך קאָן אַ סך מלאכות: איך בין אַ מוהל, אַ מסדר קדושין, אַ שדכן, אַ מעקלער, האָט איר אפשר קינדער, וואָס שטייען שוין אין שדוכים?—גיט ער מיך פּלוצלונג אַ פרעג.—אויב נישט אייגענע, איז אפשר שוועסטער, ברידער?

איך גיב אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף ניין.

—איר דאַרפט זיך נישט ערגערן,—טרייסט מיך מיין גאַסט און דערביי צעגיסט זיך אויף זיין פּנים אַ פריינטלעך שמייכל,—נישטאָ, איז נישטאָ! ווייל חוץ שדכנות לערן איך מיט קינדער אויך, אַז מען דאַרף. דאָס הייסט „פּריוואַט". פאַר אַ שכן טו איך עס. אָבער אויך דאָס איז נישט דער עיקר: דערצו „פּעדל" איך, זייט מיר מוחל, מיט אונטערוועש, ווינטערדיקע, זומערדיקע, מאַנסבילשע, און זייט מיר מוחל, ווייבערישע. ווי קום איך דערצו, ווילט איר וויסן? איך האָב אַ קוזין, האַנדלט ער, זייט מיר מוחל, מיט אונטערוועש. דאַרפט איר אונטערוועש?

איך גיב אַ דריי מיטן קאָפּ, וואָס דאָס קען מיינען, אי יע, אי נישט, דאָס הייסט, עס איז נישט מיין זאַך. דער ווייבס... אָבער ער, מיין גאסט, גיט צוריק אַ דריי מיטן קאָפּ, וואָס דאָס קען מיינען: „אָל-רייט, מיר וועלן טאָן ביזנעס", און ער רעדט ווייטער:

—און דערצו פאַרקויף איך איינגעמאַכטס, אייגענע געמאַכטע, אַלע סאָרטן איינגעמאַכטס. איר האָט ליב איינגעמאַכטס? וועלכע נוצט איר מערסטנס? אָל-רייט! איך וועל שוין רעדן מיט אייער פרוי... אַזא איינגעמאַכטס האָט איר זיכער נאָך נישט געגעסן. ווי קום איך צו איינגעמאַכטס? איך האָב אַ קוזין, אַ פאַרמער, פרעגלט ער איינגעמאַכטס צו פאַרקויפן, העלף איך אים ארויס... אַן אָרעמאַן אַ ייד, יידישע פאַרמעריי ליגט אין דער ערד אין אמעריקע. אָבער זאָרגט זיך נישט,—

מאכט כאצקל, ווי ער וואָלט געוואָלט צעטרייבן זיין פעסימיזם וועגן פארמעריי,—איך האָב נאָך פרנסות! איך נעם אָן אויך „עקסידענט קייסעס". איר פארשטייט דאָך, וואָס דאָס מיינט? אז עס טרעפט, חלילה, אן אומגליק, מען גליטשט זיך אויס, מען פאַלט ארונטער פון אַ קאר און נאָך אזעלכע גליקן, ווערט עס אן „עקסידענט קייס", נעם איך עס אָן. איך טו עס נישט פאר אלעמען—בלויז פאר שכנים. און ווי קום איך דערצו? איך האָב נאָך אַ קוזין, איז ער שוין, זייט מיר מוחל, נישט אין די אונטערוועש, נאָר ער איז אַן אדוואָקאַט, ד. ה. ער איז נאָך נישט קיין פולער אדוואָקאט, ער ארבעט ביי יענעם. אָבער אַ קאָפּ האָט ער, ווי אַ ריכטיקער אדוואָקאט. ער איז א פעיקער בחור! ביי אים דארף מען זיך נאָר געבן א גליטש אויס, וואו עס זאָל נישט זיין— און ער גיט אייך גלייך א הונדערטער. דאָ אין הויז טרעפט זיך עפּעס אזוינס?

איך גיב אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף ניין און ער רעדט ווייטער:

—חוצדעם, פאַלט מיר אַמאָל אריין פון „אינקאָם טעקס"*).

איר קוקט מיך אָן! איך נעם אָן אויסצומאַכן אינקאָם טעקס פאַפּירן! איר האָט עס שוין געמאַכט? זייט איר אין ביזנעס? איר פאַרשטייט, איך אַליין טו עס נישט, ווי קום איך צו אינקאָם טעקס אויסמאַכן? נאָר איך האָב אַ לאַנדסמאַן, אַ גאַנצער סטודענט, גייט אויס מיט מיינער אַ מיידל און ער וועט באַלד ענדיקן, איז ער אַן עקספּערט אויף דעם—העלף איך אים אַרויס. איך דערלייג נישט דערצו, אָבער דאָס זענען נאָך נישט אַלע מיינע פרנסות. איך האָב נאָך,—מאַכט ער גאַנץ פריילעך.—איך וויל אייך עפּעס פרעגן. איר וואַרפט אַרויס אַ מכולהדיקן שירם?—איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

—נו, איז גוט,—ווערט כאַצקל שוין גאָר צעפרידן,—ווייל איך פאַרריכט שירמס אויך, דאָס הייסט, נישט איך, נאָר מיין ווייב. זי איז אַ בריה אויף דעם. זי, אַז זי לייגט אַ לאַטע אויף אַ שירם, איז גאָרנישט קענטיק. גאָלדענע הענט! ווען עס ווערט ביי אייך קאליע אין שירם אַ דראָט, אַ איך ווייס דאָרט וואָס,—גיט עס צו מיר. פאַר שכנים מאַכן מיר גאָר ביליק.

כאַצקל גייט זיך דורך איבערן צימער.

—אַלזוי, איצט זענען מיר שוין באַקענט! נו, זאָגט אַליין, איז

*) איינקונפט-שטייער.

נישט בעסער? איך קען נישט פאַרשטיין, ווי וואוינען עס מענטשן צוזאַמען און קענען זיך נישט? יע. איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו פרעגן מכּוח וואַרעמקייט. איז ביי אונדז עפּעס וואַרעם אין הויז? און מכּוח הייס וואַסער? און וואָס הערט זיך דאָ ביי אונדז מכּוח „קאַקאַרוטשעס”? יע, און נאָך אַ נייטיקע פראַגע: ווייסט איר, פון וועלכער זייט בלאָזט דאָ ביי אונדז דער ווינט אַמשטאַרקסטן? אַז מען וואוינט אין אַ הויז, איז גוט צו וויסן פונוואַנען עס בלאָזט.

איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר דער גאַסט האָט מיר פאַרכאַפּט דעם וועג:

—יע, און די הויפּטזאַך, ווייסט איר וואָס איך וויל? איך וויל אַ ביסל בראָנפן! איר האָט?—ניין? טאָ קומט צו מיר! איך האָב גענוג! איך מאַך עס אַליין פאַר זיך!.. איי וואָן, פערווי סאָרט, איר פאַרשטייט! אַ ייד דאַרף האָבן אין הויז אַ ביסל בראָנפן און דערצו נאָך אַ ייד אַ שדכן און אַ מוהל... עס איז די לייכטסטע זאַך אין דער וועלט צו מאַכן בראָנפן. איר קענט נישט?—איך וועל אייך אויסלערנען! אויך אַ באַטרעף! איר ווילט נישט? נו, נישט!

ביי די ווערטער האָט ער אַרויסגענומען אַ פלעשל ווייסע שנאַפּס פון ערגעץ אַ קעשענע און עס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

— — — — — — — — — — — —

פלוצלונג האָבן זיך דערהערט קולות פון יענער זייט טיר: „כאַצקל! כאַצקל! כאַצקל!”

—עס איז גאָרנישט, עס איז מיין ווייב,—טאַכט דער ייד איילנדיק. — זי האָט עס אַ קול צו שרייען! זי קען שוין איר כאַצקלען. זי ווייס, אַז גלייך ווי מיר קלייבן זיך אַריין אין אַ נייעם הויז, גיי איך שליסן באַקאַנטשאַפט מיט שכנים. דאָס רופט זי מיך אַזוי! איר פאַרשטייט? ווען זי רופט נישט, וואָלט איך דאָך קיינמאָל אין הויז נישט געווען... אָבער אַ גלעזל האָט איר דאָך יאָ — אָל-רייט! איר ווילט נישט? נו, טרינק איך אַליין...

ער האָט אויף גיך אָנגעגאָסן אַ גלאָז בראָנפן.

—לחיים! אי, איז דאָס שנאַפּס! פּשש! הייסט עס, איז איר ווילט טאַקע נישט? נו, וועל איך טרינקען פאַר אייך אויך!.. (ער האָט אָנגעגאָסן און אויסגעטרונקען נאָך אַ גלעזל). לחיים! וויל, זייער וויל! איצט דאַרף מען שוין גיין... איר פאַרשטייט? מיט אַ ווייב דאַרף מען זיך נישט אָנהייבן. איר ווייסט דאָך—מען האָט נאָכדעם צרות. אַז

מען רופט, דאַרף מען גיין! אַ גוטע נאכט! איך בין זייער צופרידן מיט אונזער באַקאַנטשאַפט! ווען זייט איר געוויינלעך אין הויז? איך וועל אַרויפקומען! איך וועל ארויפקומען! איר דארפט מיך נישט בעטן! אַ גוטע נאכט!

ער האָט האסטיק אריינגעכאפט דאָס פלעשל בראָנפן צוריק ער־געץ אין א קעשענע און איז ארויס.

# דער משעק.

(דערציילט פון א כלל־טוער).

איך און מיינער אַ פריינט. אויך אַ יידישער כלל־טוער, זענען געגאַנגען קלייבן געלט פאַר דעם „קרן היסוד". נישט זייער קיין גרינגע אַרבעט. זענען מיר פאַרקראָכן אַזש קיין בראָנזוויל. קומען מיר אַריין צו אַן דאַנטיסט, גיט ער אונז דווקא אַ שיינע נדבה און דערביי רעקאָמענדירט ער אונז זיינעם אַ באַקאַנטן דאָקטאָר. אַמאָל, זאָגט ער, איז ער געווען גאָר אַ הייסער ציוניסט, געווען טעטיק. און איצט איז ער זייער רייך, האָט עטלעכע הייזער און געלט אויף פראָצענט; אַ שטיקל חזיר, אָבער דאָך דענקט ער, אַז ביי אים קענען מיר קריגן אַ הונדערטער. עס וועט אָנקומען שווער, אָבער איר וועט קריגן,—האָט דער דאַנטיסט צגעגעבן מיט אַ שמייכעלע.

זענען מיר אַוועק צום דאָקטאָר. אויפן וועג האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיין פריינט זאָל זיין דער ערשטער רעדנער און איך דער צווייטער. ווייל, פאַרשטייט איר מיך, מיין פריינט איז אַ בעסערער רעדנער פון מיר.

געקומען צום דאָקטאָר, האָבן מיר זיך פאָרגעשטעלט, דערציילט ווער מיר זענען: דער און דער און דער און דער, און ווער עס האָט אונז געשיקט צו אים און דערקלערט, וואָס מיר ווילן פון אים.

האָט ער אונז אויסגעהערט זייער קאַלט. געמאַכט זיך ווי ער האַלט גאָרנישט געוואוסט הענן וואָס עס רעדט זיך... „קעראָן, האַיעזאָד"?—וואָס מיינט עס? ער האָט גאָר דערפון נישט געהערט...

דאָ האָט מיין פריינט אים גלייך אַוועקגעלייגט אַ רעדע וועגן ציוניזם, דערקלערט, וואָס עס מיינט „קרן היסוד". און אים גענומען דערמאָנען זיין אַמאָליקן ציוניזם, אים גוט אויסגעמוסרט, אַפּעלירט צו זיין פליכט, אַלס אַמאָליקער חבר־ציוניסט... הכלל, אים גוט אָנגעוואַרעמט—מיין חבר קען רעדן!..

האָט דער דאָקטאָר אים אויסגעהערט, ווי אונז האָט זיך געדוכט, אויפמערקזאַם. מיין פריינטס רעדע האָט אויף אים, הפנים, יע געווירקט, אָבער האָט גאָרנישט געענטפערט און איז אַוועקגעלאָפן אין אַ צווייטן צימער.

—ער איז אוודאי אַוועק שרייבן אַ טשעק,—זאָגט צו מיר מיין חבר מיט טריומף.

—אייל זיך נאָך נישט,—ענטפער איך אים,—דאָס איז אַ מענטש, קאַטאָרי וועלכער שרייבט נישט אַזוי גיך קיין טשעק...

עס האָט גענומען אַ מינוט צען, דער דאָקטאָר איז דאָ, אָבער מיט פאַרוויינטע אויגן, ממש פאַרוויינטע אויגן.

קוקן מיר אים ביידע אָן זייער מאָדנע און וואַרטן.

איך קען נישט! אַז איך קען נישט! וואָס ווילט איר פון מיר!—האָט דער דאָקטאָר געבראָכן די הענט און אומגעשפרייזט איבערן צימער.—ווער האָט עס אונז דערציילט, אַז ער איז רייך ? און ווער האָט עס אונז סתם געגעבן זיין אַדרעס? די צייט איז שלעכט... ער האָט נישט!..

דערהערט אַזעלכע דבורים, האָב איך שוין גענומען דאָס וואָרט. געהאַלטן זייער אַ היציקע רעדע וועגן די חלוצים, דר. ווייצמאַן, יידישן פאָלק, גלות און אַנטיסעמיטיזם. ביים אַנטיסעמיטיזם האָב איך זיך אָפּגעשטעלט לענגער... אים גענומען סטראַשען, אַז נישקשה, אין אַמעריקע וועט אויך באַלד קומען צו פּאָגראָמען, און שולדיק וועט זיין ער און זיין גלייכן, וואָס טוען נישט זייער פליכט. און געענדיקט האָב איך זייער פּאַטעטיש־איבערצייגנדיק : אַז מיר וועלן נישט אַוועק פון אים, ביז ער וועט אונז נישט געבן!

דערהערט דאָס לעצטע, האָט זיך אונזער בראָנזווילער דאָקטאָר, הפנים, דערשראָקן, און דורכגייענדיק זיך אַפּאָר מאָל איבערן צימער,

האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן אונז און מיט אַ נערוועזער שטים געפרעגט:

—אָל־רייט, נו, און אַז איך וועל געבן, איז וויפל פּראָצענט טראָגט עס?

—פּראָצענט!? —האָב איך מיט מיין פריינט גלייך אויסגעשריגן.— דאָס פאַר אַ פּראָצענט? דאָס יידישע פאָלק צאָלט נישט קיין פּראָצענט!

—נו, אויב אַזוי,—האָט דער דאָקטאָר טריומפירנדיק געזאָגט,—קען איך נ'שט געבן אויף אייער „קעראַן האַיעזאָד". איך בין געוויינט, יו־נאָו, אַז מיין געלט זאָל טראָגן פּראָצענט. ווייסט איר, אַז איך קריג ביז פינף און צוואַנציק פּראָצענט אפילו? אָן פּראָצענט לייג איך אין ערגעץ נישט אַריין קיין געלט.

—אָבער,—רוף איך זיך אָן,—זאָל זיין, אַז דער „קרן היסוד איז נישט קיין געשעפט, נאָר אַ נדבה, איז וויפל ווילט איר געבן אַלס נדבה?

—ווען עס טראָגט גאָרנישט קיין פּראָצענט,—רופט זיך אָן אונ־זער דאָקטאָר זייער שטרענג, – קען איך מער נישט געבן ווי עטלעכע דאָלאַר...

—וויפל הייסט ביי אייך עטלעכע דאָלאַר?—פרעגט מיין פריינט.

—צען דאָלאַר!—מאַכט עס אויף גיך אונזער דאָקטאָר.

—שעמען מעגט איר זיך!—בין איך שוין אין כעס געוואָרן.—אַ ייד אַ דאָקטאָר, אַ גביר, מיט עטלעכע אייגענע הייזער, זאָל געבן בלויז צען דאָלאַר!—פע! עס איז נישט שיין פון אייך! זייער נישט שיין!

—און וויפל האָט איר געמיינט?—איז דער דאָקטאָר אויך גע־וואָרן אין כעס.

—געמיינט האָבן מיר צוויי הונדערט,—אָבער מיר וועלן נעמען הונדערט!

—הונדערט?—האָט זיך דער דאָקטאָר אַזש געכאַפּט פאַר'ן קאָפּ.— הונדערט דאָלאַר! ניין, ניין, דאָס קען איך נישט! דאָס טאָר איך נישט! איך בין נישט קיין אָנזעצער! ניין!

—ווינציקער וועלן מיר נישט נעמען,—מאַכט מיין פריינט קאַלט, ווי אַ גזלן.

—איך גיב פינף און צוואַנציק!

—ניין! מיר נעמען נישט!

דער דאָקטאָר האָט ווידער גענומען אַרומלויפן איבערן צימער און ברעכן די הענט.

—וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? וואָס האָט איר צו מיר?—האָט ער כמעט ווי געוויינט.—איך קען נישט מער ווי פינף און צוואַנציק. אָבער איך וועל שוין זיך אָנטאָן אַ כּוח...

—און וואָס?—האָב איך און מיין פריינט אונטערגעכאַפּט מיט גרויס אומגעדולט.

—און איך וועל אייך געבן פופציק... איר זענט גזלנים! פופציק דאָלאַר, אי, אי!..

איך מיט מיין פריינט האָבן זיך איבערגעוואונקען און ביידע גלייך אַרויסגערעדט:

— אל-רייט! זאָל שוין זיין פופציק... מילא, וואָס קענען מיר העלפן?...

דער דאָקטאָר האָט אַ קרעכץ געטאָן און איז אַוועקגעלאָפן אין צווייטן צימער.

—נו, וואָס זאָגסטו?—ווענדט זיך צו מיר מיין פריינט.—מיר האָבן דאָך אים פאָרט איינגעביסן! ער איז אַוועק שרייבן דעם טשעק.

—אייל זיך נאָר נישט,—האָב איך אים געטרייסט,—לאָמיר פריער זען דעם טשעק.

מיר האָבן גענומען וואַרטן. פינף מינוט, צען מינוט, פופצן מינוט. ענדלעך איז דער דאָקטאָר אַריינגעקומען זייער שטאַרק צעטראָגן.

—ניין, מיינע פריינט!—האָט ער גערעדט זייער ליריש.—מיט היינטיקע ווייבער איז שלעכט צו געבן צדקה. איך האָב שוין געוואָלט שרייבן דעם טשעק. טאַקע שלעכטע צייטן, נאָר, מילא... האָט זי אָבער נישט געלאָזן... פופציק דאָלאַר,—זאָגט זי,—איז אַ צו גרויסע מטבע... מיר קענען עס נישט געבן.

—אָבער איר האָט דאָך דאָס שוין אַליין באַשטימט?—האַלטן מיר אים ביים וואָרט.—און פּאַסט עס פאַר אייך נישט צו האַלטן קיין וואָרט?

—וואָס קען מען טאָן?—האָט ער זיך גענומען ביי אונז בעטן.— איר ווילט דאָך נישט, אַז מיין ווייב זאָל מיך דערפאַר אָפּגטן. און מיין ווייב איז זייער אַ האָנאָריסטע. אַז איך וויל גיין קעגן איר ווילן, וועט זיין נישט גוט!..

—אַלזאָ, וואָס זשע ווילט איר?—האָבן מיר שוין פאַרלאָרן דאָס געדולט.

—איך וויל פון אייך אַ טובה,—האָט דער דאָקטאָר אויסגעשפּרייט צו אונז די הענט,—טוט מיר פּשוט אַ טובה, נעמט פינף און דרייסיק. אַזוי וויל מיין ווייב. פינף און דרייסיק און נישט מער... פינף און צוואַנציק, זאָגט זי, פאַר מיר און צען פאַר איר... טוט מיר אַ טובה, נעמט! און דערפאַר וועל איך אייך אויך אָפּטאָן אַ סך טובות. איר וועט זען, אַז איר וועט נאָך בעסער מאַכן.

—וואָס פאַר אַ טובות מיינט איר?—צעלאַך איך זיך.

—וואָס פאַר אַ טובות?—מאַכט דער דאָקטאָר.—איר פאַרשטייט? איך וועל אייך געבן אַדרעסן, וואו איר וועט נעמען געלט איינס און צוויי, און אַ סך געלט.

—למשל?

דער דאָקטאָר האָט דערזען, אַז מיר לאָזן זיך רעדן, האָט ער ממש אויפגעלעבט, און האָט גענומען שיטן מיט רייד:

—איר פאַרשטייט? אָט דאָ נישט ווייט פון מיר וואוינט אַ ייד, רייך, ווי קרח, אָנגעשטאָפּט מיט געלט... אַ חזיר אַ ייד, אָבער ער וועט מוזן געבן. ביי אים וועלן מיר שוין קריגן!.. איך אַליין וועל פאַר אים האַלטן אַ רעדע... איר מיינט, איך קען נישט?.. איך בין אַמאָל אויך געווען אַ ציוניסט... דאָרט וועלן מיר קריגן נישט ווינציקער ווי צוויי הונדערט דאָלאַר, באַשטימט... דינגען זיך וועלן מיר נישט לאָזן... צוויי הונדערט! אָבער דער עיקר, מיך טשעפּעט נישט... און דאָס איז נאָך נישט אַלץ: מיין ווייב האָט אַ טאַנטע אין פלעטבוש, אָנגעשטאָפּט מיט געלט, איז אויך זי מוז געבן פאַרן קרן היסוד!.. מיין ווייב וועט צו איר טעלעפאָנירן, אייך פאָרשטעלן, און איר וועט דאָרטן זיכער קריגן אַ גרויסן טשעק. אָבער דערפאַר לאָזט מיך אָפּ, רייסט נישט ביי מיר—נעמט די פינף און דרייסיק דאָלאַר! און איך האָב נאָך פאַר אייך,—האָט זיך דער דאָקטאָר צעוואַרעמט,—אַ סך אַדרעסן פון דאָקטוירים-נגידים, לענדלאָרדס הויט-שינדער. נעמען פּראָצענט איבער פינף און צוואַנציק... און צו זיי וועל איך מיט אייך אַליין גיין—און רעדן! נישקשה. איך קען אויך רעדן! אָבער פאַרשטייט אַ געשעפט: נעמט די פינף און דרייסיק דאָלאַר און גייט.

אָפּהאַלטנדיק אַזאַ לאַנגע היציקע רעדע, איז דער דאָקטאָר גע-

בליבן שטיין פאַר אונז פול מיט נצחון.

אין מיט מיין פריינט האָבן איינגעזעצן, אַז מיר וועלן מיט אַזאַ פאַרשוין גאָרנישט אויספירן און אַז אויב מיר וועלן וואַרטן נאָך אַ ביסל, וועלן מיר די פינף און דרייסיק דאָלאַר אויך נישט קריגן — האָבן מיר באַשלאָסן צו נעמען די פינף און דרייסיק.

— אָל-רייט! — רופט זיך אָן מיין פריינט. — נו, גיט שוין דעם טשעק! אָבער איר זאָגט אונז צו דערהעלפן? איר וועט זען קריגן פאַר אונז דעם רייכן יידן און די טאַנטע פון פלעטבוש?

— זיכער, ווי גאָלד! — האָט דער דאָקטאָר אויסגערופן מלא שמחה. — מיין וואָרט איז הייליק. איר וועט עס אַלץ קריגן!

ער איז ווידער אַוועק אין צווייטן צימער און איז שוין תיכף אַרויסגעקומען מיט אַ פעדער אין האַנט.

— אפשר וועט פאַרט זיין גענוג פינף און צוואַנציק, און דער-פאַר וועל איך אייך געבן נאָך אַן אַדרעס פון אַ דאַנטיסט. אי, אַן אַדרעס! גוט, וואָס איך האָב זיך דערמאָנט! דער מאַן האָט פינף הייזער, אַ גביר עצום!

— דאָקטאָר, — האָב איך זיך אָנגערופן, — מיר דענקען, אַז איר דינגט זיך שוין מיט אונז אַ קאַפּיטשקע צופיל...

— מיר וועלן ווינציקער ווי פינף און דרייסיק דאָלאַר נישט נע-מען!

— אל-רייט! אָל-רייט! — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — איך גיי שוין שרייבן דעם טשעק... וואָס קען מען מיט אייך מאַכן! גזלנים-יידן, גזלנים!

ער האָט ווידער אַריינגעאיילט אין צווייטן צימער, עס האָט גע-נומען אַ פּאָר מינוט און ער קומט אַרויס — און איר הערט? — מיט ליי-דיקע הענט.

— מיר האָבן אים אָנגעקוקט מיט מאָדנע אויגן. אָבער ער האָט גענומען רעדן:

— איר וועט, מיינע פריינט, מיר מוזן אַנטשולדיקן. איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז די טשעקס שרייבט ביי מיר אונטער אויך מיין ווייב גלייך מיט מיר, אַזוי איז ביי אונז איינגעפירט.

— וואָס גייט עס אונז אָן? — ענטפערן מיר ביידע, איך און מיין פריינט. — זאָל זי אויך אונטערשרייבן!

— אָבער, — מאַכט דער דאָקטאָר, — אַנטשולדיקט, מיין ווייב שלאָפט... אין דער צייט, ווען איך האָב דאָ מיט אייך געשמועסט, איז זי דער-

ווייל איינגעשלאָפן... זי האָט, אַנטשולדיקט, אַ מיגרען... און וועקן זי קען איך נישט, ווייל אַז מען וועקט זי אויף, איז מען נישט זיכער מיטן לעבן. אַנטשולדיקט, זי ווערט ווילד, זי בייסט זיך... און זי וואַרפט, וואָס זי טרעפט, אין קאָפּ אַריין... אַנטשולדיקט!...

—אַלזאָ, וואָס זשע ווילט איר פון אונז, דאָקטאָר?—האָב איך און מיין פריינט שוין פאַרלאָרן דאָס געדולד.

—איך וויל פון אייך אָט וואָס,—רופט זיך אָן דער דאָקטאָר ווייער געלאַסן,—טוט מיר אַ טובה און גייט אַהיים און איר דאַרפט צו מיר מער נישט קומען. דעם טשעק וועט איר קריגן מאָרגן, אי־בערמאָרגן... זיכער! לאָזט איבער אייער אַדרעס. און די אַדרעסן וועט איר אויך קריגן. איך בעט אייך, גייט אַהיים!

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? מיר זענען אַוועק. און דעם טשעק? כאַפּט זיך נישט, הערט אַ מעשה: אין אַ פּאָר טאָג אַרום קריג איך אַ בריוו אויף מיין אַדרעס. אַהאַ, פון דעם דאָקטאָר הערמאַן! איך עפן אויף. און, ערשטנס: שיקט ער אונז צו אַדרעסן פון דעם רייכן יידן, דעם חזיר, און פון דער טאַנטע פון פלעטבוש און פון דעם דאַנטיסט מיט די פינף הייזער.—גאָלדענע אַדרעסן,—שרייבט דער דאָקטאָר,—ביי די אַלע וועט איר זיכער קריגן. די חזירים, אַזוי שרייבט ער,—וועלן מוזן געבן. און וואו איז דער טשעק?—נישטאָ קיין טשעק. אַנשטאָט אים איז דאָ אַ חשבון, אַזוי און אַזוי: פון דער טאַנטע וועלן מיר זיכער קריגן צוויי הונדערט דאָלאַר, נישט אַ סענט ווייני־קער, פון דעם רייכן יידן אויך צוויי הונדערט, נישט אַ סענט ווינצי־קער! און פון דאַנטיסט מיט די פינף הייזער, נו, זאָל זיין אַ הונדער־טער, צוזאַמען—פינף הונדערט דאָלאַר. און איצט קומט דאָס אינטערע־סאַנטע: אַלזאָ, דער חשבון איז אַזוי:—שרייבט דער דאָקטאָר,—קאָמיס־יאָנע קומט דאָך אים? יע, צי ניין? „קרן היסוד" איז אפשר נישט קיין ביזנעס, אָבער צו דעם איז דאָס נישט שייך. למאי אַ שידוך איז אויך נישט קיין ביזנעס און דאָך נעמט אַ שדכן שדכנות־געלט... יע, צי ניין? אַלזאָ, זאָל זיין צען פּראָצענט. אַנשטענדיק, צי ניין? נישט צופיל, יע? אַלזאָ, קומט אויס פון פינף הונדערט דאָלאַר—פופציק דאָלאַר. איצט זאָל איך אַרונטער נעמען פינף און דרייסיק דאָלאַר, וואָס ער גיט,

בלייב איך אים שולדיק פופצן דאלאר. נו, ווארט ער, אלזא, מיר זאָלן אים שוין צושיקן א טשעק...

נו, ווי געפעלט אייך אונזער בראָנזווילער דאָקטאָר ?—אַ חזיר אליין האָב איך שוין געזען, אָבער א חזיר און א פוקס אינאיינעם— צום ערשטען מאָל...

# די נוירס*).

—איר רעדט פון נוירסעס?—הכנים, אַז אויך צו אַ נוירס מוז מען האָבן מזל, פּונקט ווי צו אַ ווייב. בײַ מיר איז אַ מיידעלע קראַנק געוואָרן, האָט דער דאָקטאָר דערקלערט, אַז מען מוז אומבאַדינגט צו איר האָבן אַ נוירס. אַז מען מוז, מוז מען! וואָס טוט נישט אַ ייד צוליב אַ קראַנק קינד? האָבן מיר גענומען זוכן אַ נוירס, איז ווייסט איר דאָך, אַז הײַנטיקע צייטן איז אַ נוירס זייער שווער צו קריגן. נאָר אַז דער דאָקטאָר זאָגט: מען מוז—קען דאָך גאָרנישט העלפן. האָבן מיר אַזוי לאַנג געזוכט און טעלעפאָנירט, ביז מיר האָבן ענדלעך גע- קראָגן. די נוירס האָט געזאָלט קומען אויף אַ גאַנצער נאַכט, און עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אויף איר געוואַרט מער ווי אויף משיחן. עס זענען אַוועק אַ שיינע עטלעכע שעה אין שווערן וואַרטן — נאָר אָט עפנט זיך די טיר און אַ דאַנק גאָט—זי איז דאָ, די נוירס איז געקומען!

און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די ריכטיקע מעשה:

גלייך ווי די נוירס, אַ מיידל פון אַ יאָר דרייסיק, פון מיטעלן וואוקס און נישט קיין מיאוסע, איז אַרײַנגעקומען אין הויז, האָט זי זיך תיכף געכאַפּט בײַם האַרצן: אָט, אָט און זי פאַלט אום... פאַר- שטייט זיך, אַז מיר וועלן דאָך איר נישט לאָזן פאַלן. כאַפּ איך און טראָג איר אונטער אַ שטול, האָט זי זיך געזעצט און אַ מורמל גע- טאָן:

*) קראַנקן-שוועסטער.

—אַ קישעלע!

האָבן מיר גלייך פאַרשטאַנען, אַז זי מיינט, אַז מען זאָל איר לייגן אַ קישעלע אויפן שטול... זי איז מן הסתם אַזוי געוויינט צו זיצן... כאַפּ איך אַ קישעלע און לייג איר אונטער, האָט זי משמעות זיך דערפילט בעסער—און זי האָט געגעבן אַ זאָג אַרויס:

—וואַסער!

ווייס איך נישט פון קיין חכמות און ברענג איר אַ גלאָז וואַסער—ערשט זי נעמט און רוקט עס אַוועק דערצו מיט אַ ברוגז:

—איך טרינקט נאָר סעלצער!

פילא, סעלצער איז סעלצער. האָב איך איר געבראַכט סעלצער.

—„דזשעלי" !*)—האָט זי אַ ברום געטאָן.

גיי ווייס, אַז זי איז געוויינט צו טרינקען סעלצער מיט „דזשעלי"—לויפט מיין ווייב און דערלאַנגט איר „דזשעלי".

אָל-רייט! אַ דאַנק גאָט, די „דזשעלי" איז איר געפעלן געוואָרן. זי האָט פאַמעלעכקע, נישט געאיילט, אַריינגעטאָן צוויי לעפעלעך „דזשעלי" אין גלאָז, און האָט גאַנץ לאַנגזאַם אויסגעמישט און אויסגעטרונקען.

איך מיט מיין ווייב זענען געשטאַנען און געוואַרט אויף ווייטערע באַפעלן.

אַ דאַנק גאָט,—האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן צו מיין ווייב,—זי האָט אויסגעטרונקען!

—אַז טרינקען זאָל זי סמאָלע,—האָט מיין ווייב מיר צוריקגעשעפּטשעט.

הפנים, אַז ביי מיין ווייב האָט די נערוס נישט נושא-חן געווען. אָפּגעטרונקען, האָט זי זיך זייער לאַנגזאַם אויפגעהייבן און געפרעגט:

—וואו איז דער חולה?

מיר ד'האָבן איר צוגעפירט צום שלאָפצימער, וואו אונזער מיידעלע איז געלעגן אין היץ.

זי איז אַריין אין צימער, באַטראַכט דעם צימער און געזאָגט:

—אָל-רייט!

—וועד איז אָל-רייט? דער חולה, צי דער צימער?—האָבן מיר מורא געהאַט פרעגן.—וואָס טוט מען, אַז איר ווערט נישט גוט?

---

*) אייגנעמאַכטס.

—גיסט אָן אַ וואַנע'הייס וואַסער! — האָט די נוירס פּלוצלונג געגעבן אַ באַפעל.

—זאָל גאָט אָפּהיטן!—איז מיין ווייב געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע.— דער דאָקטאָר האָט בעהייסן נאָר קאַלט אייז צום קאָפּ, קאַלט וואַסער צום טרינקען!

—דאָס איז נישט פאַר דער קראַנקער,—האָט די נוירס אונז באַרויקט.— עס איז פאַר מיר. איך וויל נעמען אַ באָד און זיך אַי-בערטאָן. אַזוי פיר איך זיך.

מיין ווייב איז אַוועק אָנגיסן די וואַנע. ווען די וואַנע איז געווען אָנגעגאָסן, איז אונזער נוירס אַריין אין באָדצימער, זיך פאַר-שלאָסן, און איך מיט מיין ווייב האָבן גענומען וואַרטן.

די צייט האָט זיך געצויגן, דאָס קינד האָט געקרעכצט, און פון באָדצימער האָט זיך דערטראָגן אַ רויק פּלושקען זיך: אונזער נוירס האָט זיך נישט געאיילט...

ענדלעך איז זי אַרויסגעקומען. און הערט איר, אַ צערויטלטע און אָנגעטאָן אין איר אוניפאָרם מיטן ווייסן טשעפּעטשיק, האָט זי אויס-געזען גאַנץ יונג און שיין.

זי האָט באַמערקט: עס איז געווען זייער אַ גוטע באָד.

מיר האָבן איר צוגעוואונטשן: צו געזונט. זי האָט באַדאַנקט. איצט האָבן מיר געדענקט, וועט זי זיך, ענדלעך, נעמען צום חולה,— ערשט עס הייבט זיך גאָרנישט אָן.

אונזער נוירס האָט זיך בהרחבהדיק צוגעזעצט צום טיש און אַ פרעג געטאָן: צי האָבן מיר נישט פאַרטיק קאַווע, און אויב יע, זאָל מען איר ד רלאַנגען—און הייסע. ווייל זי טרינקט נאָר הייסע קאַווע. און מיט מילך באַזונדער...

האָט מען איר דערלאַנגט הייסע קאַווע, מיט מילך באַזונדער.

זי האָט געטרונקען, זיך נישט געאיילט און איך און מיין ווייב זענען געשטאַנען און געוואַרט אויף ווייטערע באַפעלן.

—וואָס קאָכט איר אויף מיטאָג?—האָט זיך אונזער נוירס גע-ווענדט צו מיין פרוי.—איך עס נאָר,—האָט זי געגעבן אינפאָרמאַציע,— שעפּסנפלייש און פאַרבייס מיט ריינעם האָניק, סטעלניק, און ווייטער גאָרנישט. ווען עסט מען ביי אייך מיטאָג? איך וואָלט שוין טאַקע געגעסן...

מײַן װײַב איז אַ פּעסדיקע, װעק קריגן שעפּסנפֿלײש און האָניק.

אָפּגעטרונקען די קאַװע, האָט זי מיר געהײסן דערלאַנגען נאָך אַ גלאָז, האָב איך דערלאַנגט, און דאָ איז עפּעס געשען: זי האָט פֿאַרשעפּט מיטן אַרבל און איבערגעקערט די גלאָז אױפֿן טיש־טוך.

אַ געלער פֿלעק האָט זיך צעשפּרײט אױפֿן טישטוך, אָבער װער האָט אױף דעם געקוקט? װײַל גלײַך איז אונזער גוירס בלײַך גע־װאָרן און װידער פֿאַרװאָרפֿן מיטן קאָפּ... זי האָט משמעות געחלשט... איך האָב זי געגומען מונטערן. אַ גליק נאָך, װאָס אױך מײַן װײַב האָט אַ טבע צו חלשן, האָב איך שטענדיק אָנגעגרײט חלשות־טראָפּנס אין הױז. אָפּגעמינטערט זי, האָט זי געהײסן געבן אַן אַנדער גלאָז קאַװע, און מיר געגעבן אַ עצה, װי אַזױ אַרױסצונעמען דעם פֿלעק פֿון טישטוך.

װער דאַרף איר עצה! אַ כּפּרה מיט צען טישטוכער. מײַן מײדע־לע האָט שרעקלעך געקרעכצט, און איך בין אַװעק צום חולה. מײַן גוירס אָבער האָט זיך נישט געאײַלט, האָט אױסגעטרונקען די קאַװע און ערשט דאַן אַרײַן אין צימער. אַ קוק געטאָן אױפֿן פֿלעשל מעדי־צין, געפֿרעגט: צי איז צײַט צו געבן די מעדיצין? און װען איך האָב געזאָגט, אַז יאָ, האָט זי מיר געהײסן אָנגיסן די מעדיצין... בעתדעם האָט זי מיך געפֿרעגט:

—צי איז דאָ אין הױז אַ װיגשטול?

זי מוז זיך,—זאָגט זי,—אַ קאָפּיטשקע אָפּרוען, אײדער זי נעמט זיך צו דער אַרבעט. און נאָך אַ באָד מוז מען זיך אָפּרוען.

איך האָב געמוזט צושטימען. זי האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין װיג־שטול און איך בין אַרױס.

דערװײַל איז מײַן װײַב געקומען מיט די שעפּסנפֿלײש און האָניק.

—אַ דאַנק גאָט, זי האָט אַלץ געקראָגן.

—און װאָס מאַכט די גוירס?—האָט זי געפֿרעגט מיט איראָניע.

—איצט איז זי אַל־רײַט,—האָב איך געענטפֿערט.—זי רוט זיך אָפּ אין װיגשטול, אָבער פֿריער האָט זי געחלשט...

—פֿאַרװאָס?—האָט זיך מײַן װײַב דערשראָקן.

צוליב קאַװע, װאָס האָט זיך אױסגעגאָסן,—האָב איך געענטפֿערט—

איך האָב זי קוים אָפּגעמינטערט.

—אַ דאַנק דיר גאָט!—האָט מיין פרוי אַרויס־געזאָגט גיפּטיק.—אַבי דו האָסט זי אָפּגעמינטערט.

משמעות, זי איז נישט געווען שטאַרק צופרידן פון דער נוירס...

—איך גלויב,—האָב איך זיך אָנגערופן,—אַז אונזער נוירס דאַרף אַליין האָבן אַ נוירס...

—אפשר וואָלסטו געוואָרן איר נוירס?—האָט מיין ווייב מיר אַריינגעזאָגט.

—דו בעסער רעד נישט און גיי מאַך די שעפּסל'עך!—האָב איך געזאָגט.—זי קען נאָך ברוגז ווערן און אַוועק און וואו וועלן מיר איצט נעמען אַן אַנדער נוירס?

מיין ווייב איז אַוועק מאַכן דאָס שעפּסנפלייש, און די צייט לויפט דערוויל. איך לייג צו מיין אויער צום טיר פון שלאָפצימער, דאָרט איך, מיין מיידעלע קרעכצט—און ווייטער איז שטיל, קיין פּיפּס.

—איך האָב מורא, אַז אונזער נוירס איז איינגעשלאָפן,—האָב איך באַמערקט.

ווען די שעפּסלעך זענען שוין געווען פאַרטיק, האָט מיין ווייב זיך אָנגענומען מיט מוט און געעפנט די טיר.

—דו האָסט רעכט, די פּריצטע שלאָפט.

—ש־ש־ש...—האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן.—וועק זי נישט אויף, זי קען נאָך חלשן!..

—אָבער דאָס קינד קרעכצט דאָך,—האָט מיין ווייב זיך געפּעסט—און צו וואָס האָבן מיר זי גענומען?

—ש־ש־ש!—האָב איך געפּרובירט איינשטילן מיין ווייבס צאָרן

—און אויך די שעפּסלעך וועלן דאָך אָפּקילן!—האָט מיין ווייב געזאָגט.

—זעסטו, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש,—האָב איך געזאָגט.

דערוויל האָט זיך די נוירס אויפגעכאַפּט. דערזעען, אַז מיר שטייען אין טיר, איז זי נישט שטאַרק נתפּעל געוואָרן און איר ערשטע פראַגע איז געווען:

—געקראָגן שעפּסנפלייש?

—יע.

—און האָניק?

—יע.

—דאַן מאַכט מיר עס, ווייל איך בין שרעקלעך הונגעריק !—האָט די נוירס באַפוילן.

—עס איז שוין פאַרטיק !—האָט מיין ווייב געזאָגט.

—דאַן איז אָל-רייט !—איז די נוירס געווען צופרידן.

זי איז אַרויס פון צימער. מיין פרוי האָט געלייגט אַ נייע טישטוך, דערלאַנגט דאָס עסן, און אונזער נוירס האָט גענומען לאַנגזאַם אַרבעטן, אָבער אַזוי לאַנגזאַם, אַז עס האָט אונז אָנגענומען אַ שרעק. און דערביי האָט זי פאַר אונז געהאַלטן אַ לעקציע.

—יעדע זאַך מוז מען זייער גוט צעקייען, אַ סך צעקייען, אויב מען וויל זיין געזונט...

מיר זענען געשטאַנען און זיך געוואָרגן מיט איר יעדן ביסן.

אָבער, ענדלעך, האָט זי אָפגעגעסן, און מיר האָבן געדענקט, אַז איצט וועט זי זיך שוין נעמען טאָן עפּעס פאַרן קינד—ערשט מיר זענען נאָך מיט איר נישט פאַרטיק.

פּלוצלונג פאַרוואַרפט נישט אונזער נוירס ווידער דעם קאָפּ ?

—אוי, מיר איז נישט גוט ! דאָס שפּעטנטליש האָט מיר פאַרשטערט !—האָט זי קוים אַרויסגעקרעכצט—און געחלשט.

—וואַסער !

—אפשר שיקען נאָך אַ דאָקטאָר ?

עס איז געוואָרן אַ טומל, מיר האָבן זי קוים אָפּגעמינטערט, צוגעפירט צום קושעטקע און אַוועקגעלייגט.

הפּלל, וואָס זאָל איך אייך לאַנג מוטשען ! ביז טאָג האָט זי נאָך דריי מאָל געחלשט, אין צווישנצייט געטרונקען קאַווע און געשלאָפן, און עס פאַרשטייט זיך, אַז איך מיט מיין פרוי האָבן אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן : אָנשטאָט איין חולה, דהאָבן מיר געהאַט צוויי...

אינדערפרי, האָבן מיר איר באַצאָלט אירע אַכט דאלאר און זי איז אַוועק... באמת האָבן מיר איר נישט געדאַרפט באַצאָלן, ווייל פאַר וואָס האָט איר דען געקומט ?—נאָר מיר האָבן זיך מיישב געווען : וואָס טוט מען, אַז זי הייבט ווידער אָן צו חלשן ?

# דער טאָג איז געווען אַ הייסער.

אַלעמאָל ווען ער, ברוך, באַגעגנט זיך מיט זיין אַלטן חבר, מנדל, דערמאָנט ער זיך אָן דערדאָזיקער מעשה.

---

עס איז געווען אין אַ זומערדיקן הייסן נאָכמיטאָג. ער, ברוך, האָט דאַן געוואוינט אין אַ קליין צימערל, אויפן העכסטן גאָרן. דאָס גאַנ־צע מעבל פון זיין צימערל איז באַשטאַנען בלויז פון אַ קליין ווינקל־טישעלע און אַ בעט. דאָס בעט האָט פאַרנומען כמעט דאָס גאַנצע צימערל, אָבער דערפאַר האָט דאָס צימערל געהאַט אַ באַזונדערע טיר, און ווער עס איז אַמאָל געוועזן אַ קוואַרטיראַנט, ווייס, אַז דאָס באַ־דייט זייער פיל. און צוליב דעם טאַקע האָט ברוך גענומען דאָס צי־מערל. אַ שטיקל חסרון האָט דאָס צימערל יע געהאַט: אויסער דער באַזונדערער טיר האָט עס פאַרמאָגט נאָך אַ טיר און די האָט געפירט צו זיין באַלעבאָסטעס צימערן, און מען האָט זי נישט געקאָנט גוט צומאַכן...

אַן אויסגעקרימטע טיר איז זי געווען—אָבער מיט אַלע מעלות קען דאָך אַ צימער נישט זיין!

אמת, ווען ער, ברוך, האָט זיך אַריינגעקליבן, האָט ער צום טיר צוגעמאַכט אַ קייטעלע פון אינוויינייק, אָבער דאָס האָט ער געטאָן גלאַט

אזוי: מען זאָל וויסן, הייכט עס, אַז די טיר איז פאַרקייטלט. אָבער אין אמתן האָט ער געוואוסט, אַז מען קען אַריינשטעקן די האַנט פון דער באַלעבאָסטעס צימערן און פֿריי מאַכן דאָס קייטעלע איינס און צוויי! — אָבער נישט דאָס איז דער הויפּטפּונקט פון דער מעשה.

ברוך האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע מיידלעך, און צווישן זיי אויך אַ באַיאָרנטע מיידל, אַ צייטיקס. נישט קיין מיאוסע, און ווען זי פלעגט זיך אויספּוצן, האָט זי נאָך אויסגעקוקט אפילו גאַנץ שיין.

און אַ חתן האָט דאָס מיידל געזוכט מיט ליכט, און אפשר אויך אָן ליכט.

אויף אים, ברוכן, האָט דאָס מיידל שוין פון לאַנג געוואָרפן אַן אויג, האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר איר חתן.

און שולדיק אין דעם, וואָס זי האָט אים אַזוי געוואָלט, איז ער, ברוך, אַליין געווען, ווייל כאָטש ער איז געווען זייער אַ קליינער פאַרדינער, קוים געקענט אויסהאַלטן זיך אַליין, איז ער אָבער דערפאַר געווען אַ גרויסער בקי אין ליבע, — ווען ער האָט זיך מיט אַ מיידל צערעדט, וועגן ליבע, — איז זי געווען זיינע! — אַזוי שיין האָט ער גערעדט, און ער האָט עס געוואוסט.

קורץ, דאָס מיידל האָט אים פאַרפאָלגט.

טרעפט זיך איינמאָל אין אַ מיטן וואָך-טאָג גייט ער אַזוי אין גאַס און באַגעגנט זי. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, און מען האָט על פּי שכל געדאַרפט מיט איר ערגעץ פאָרן — אָבער ברוך האָט נישט קיין חשק. פון דערפאַרונג האָט ער געוואוסט צוויי זאַכן: מיט אַזעלכע מיידלעך, וואָס זוכן חתנים, דאַרף מען נישט אַרומפאָרן און מען טאָר זיי נישט איינלאַדן צו זיך אין צימער.

און פּלוצלונג רופט זיך דאָס פריילן אָן:

— איר ווייסט וואָס, ברוך? לאָמיר גאָר אַרויפגיין צו אייך אין צימער, עס איז אינטערעסאַנט אָנצוקוקן, ווי אַזוי איר וואוינט!

— מיין צימער איז זייער נישט קיין באַקוועמער, קליין און ענג, — אַ שרעק! — מאַכט ברוך.

— איך האָב זייער ליב קליינע צימערלעך, — לאַכט זי, — עס איז פּאָעטיש. קומט אַרויף!

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, אַרויפגיין ערגעץ אָפּרוען זיך האָט מען דאָך געמוזט, האָט ער צוגעשטימט.

געקומען צו זיך אין צימער, האָט ברוך פאַרשלאָסן פון אינוויי-

ניק די טיר. מען קען דאָך נישט לאָזן אַ טיר אָפֿן? דער טאָג איז געווען אַ הייסער, מיד זענען זיי געווען — נו, האָבן זיי זיך געזעצט אויפן בעט. און וואו האָבן זיי געקענט אַנדערש זיצן? אין צימער איז דאָך קיין אַנדער זיצפּלאַץ, אויסער אויפן בעט, נישט געווען. און דאָס האָט ברוך אויך געוואוסט פון דערפאַרונג, אַז אויף אַ בעט טאָר מען מיט אַ מיידל נישט זיצן. אַ בעט האָט אַ טבע צו מאַכן אינטים, אַ בעט דערמאָנט אָן פאַמיליע-לעבן. אָבער צוריק גערעדט, וואָס האָט ער געקענט אַנדערש טאָן? — אַז עס איז פּאָרט נישט געווען קיין נײַדער פּלאַץ צום זיצן אין צימערל?

נו, האָבן זיי זיך געזעצט אויפן בעט און מען האָט זיך צערעדט פון דאָס און פון יענץ, פון דעם און פון יענעם — רכילות. פריער העכער און נאָכדעם נידעריקער. מען ווערט דאָך מיד... פריער האָבן זיי גערעדט פון קליינע צימערן און גרויסע צימערן. פון בחורים און מיידלעך, און נאָכדעם איז מען אַריבער צו ליבע.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, און ליבע איז דאָך ברוכס „פערדל". ווען ער קומט אַרויף אויף ליבע, רעדט ער דאַן זייער שיין, וואַרעם. פון האַרצן... ער פאַרגעסט זיך, וואו ער איז, און פּלוצלונג דערפילט ער, ווי דער מיידלס קאָפּ רוט אויף זיין אַקסל.

— אוי, איך בין אַזוי מיד און שלעפעריק! — רעדט דאָס מיידל זייער הייך, זייער שטיל און סענטימענטאַל, ווי אַ מאַנדאָלין.

און אַ טאָפּעלער געפיל האָט באַהערשט ברוכן: איין געפיל איז געווען אַ גוטער, אַן אָנגענעמער: אַ מיידלס קאָפּ רוט אויף זיין אַקסל, אַ היבשער קאָפּ, אָבער עס איז אַזוי גרינג און גוט. נישט אַלע טאָג טרעפט זיך עס.

דער צווייטער געפיל איז געווען אַ וואָרנונגספולער, אַ פּאָליציסקער: היט זיך, ברוך, דאָס איז אַ געץ פאַר דיר! עס טויג נישט, ברוך! אַלע צרות הייבן זיך אָן פון קאָפּ און לאָזן זיך אויס צום קאָפּ. אַ מיידלשער קאָפּ אויף אַן אַקסל איז טאַקע ליב, אָבער עס פאַרדרייט דעם קאָפּ!..

און דער טאָג איז געווען אַ הייסער. ה׳, דאָס מיידל, רעדט נישט מער. ליגט מיט צוגעמאַכטע אויגן און איר פּנים רעדט פון ליבע, פון צוגעלאָזטקייט.

און אויך ער, ברוך, רעדט שוין נישט מער. אין אַזעלכע מאָמענטן פאַרלירט אַ מענטש דאָס לשון.

און פלוצלונג—ער ווייס נישט, ווען דאָס איז געשען, דערפילט ער, ווי דער מיידלס האָר זענען צעוואָרפן און צעשאָטן איבער אים. און האָר האָט זי דווקא לאַנגע און שמעקעדיקע.

און ווידער באַהערשט אַ טאָפּעלער געפיל אונזער ברוכן: איין געפיל איז א ראָמאַנטישער, אַ פּאָעטישער, אַ יום-טובדיקער. ער האָט אַזוי ליב אַ מיידלשן צאָפּ! אָט דאָס איז דאָך די אמתע פּאָעזיע פון לעבן!

אָבער אַ צווייטער געפיל, אַ וואַכזאַמער, אַ רעאַליסטישער, אַ וואָכעדיקער האָט געטענהט: דאָס טויג נישט, בחור! דאָס וועט דיך פאַרפירן צו ווייט! דו פאַרקריכסט אין אַ פינסטערן וואַלד. עס טויג נישט! רייס זיך אַרויס! די פרייהייט פון אַ מענטש הענגט אַמאָל אויף אַ האָר...

אָבער אַרויסרייסן זיך איז ברוך נישט געווען בכוח. נישטאָ קיין כוח!

זיצט ער אַזוי, אונזער ברוך, אויב מען קען עס אָנרופן זיצן, און זי רוט אויף זיין אַקסל, באַדעקט אים מיט איר וואַלד. און דער טאָג איז געווען אַ הייסער און פון וואַלד אָטעמט מיט פייער... אַן אמתער וואַלד-פייער!

און מיט אַמאָל—ער ווייס נישט ווי אַזוי עס איז געקומען, נאָר ער האָט דערפילט, ווי ער קושט זי, קושט אירע לאַנגע הונגעריקע פינגער, איר פּנים, אירע האָר און זי קושט אים אויך און דווקא אויף די ליפּן... און ער פילט זיך גוט, געהייבן, אויף פליגלען, כמעט ווי אַן אמתער פאַרליבטער... אָבער אויך דאַן איז ער נאָך ביים זינען און ער ווייס, אַז יעדער קוש איז אַ מעסער. עס קוילעט אים אַוועק... עס טויג נישט. זיין פרייהייט איז אין סכנה.

אָבער מיט קושן זיך איז ווי מיט אַלע עבירות: עס איז נאָר האַרב דער ערשטער קוש און די איבעריקע קומען שוין אַליין. און דער טאָג איז געווען אַ הייסער.

און מיטאַמאָל — הערט ער אַ שעפּטשען, אַ וויספּערן, אַזאַ ווייך, פאַרליבט וויספּערן, ווי פון אַ צווייטער וועלט, און ער דערקענט, אַז דאָס איז איר שטימע.

—איר האָט מיך ליב? האָסט מיך ליב, ברוך? וועסטו שוין זיין מיינער אויף אייביק?

און דער טאָג איז געווען אַ הייסער. און ברוך האָט געשוויגן,

ער האָט געוואוסט, אַז ער דאַרף ענטפערן, שווייגן לאַנג קען מען נישט, אָבער ער האָט געשוויגן.

ער איז געווען כמעט זיכער, אַז תיכּף ווי ער עפנט דאָס מויל, וועט זיין ענטפער זיין: יע... ווייל קען מען דען אין אַזאַ מאָמענט נישט זאָגן יע? אָבער בשעת מעשה האָט ער אויך געפילט גאַנץ קלאָר, אַז ווען ער זאָגט יע, איז ער אַ פאַרלאָרענער, איז אַ סוף צו זיין פרייהייט, צו זיין בחורשאַפט. און וואָס טויג עס אים? האָט ער זי דען ליב?

אָבער זי האָט אים צוגעדריקט נאָך שטאַרקער צו זיך און ווי־דערהאָלט:

—איר האָט מיך ליב? האָסט מיך ליב, ברוך?—און זי האָט נאָך צוגעגעבן.—שעם זיך נישט! זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שעמעוודיקן בחור... האָסט מיך דאָך ליב, ברוך, איאָ!

און דערביי האָט זי אים שטיפעריש־פאַרליבט אַ פאַטש געטאָן מיט אַ שטיק צאָפּ איבערן באַק.

און דער טאָג איז געווען אַ הייסער. און ברוך זעט, אַז זיין אורטייל איז שוין אונטערגעשריבן. ער ווייס, אַז אָט באַלד וועט ער זאָגן: יע. ער וועט זאָגן... און דאַן איז אַלץ פאַרפאַלן.

און מיטאַמאָל—דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר.

איינס, צוויי, דריי!

דער ערשטער געפיל ברוגס איז געווען: ווער קען עס זיין? וועלכן שוואַרץ יאָר האָט עס איצט, אינמיטן טאָג, אָנגעטראָגן אַהער? געוואַלד! מען לאָזט דאָך גאָרנישט לעבן!

אָבער דער צווייטער געפיל איז געווען אַ דערלייזונגס-געפיל: די ישועה איז געקומען! ער וועט שוין איר גאָרנישט דאַרפן זאָגן! ער איז שוין פטור!

אָבער דאָס מיידל האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן און האָט זיך גענומען טוליען צו אים נאָך פעסטער, און אירע אויגן האָבן אָן רייד געבעטן: עפן נישט!

נאָר ער אַליין האָט אויך נישט געטראַכט וועגן עפענען. וואָס הייסט אין אַזאַ מאָמענט עפענען? ביי אים פלאַמט אַ באַק... ביי איר זענען צעוואָרפן די האָר. ער וועט נישט עפענען אפילו דעם בעסטן גוטן ברודער.

און זיי שטאַרבן ביידע אַוועק. שטיל, שטיל, קיין ריר. און אַזוי,

אפגעשטאַרבענערהייט, הערן זיי, ווי איינער פרעגט דער באַלעבאָסטע:

—ווייסט איר נישט, איז ברוך אינדערהיים?

—אהא דאָס איז זונדל, זיין חבר זונדל!—דערקענט ברוך גלייך זיין חברס שטימע.—ווי קומט ער אַהער? שוין אים אַ צייט נישט געזען!

און די באַלעבאָסטע דאָרטן ענטפערט:

—איך ווייס נישט, אויב ברוך איז נישטאָ אינדערהיים, איז אויף זיין טיר דאָ אַ שלעסל, און אויב ער איז דאָ—איז נישטאָ קיין שלעסל.

– נישטאָ!—ענטפערט זונדל.

—נו, איז ער געוויס אינדערהיים, שלאָפט אוודאי. עס איז היינט הייס, שלאָפט זיך... קלאַפט אָן!

—איך האָב געקלאַפט!

—פּרובירט קלאַפּן אין דער טיר,—הערט ברוך ווי זיין באַלע-באָסטע ראַט דאָרטן זיין חבר און ער פאַרשטייט, אַז זי הייסט אים קלאַפּן אין דער צווייטער טיר, וואָס גייט פון אירע צימערן, די, וואָס מאַכט זיך נישט גוט צו מיט דעם קייטעלע.

און עס הערן זיך טריט. דאָס גייט זונדל צום טיר. אַ שרעק איז באַפאַלן ברוכן. וואָס טוט מען? די טיר מאַכט זיך נישט גוט צו! אמת, עס איז דאָ אַ קייטעלע—אָבער מען קען אריינשטעקן די האַנט און אויס קייטעלע... עס איז זייער לייכט. און וואָס וועט דאַן זיין?...

און ברוך פילט, ווי זיין מיידל ציטערט, ווי אין אַ פיבער, און טרערן שטייען אין אירע אויגן. זיי הערן זיךביידע איין און וואַרטן.

נאָר זיין פריינט זונדל איילט זיך נישט צו עפענען דאָס קיי-טעלע. ער קלאַפּט פעסט און רופט:

—ברוך, ברוך, שטיי אויף!

פאַרפאַלן. ווייטער קען ער שוין נישט איינשטעלן, און ברוך הייבט זיך אויף און רופט אויס מיט אַ ציטעריק קול:

—זונדל! איך בעט דיך, גיי אַרונטער אין גאַס און וואַרט פאַר מיר לעבן הויז. איך וועל באַ-אַ-לד אַרונטערקומען.

וואָס איז געווען ברוכס פּלאַן? איינפאַך: זיין חבר וועט אַרונטער, וועט דאָס מיידל אויך אַרונטער און ער נאָך איר. אַז זונדל קען נישט דאָס מיידל, איז ער געווען זיכער.

און זונדל האָט, הפּנים, פאַרשטאַנען, וואָס ביי ברוכן אין צימער קומט פאָר — און איז אַוועק.

און דאָ איז מיין מיידל אויפגעשטאַנען, אַ ברוגזע און אַ פאַר־שעמטע און גענומען פאַרריכטן די האָר.

— איך וועל שוין צו אייך אין צימער קיינמאָל נישט גיין! קיינ־מאָל!

אָבער ברוך האָט זיך דערווייל שוין אינגאַנצן אויסגעניכטערט און האָט איבערלעך טריומפירט:

— ניצול געוואָרן! ניצול געוואָרן! ער איז ווידער אַ פרייער מענטש! און ער איז געווען דאַנקבאַר זונדלען ביז גאָר: אַ טייערער פיינט אונטערגעקומען אין דער ריכטיקער צייט!

און דאַן האָט ברוך דערקלערט דער מיידל זיין פּלאַן, אַז זי מוז אַרונטער־גיין פריער. זיין פריינט קען זי נישט. און נאָכדעם וועט ער אַרונטער...

די מיידל איז איילנדיק־ברוגז אַוועק. אָבער ווען ברוך איז מיט צען מינוט שפּעטער אויך אַרונטער אין גאַס, איז זונדל נישט געווען. הפּנים, ער האָט נישט געגלויבט, אַז ברוך וועט באַלד אַרונ־טערקומען. זונדל איז נישט געווען און ברוך האָט אפילו נישט געהאַט וועמען צו דאַנקען.

---

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ברוך האָט שוין דאַן חתונה געהאַט, באַגעגנט ער זיך אין גאַס מיט זונדלען.

— האַלאָ!

— האַלאָ!

— וואו זייט איר געווען, זונדל?

— געמאַכט אַ רייזע איבער אַמעריקע.

— ווייסט איר, אַז איך בין אייך שולדיק אַ גרויסן דאַנק?

— איך ווייס נישט. פאַרוואָס?

— איר האָט מיך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געראַטעוועט פון חתונה האָבן און מיט אַ מיידל, וועלכע איך האָב גאָרנישט ליב געהאַט. איר הערט, זונדל? איך האָב גראָד די וואָך באַגעגנט די מיידל. זי איז שוין אַ ווייבל — און עס איז אַ שרעק אויף איר אַ קוק צו טאָן! צעשוואָלמען, ברייט און פעט — אַן אימה! ווען איר קומט דאַן נישט אונטער, וואָלט איך געהאַט דידאָזיקע רחבות ביי מיר אין הויז!

—און איך האָב גאָרנישט געוואוסט!

—אָבער, זונדל, איך בין אויף אייך אין כעס אויך, — לאַכט ברוך, — ווייל דיזעלבע זאַך האָט מיר געטראָפן שוין מיט אַן אַנדער מיידל, מיט אַ יאָר שפּעטער. און פאַרוואָס, גזלן איינער, זייט איר ווי־דער נישט געקומען קלאַפּן?

—און מיט דער האָט איר שוין חתונה געהאַט?

—אוודאי!—לאַכט ברוך.—געמוזט! און דאָס איז אייער שולד! איר זייט נישט געקומען.

# דער שטענדיקער מיטארבעטער.

די וועלט מיינט, אַז אַ רעדאַקטאָר דרוקט אַלעמאָל נאָר דאָס, וואָס ער וויל,—אַ קלייניקייט, מען איז דאָך עפּעס אַ רעדאַקטאָר!

אָבער די וועלט האָט אַ טעות.

די וועלט ווייס נישט, אַז אַ רעדאַקטאָר דרוקט אָפט זאַכן, וואָס ער וויל נישט אויך. ער דרוקט, ווייל ער מוז דרוקן.

אָט הערט אַ מעשה:

איינמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, געפין איך אין מיין פּאָסט אַ קעסטל שאָקאָלאַד אויף מיין אַדרעס.

ווער קען עס מיר שיקן שאָקאָלאַד?

איך לייען איבער דעם אַדרעס, ערשט אַ ייד פון יאָנקערס.

איך האָב פון אַזאַ יידן קיינמאָל נישט געהערט.

קלער איך זיך: מן הסתם אַ לעזער. אַ גוטער לעזער און אים געפעלט מיין שרייבן.—נו, צאָלט ער מיר אָפּ מיט שאָקאָלאַד.

אַ זיס לעבן אויף אַזעלכע לעזער. געזונט זאָלן זיי זיין!—אָט דאָס זענען לעזער!

און סתם טראַכט, איך זיך, איז שאָקאָלאַד בעסער, ווי „אַ שטים פון פאָלק".

הערט זשע ווייטער:

עס גייט דורך אַ וואָך—קומט מיר אָן נאָך אַ קעסטעלע און ווידער פון דעמזעלבן יידן.

איך עפן אויף—ווייז, צוויי פלעשער,

אַ מאָדנער ייד, טראַכט איך,—שיקט מתנות און שרייבט גאָרנישט דערביי, וויל גאָרנישט...

אַזאַ שטילן, פיינעם יידן איז נישט לייכט צו געפינען... בלויז אויף די פלעשער איז אָנגעקלעפּט אַ צעטל: דער וויין צוואַנציק יאָר אַלט. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין זייער צופרידן פון דעם וויין.

גייט פאַרביי נאָך אַ וואָך—קומט פון מיין יידן אָן אַ ניי קעסטל, און נישט קיין קעסטל—נאָר אַ גאַנצער קאַסטן. און מיט וואָס? מיט ציגאַרן.

דאָס איז גאָר פיין,—זאָג איך זיך,—שאָקאָלאַד עס איך נישט פיל, וויין נוץ איך ווייניק, אָבער ציגאַרן?

איך בין אַ גרויסער רויכערער. און ביי מיר גייט אַוועק אפשר אַכט דאָלאַר אַ וואָך אויף ציגאַרן. און דעם יידנס ציגאַרן זענען דווקא פון די גוטע אויך—פיינע ציגאַרן!

און מיט די צוגעשיקטע ציגאַרן איז אויך דאָ בלויז אַן אַדרעס. האָב איך שוין געוואָלט הייסן מיין סעקרעטאַר, ער זאָל דעם יידן אָנשרייבן אַ דאַנקבריוו.

נאָך אַלעמען איז עפּעס נישט אַנגענעם—נעמען און שווייגן... אָבער ביז איך האָב זיך אויסגעקליבן אים באַדאַנקען, ערשט איך דער האַלט שוין ווידער עפּעס פון דעם יידן—און דאָסמאָל נישט קיין קעסטל—נאָר אַ פּאַק.

איך האָב געמיינט אַוודאי קראַוואַטן, אָדער ווער ווייסט וואָס. אַז מען שמועסט—דער ייד שיקט מתנות. ערשט איך עפן אויף—מאַנוס-קריפּטן!..

האָב איך אַ ביסל אַרונטערגעלאָזט די נאָז: מניעו!

הייסט עס, טראַכט איך זיך, דער ייד איז אַ כיטראַק. נישט קיין חסיד, נאָר אַ דיפּלאָמאַט. ער גייט אין פּאַטער יעקבס וועגן. פריער שיקט ער אַרויס מתנות און נאָכדעם קומט ער אַליין מיט דער ריכטיקער סחורה.

און, הפנים, אַז ער האַלט די רעדאַקטאָרן פאַר עשיוס?

איך נעם לייענען די מאַנוסקריפּטן. איז, ערשטנס, וואָס דהייסט לייענען, מען האָט עס דען געקענט לייענען?.. איך, וואָס איך בין אַ בריה אויף אַלערליי כתב-ידן, האָב עס קוים דורכגעקראָכן...

דאָס צוגעשיקטע איז געווען פּאָעזיע. און פון די ריכטיקע. נעם

איך דעם פּאַק און לייג אים אַוועק אָן אַ זייט. איז דער ייד נישט פויל און קומענדיקע וואָך קריג איך אַ נייעם פּאַק...

און דאָסמאָל שוין סקיצן. און די סקיצן זענען נישט בעסער, ווי די לידער: ווי איין קאַליקע האָט זיי געהאַט.

גאָרנישט... לייג איך די סקיצן אויך אַוועק אָן אַ זייט.

און קיין בריוו שרייבט אַלץ נישט דער ייד, שאַ, שטיל!

אַ מאָדנער ייד—שיקט גלאַט אַזוי, און מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז מען וועט דרוקן!

אָבער איר זייט נאָך נישט פּאַרטיק. קומענדיקע וואָך באַקום איך אַ נייעם פּאַקעט. און איצט שוין אַ דראַמע אין פינף אַקטן מיט אַ פּראָלאָג און עפּילאָג.

עס איז ביטער... און שרייבן, שרייבט דער ייד אַלץ גאָרנישט.

ער שיקט מאַנוסקריפּטן, פּונקט ווי פריער שאָקאָלאַד, וויין, ציגאַרן... גאָרנישט...

באַשליס איך: אָנצושרייבן דעם יידן אַ בריוו, געוויינלעך, זייער אַ העפלעכן: היות, אַזוי ווי אייער שרייבן פּאַסט זיך נישט פאַר אונזער צייטונג, עס איז נישט אין גייסט פון אונזער בלאַט,—הייסט עס, איז לכן זייט אַזוי גוט און הערט אונז אויף צו שיקן...

אָבער ביז איך האָב זיך אויסגעקליבן, ערשט—און דאָ קומט דער קלימאַקס!

איינמאָל, אין אַ מאָנטיק בייטאָג, עפנט זיך די טיר פון מיין צימער און עס קומט אַריין אַ מאַן, הויך און געזונט, קוקט גאָרנישט אויס, ווי אַ ייד.

—איר זייט עס דער רעדאַקטאָר?—פרעגט ער מיך מיט אַ באַסאָ-וועער שטים.

—איך,—ענטפער איך,—וואָס דאַרפט איר? און ווער זייט איר?

—איך בין דער מאַן פון יאָנקערס... דער, וואָס האָט אייך געשיקט די שאָקאָלאַד, וויין און ציגאַרן... איר האָט דערהאַלטן?..

—דערהאַלטן,—זאָג איך,—אַ דאַנק! געווען גוטע שאָקאָלאַד און זייער גוטע ציגאַרן...

—זייער פיין,—מאַכט דער מאַן און זיין שטים ווערט נאָך גע-דיכטער,—און איך בין אויך דער, וואָס האָט אייך געשיקט לידער, סקיצן און אַ דראַמע. איר האָט דערהאַלטן?

—דערהאַלטן,—זאָג איך שוין אָן אַ דאַנק.

—אַ־יאָ, איר האָט דערהאַלטן,—ווערט דער ייד רויט,—איז פאַר־וואָס דרוקט איר זיי נישט?

—נישט אין איינקלאַנג... מיט דעם גייסט פון אונזער צייטונג,—הייב איך אָן שטאַמלען...

—און די שאָקאָלאַד איז יע געווען אין איינקלאַנג מיט אייער גייסט?—הייבט דער ייד אויף זיין שטימע.

ווער איך שוין בייז און זאָג:

—מיסטער, שרייבן מוז מען קענען! אייערע זאַכן טויגן נישט.

גיט דער מאַן אַ קלאַפּ אין טיש:

—און מיין ווייב האָט פאַר אייך געטויגט? און מיינע ציגאַרן האָבן אייך געשמעקט און מיין שאָקאָלאַד האָט אייך נישט פאַרשאַדט? און פאַרוואָס טויגן נישט מיינע לידער!!! וואָס קאָנען איך פאַרשאַטן מיינע סקיצן! איך פרעג אייך, זאָגט!

איך האָב זיך דערשראָקן. אַ קשיה, וואָס אַזאַ מאַן קאָן טאָן.

וויל איך אים עפעס זאָגן...

אָבער ער לאָזט זיך נישט און צעשרייט זיך נאָך העכער:

—מיסטער רעדאַקטאָר! איך וויל איינס פון די צוויי: אָדער איר זאָלט נאָך היינטיקע וואָך אָפּדרוקן מיינע סקיצן און אַ ליד, אָדער גיט מיר גלייך אָפּ די ציגאַרן, דעם ווייך און די שאָקאָלאַד צוריק. און איך וויל דיזעלבע!

איר הערט? דער ווייך מוז זיין דערזעלבער, ווי מיינער, צוואַנ־ציק־יאָריקער!

און ער האָט ווידער געגעבן אַ קלאַפּ אין שרייבטיש, אַז דער טינטער איז אויפגעשפרונגען.

הכלל, איך וויל אייך מאַכן די זאַך קורץ:

פון דאַן אָן איז דער מאַן געוואָרן אונזער שטענדיקער מיטאַר־בעטער.

# זעכציק פאַר „קאַפּיטאַל“.

דער באַקאַנטער סאָציאַליסטישער שרייבער פּעטביין זיצט בײַ זיין שרייבטיש. אין רעדאַקציע איז שטיל, און ער דאַרף היינט שרייבן אַן אַרטיקל לכבוד דעם זעכציקיאָריקן יובילײַ פון קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל“. אַזוי פאַרלאַנגט דער רעדאַקטאָר.

אים נויגט צו דרעמלען. ער האָט היינט געגעסן אַ צו פעטן מיטאָג, צי וואָס?

וואָס שרייבט מען?

„קאַפּיטאַל“—אַ גרויס בוך, אוודאי... אַ בוך, וואָס האָט געמאַכט אַ וועלט-איבערקערעניש, ווער ווייסט עס נישט—אָבער דאָס אַלץ איז שוין געזאָגט געוואָרן פון אים און פון אַנדערע פיל מאָל...

זאָל ער עס זאָגן נאָכאַמאָל? עס ווילט זיך אַזוי נישט...

אַ שווערע אַרבעט, דאָס שרייבן סאָציאַליסטישע אַרטיקלען היינטיקע צייטן... אַ האַרבע טעמע...

נישט גוט צו זיין אַ סאָציאַליסטישער „וועטעראַן“. זיינע קאָלעגן אין רעדאַקציע איז אַ סך בעסער: זיי קענען שרייבן אויף לעבעדיקע טעמעס!.. עס איז גרינג, אַ מחיה!

אָבער ער טאָר עס נישט שרייבן... ער מוז צושטעלן סאָציאַליזם. רעדן שטענדיק וועגן קלאַסנקאַמף...

און פּלוצלונג פאַלט אים איין:

—און צו וואָס פאַר אַ קלאַס באַלאַנגט ער, מר. פּעטביין, אַליין?

מאָדנע...

די וועלט האַלט אים פאַר אַ סאָציאַליסט, פון די עלטערע סאָציאַליסטן—און ער?..

אַ שמייכל האָט דורכגעצוקט זיין אויבערשטע ליפּ.

אָט נישט לאַנג איז ער געווען אויף אַ מיטינג פון לענדלאָרדס*). מען האָט אים גערופן וועגן דעם, וואָס די שטאָט וויל בויען ביליקע הייזער... דאָס איז נישט גוט פאַר די לענדלאָרדס... און מען דאַרף זען עפּעס טאָן... פּראָטעסטירן... נישט דערלאָזן...

ווי קומט ער אָבער אַהער?—ער האָט אויך עטלעכע הייזער... נישט גאָר פון די גרויסע, אָבער ער נעמט דירה-געלט... און פּינקטלעך אויך... ביי אים מוז מען צאָלן פּינקטלעך... אָט איצט האָט ער אפילו אַן עסק מיט אַ שכן, וואָס ער האַלט ביים אַרויסזעצן פאַר נישט צאָלן פּינקטלעך...

איז, הייסט עס, אַז זיין קלאַס איז דער לענדלאָרד-קלאַס?—חס וחלילה!.. ווי קומט אַ סאָציאַליסט צו אַזאַ קלאַס? אָבער ער האָט דאָך פאַרט הייזער און נעמט דאָך פאָרט דירה-געלט? און פּינקטלעך אויך... דערחויפּט פּינקטלעך!—איז עס נישט זיין שולד און אוודאי נישט די שולד פון סאָציאַליזם, נאָר די שולד פון אַמעריקע...

אַמעריקע איז אין אַלץ שולדיק... דאָ מוז מען שפּאָרן געלט... אַ פאַרפלוכטע מדינה! אַלע ווילן דאָ זיין רייך! און אַז מען האָט געלט, קען מען דאָך דאָס געלט נישט האַלטן גלאַט אַזוי, ווי אַ פּויער אין אַ קריגל. מען מוז זיי אין עפּעס אַריינלייגן „אינוועסטן", עס זאָל טראָגן—נו, האָט מען אים געראַטן צו „אינוועסטן" אין הייזער...

און דער סאָציאַליסטישער שרייבער מר. פּעטביין טראַכט:

דאָס איז נישט זיין שולד... קאַרל מאַרקס איז גערעכט... אומשטענדן... אומשטענדן איבער אַלעם...

און, חוצדעם, איז עס טאַקע אויך שלעכט צו זיין נישט באַזאָרגט אויף דער עלטער... וואָס זשע דען זיך פאַרלאָזן אויף דער פיינקייט פון דער פּאַרטיי? ניין, ער וויל נישט האָבן דעם סוף פון זיין חבר, געוועזענע אייכנבוים... געווען אַ באַרימטער סאָציאַליסט. און איצט שטאַרבט ער אויף דער עלטער פון הונגער און די פּאַרטיי האָט אים אין דער ערד...

---

*) הויז-אייגנטימער.

ניין, ער וועט זיך נישט ברענגען צו אזא לאגע... ער איז נישט אזא נאר!

מר. פעטביין דערמאנט זיך און שמייכלט:

נעכטן אויפן מיטינג פון די לענדלארדס האט ער געהאט אזא מין שפאס: עס קומט צו אים צו א רייכער לענדלארד, א געוועזע־נער סאלון־קיפער*) און פרעגט אים:

—איז עס אמת, מר. פעטביין, אז דער חילוק צווישן מיר און אייך איז, וואס איך קאלעקטורעגט**) א טאג נאכן ערשטן, און איר א טאג פארן ערשטן?

דער רייכער לענדלארד האט געלאכט און געקלאפט אים איבערן פלייצע:

—אל־רייט, יו א גוד סאשעליסט. בעליוו מי!

און ער אליין האט אויך מיטגעלאכט...

אבער צו וואס טויג דאס טראכטן? איצט מוז ער דאך שרייבן אן ארטיקל וועגן „קאפיטאל".

און וואס שרייבט מען? עס ווילט זיך אים נישט קוועטשען די אלטע מליצה!..

אוודאי, קארל מארקס איז א גרויסער לערער... אבער אמעריקע איז נאך א גרעסערער לערער,—טראכט ער.

„קאפיטאל",—יע... ער האט אפגעשפארט א קאפיטאל פאר זיך... ער איז נישט ארעם... אפשר רייך... א חוץ די עטלעכע הייזער, האט ער נאך א ביסל געלט אין ווערט־פאפירן אויך...

ווערט־פאפירן—„מערווערט"... קארל מארקס איז גערעכט: „מער־ווערט" איז א גרויסע לערע, און ער, מר. פעטביין, זוכט טאקע צו פארווענדן זיין קאפיטאל אין עסקים פון מערווערט...

כא! כא!... ער שמייכלט צו זיך אליין פון זיין איינפאל. וואס איז ער פאר א סאציאליסט?—אמאל איז ער עס יע געווען... אמאל האט ער געהונגערט... געשריבן פראקלאמאציעס... זיי אליין געטיילט, גע־כאפט קלעפ פון דער פאליציי... אפילו א פאר מאל געזעסן אויך... אמאל איז ער געווען א אידעאליסט און געגלויבט...

אבער היינט? ער וואוינט אין א רייכער געגנט... אים פעלט גאר־נישט... ער קומט בלויז ארונטער אויף דער ארעמער איסט סייד שרייבן

*) א שענקער.

*) איינמאנען.

סאָציאַליזם... ווייל דאָס באַצאָלט זיך... צו די הייזער און די ווערט-פּאַפּירן שאַדט נישט אַ שטענדיקער איינקונפט... ער קריגט גאַנץ פיין באַצאָלט פון זיין צייטונג... סאָציאַליזם איז אויך נישט קיין שלעכט געשעפט...

אַ קנייטש באַווייזט זיך אויף זיין נאָך גלאַטן שטערן... ער טאַפּט אָן מיט די פינגער דאָס גאָלדענע קייטעלע אויף זיין בויך און שפּילט זיך אַ ווײַלע... ער טראַכט:

מיטן בויך איז נישט גוט... ער וואַקסט... און עס פּאַסט גאָר-נישט פאַר אַ סאָציאַליסט... ער זוכט עצות—אָבער עס העלפט נישט... ער לעבט צו רויק און צו גוט און עס מוז וואַקסן!.. דאָס איז דער פּראָצענט אויפן קאַפּיטאַל,—שמייכלט ער צו זיך אַליין...

אָבער וואָס שרייבט מען פאַרט?

אַמאָל איז ביי אים געווען אַן אַרטיקעלע אויף אַ סאָציאַליסטישער טעמע—אַ שפּילכל... עס פלעגט אַרויסקומען פון זיך אַליין..

היינט—עס גייט נישט... עס נייגט רק צום שלאָפן... הפּנים, מען ווערט עלטער... די עלטער קומט, און צוזאַמען מיט דער זאַטקייט גיסט זי אָן בליי אין מוח... עס רירט זיך נישט...

ער שרייבט: „אַ גרויסער יום טוב פאַר די אַרבעטער״...

אַרבעטער?—אַ פּוסט וואָרט פאַר אים. אַמאָל האָט ער געפילט אַ טעם אין דעם וואָרט: אַרבעטער—עס האָט גערופן צום קאַמף, צו קרבנות... עס האָט זיך געפילט אַזאַ נאָענטקייט...

היינט?— גאָרנישט!.. אַז ער זעט דאָ גאָרנישט קיין אַרבע-טער!

וואוינען וואוינט ער צווישן רייכע און אין זיין אָפיס פון זיין סאָציאַליסטישער צייטונג באַגעגנט ער זיך אויך נאָר מיט מענטשן אַרויפגעאַרבעטע... אַלץ אַגענטן פאַר דער צייטונג און מען רעדט פון מאַכן צען טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, פּופצן... פון פעטע אַנאָנסן און מען רעדט פון אויטאָמאָבילס... הייזער... ריעל עסטייט און לאָטערייזעס...

וועגן סאָציאַליזם רעדט מען זייער ווינציק. און אויב מען רעדט, איז עס נאָר מיט קללות... מען שילט מיט טויטע קללות די חברים פון דער צווייטער פּאַרטיי... די קבצנים, די האָלעדריגעס...

און אַמאָל רעדט מען אויך פון „אַמאָל״.

מען ערינערט זיך, אַז אַמאָל האָט מען געשטורעמט, געפירט רעוואָלוציעס! יוגנטלעכע נאַרישקייטן!

אָבער וואָס שרייבט מען דאָך וועגן קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל?..״

אַ גרויסער מענטש געווען דער קאַרל מאַרקס, אַ גרויס ווערק דער „קאַפּיטאַל״... ער האָט אַמאָל, מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, עס געלייענט... געלערנט... אַ שווער בוך, זייער אַ שווער בוך... היינט וואָלט ער שוין דאָס נישט געקענט לייענען... היינט לייענט ער ראָמאַנען... ער האָט זייער ליב צו לייענען ראָמאַנען!..

אפשר גאָר שרייבן וועגן „קאַפּיטאַל״ פון אַ יידישן שטאַנדפּונקט? זיין רעדאַקטאָר האָט עס ליב... ער זאָגט: די לעזער האָבן עס ליב... אַ פאַרגלייך פון קאַפּיטאַל צו דער תורה... אַ דרשה, אָבער אָן אַ להבדיל... און קאַרל מאַרקסן קען מען פאַרגלייכן צו משה רבינו... אויך אָן אַ להבדיל... עס בעט זיך דווקא אַ להבדיל... אָבער פאַר אַ סאָציאַליסטישער צייטונג פּאַסט עס נישט..

און דער סאָציאַליסטישער שרייבער, מר פּעטביין, שרייבט:

„קאַרל מאַרקסן קען מען נאָר שטעלן אויף איין ברעט מיט משה רבינו״.

„משה רבינו האָט געגעבן די יידן אַ תורה, קאַרל מאַרקס האָט געגעבן אַ תורה צו די אַרבעטער״...

מר. פּעטביין שרייבט גיך... גיך... ער וויל עס שנעל אָפּפאַרטיקן... היינט דאַרף ער נאָך פאָרן אָנקוקן אַ שטיק ערד. אויך איז דאָ צו קויפן אַ מציאה—אַ גרויסן גאַראַדזש...

„זעכציק יאָר איז געוואָרן זינט קאַרל מאַרקס״— — — — — —

אַ גאַראַדזש איז אויך אַ גוטער אינוועסטמענט...

— — — — — — — — — — — — — — —

## דאָך געהאט פארגעניגן.

מאָנטיק.

ביי אָפענע טירן שטייען צוויי יונגע פרויען און שמועסן:

—וואָס זאָגט איר נישט, מרס. פיק, צו די היצן?

—וואָס זאָל איך זאָגן? איך האָב שוין קיין כוח נישט איבערצו־טראָגן.

—איר זייט נעכטן אויסגעפאָרן?

—מיט מיין מאַן קען מען אויספאָרן? ער וויל נישט!

—וואָס הייסט ער וויל נישט?

—ער זאָגט, אַז אין די היצן איז דאָס בעסטע צו זיצן אין הויז. אַ ווילדער מענטש!

—טאַקע אַ ווילדער!

—ער זאָגט, אַז זונטיק טויג נישט אויסצופאָרן... פאַרגעניגן קען מען נאָר האָבן, זאָגט ער, אינדערוואָכן!.. און ער רירט זיך נישט פון אָרט, און וויבאַלד ער זיצט, זיץ איך שוין אויך, ווייל ווי קען איך זיך רירן אָן אים?

—טאַקע אַ ווילדער מענטש!..

—און איר האָט נעכטן אוודאי גוט פאַרבראַכט?

—מיר? מיין מאַן האָט מיך נעכטן אַ גאַנצן טאָג אומגעשלעפּט. געהאַט געגוג!

—גוט פאַרבראַכט?

—פאַרבראַכט ? אוודאי ! די וואַגאָנעס זענען געווען געפּאַקט, אַ שרעק ! איך האָב דאָך שוין געזען געפּאַקטע וואַגאָנעס, אָבער אַזעלכע זע איך צום ערשטן מאָל.

—אַזוי ?

—און דעם גאַנצן וועג האָבן מיר נישט געהאַט, וואו צו זיצן, אפילו העננען איז נישט געווען אויף וואָס... האָב איך די גאַנצע צייט געדאַרפט האַלטן דאָס קינד אויף די הענט... טוען מיר נאָך איצט וויי די הענט... מיין מאַן איז אַ גאַנצער פריץ. טוט ער נאָר אָן אַ בייעם בגד, וויל ער שוין נישט נעמען דאָס קינד. ער זאָגט, ער וועט בעסער האַלטן צען פּעקלעך, איידער איין קינד. די מענער זענען גאַנצע חכמים היינט...

—יאָ, היינטיקע מענער טויגן אויפן פייער...

—און נאָכדעם איז געשען אַן אומגליק...

—וואָס ?

—יע, אונזער צוג איז שיער נישט אַריינגעפאָרן אין אַ צווייטן.

—אַי, אַי !

—און מיין מאַן האָט אויסגעלונקען אַ פּוס, אַזוי זאָגט ער... איך בין אויך שיער נישט אומגעפאַלן... נאָך אַ נס, וואָס דעם קינד האָט גאָרנישט פּאַסירט..." אַ שרעק, וואָס עס האָט זיך געטאָן ! און מיין ברכהלע איז אויך שיעור נישט צעטראָטן געוואָרן אין טומל... נאָך גוט אָפּגעשניטן. זי האָט בלויז פאַרלאָרן אַ שיכל... איר ווייסט דאָך, ערשט פרייטיק איר געקויפט...

—אַזוי ?

—היינט די קולות, מרס. פּיק, אַזוי ווי ביי אַ שריפה ! פרויען האָבן געחלשט. אַ נס, וואָס איך האָב נישט קיין טבע צו חלשן, ווען נישט, וואָלט איך אויך געחלשט... און מער וואָלט מיר נישט געפעלט !.. אָבער, ענדלעך, האָט זיך אַלץ איינגעשטילט. מיר זענען אָפּגעשטאַנען אפשר אַ שעה און זיך געבאַקט אויף דער זון—אַ שרעק ! פון מיר האָט געגאָסן טייכן שווייס ! און איר מיינט, דאָס איז אַלץ? דאַרף נאָך טרעפן אַ גניבה אויך... נישט ביי מיר... איך פיר נישט קיין צירונג צוב ים... נאָר ביי אַ פרוי האָט מען צוגענומען אין טומל אַ זיי-גערל...

—אַ שיינע מעשה !

—און נאָכדעם, ווי מיר זענען שוין, מיט גאָטס הילף, אָנגעקו-

מען אין קוני איילענד, האָט אונז ווידער עפּעס געטראָפן: אונזער ברכהלע איז אונז, ווי פון אונטערן האַנט, פאַרשוואונדן... זיין איין שיכל—און נישטאָ! קענט איר זיך פאָרשטעלן מיין שרעק? אַ קינד! ערשט צוגעהאַלטן ביים הענטל!.. און דאָ הינקט נאָך מיין שלים-מזל... קען זיך נישט רירן... איז ווער האָט געדאַרפט לויפן זוכן?—איך! און ווייסט איר, וואו זי איז געווען? נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך גוט אָנגעלאָפן און גוט אָנגעשראָקן, דערזעען מיר זי, ווי זי זיצט לעבן אַ צעבראָכענער מאַשין און קוקט צו, ווי מען פאַרריכט... אַ טייוול, נישט קיין קינד!..

—אָבער איר האָט דאָך פאָרט געהאַט פאַרגעניגן?

—אוודאי... נאָכדעם, ווי מיר האָבן קוים מיט צרות געפונען אַ פלאַץ אויפן זאַמד—ערשט קולות, וואָס איז? מען טראָגט אַ דערטרונקענעם! אַ שרעק! ווייבער חלשן... ווען איך האָב אַ טבע צו חלשן, וואָלט איך אויך געחלשט... און מער פעלט מיר נישט... איר האָט געדאַרפט אָנקוקן דעם דערטרונקענעם? אַ טייערער יונגערמאַן! שיין און יונג! ער האָט זיך געוואַשן מיט נאָך איינעם, ווער עס וועט שנעלער שווימען, און ער האָט געכאַפּט דעם אומגליק!

—אַ שרעק, וואָס דער ים נעמט עס צו פאַרן זומער!

—און ווען עס האָט זיך איינגעשטילט... אַ דאַנק גאָט, מען האָט אים שוין אָוועקגענומען, ערשט ווידער אַ טומל, וואָס איז? אַ מיידל האָט זיך אָנגעגעסן מיט זיסע זאַכן און געקראָגן קרעמפן...

—אָבער איר האָט דאָך פאָרט געהאַט פאַרגעניגן?

—אוודאי... געבאָדן האָבן מיר זיך נישט, ווייל אין אַ ווײלע אַרום איז געוואָרן אַ שטורעם מיט אַ רעגן... אַ שרעק! און עס האָט געבראָכן די היץ... אַ דאַנק דיר גאָט, און האָט מען גענומען לויפן זיך באַהאַלטן פון רעגן—איז ווידער געוואָרן אַ פּאַניק... מיין ברכהלע האָט מען געמוזט טראָגן אויף די הענט... ווייל זי האָט נאָר איין שיכל... און מיין שלים-מזל הינקט נאָך אַלץ... און אין איילעניש האָבן מיר פאַרגעסן אויפן זאַמד די מילך און פרוכט... און איר הערט אַן אומגליק? נאָכדעם איז געוואָרן קאַלט — אַ שרעק! און מיין שלים-מזל איז דאָך געפאָרן אפילו אָן אַ רעקל... אים איז דאָך אַלעמאָל הייסער, ווי אַלעמען! האָבן מיר גענומען לויפן אַהיים, האָט מען שיער מיך נישט צעטראָטן מיטן קינד... אַזאַ טומל! און מיין ברכהלע האָט זיך געטרייסלט פון קעלט און מיין שלים-מזל האָט שוין גענומען

הוסטן אוין... אַ דאַנק גאָט, זיך קוים מיט צרות דערשלעפּטאַהיים...
איז בין איך צעבראָכן—אַ שרעק! איך פּיל נישט קיין גאַנצן ביין און מיין ברכהלע איז פאַרקילט!.. און מיין שלים-מזל איז אַוועק מיט אַ הוסט צו דער אַרבעט.

—אָבער איר האָט דאָך פאָרט געהאַט הנאה! אַלץ בעסער, ווי מיין אומגליק, וואָס וויל זיך זונטיק נישט רירן פון פּלאַץ!.. ביי אים איז דער בעסטער פאַרגעניגן אַרומשפּאַצירן איבערן הויז, אַנטשולדיקט, אַ נאַקעטער... נו, וואָס זאָגט איר צו מיין אומגליק?

—טאַקע אַן אומגליק! וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן איז עס צו זיצן זונטיק אין הויז? ביי מיר וואָלט אַזאַ מאַן שוין נישט אויסגעפּירט!..

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

די שכנה, וואָס האָט דעם „אומגליק", וואָס רירט זיך נישט, האָט אַ קרעכץ געטאָן און ביידע טירן האָבן זיך גלייך פאַרמאַכט.

# צוליב פינף דאָלאַר.

—איר הערט ?—באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַ ייד אַ שניידער. — די היגע דאָקטוירים זענען נישט קיין מענטשן, נאָר מערדער, רוצחים, הויט-שינדער. זיי האָבן גאָר קיין מענטשלעכן געוויסן נישט, קיין יושר, קיין איינזעעניש.

איר הערט, ביי די היגע קאָנאָוואַלעס, די דאָקטוירים, איז רעכט צוליב פינף דאָלאַר אומגליקלעך צו מאַכן אַ מענטשן! פאַר פינף דאָלאַר האָבן זיי מיך ממש געהרגעט ?

וואָס איז געשען ? הערט נאָר. מיין ווייב איז נכשל געוואָרן, זיך פאַרטשעפּעט... איר ווייסט דאָך שוין, וואָס איך מיין... זעקס יאָר זיך געהיט און פּלוצלונג זיך פאַרטשעפּעט... דאָס הייסט, איר דאַרפט נישט מיינען, אַז איך באַשולדיק נאָר זי, — איך בין אויך אַ ביסעלע שולדיק... מען היט זיך און מען היט זיך, און צום סוף פאַלט מען אַריין... קיינער קען דאָך נישט זיין קיין חכם אין אַזעלכע זאַכן.

איז דאָך טאַקע נישט גוט... פּלוצלונג נאַ דיר גאָר אַזאַ אומגליק. שוין לאַנג קיין קינדערשע קולות נישט געהערט אין הויז. מיאַו, מיאַו! איז קלער איך: וואָס זשע טוט מען ? לאָזן זי האָבן אַ קינד ? צו וואָס, איך בעט אייך, קנאַפּ האָב איך פון די ערשטע ? איך האָב דריי קינדער און, כלעבן, עס איז גענוג ! איר ווייסט דאָך, וואָס עס מיינט קינדער אין אַמעריקע ! אָבער איין מעלה האָבן זיי: שוין און-

סערגעוואַקסן! זיך געבוג אָנגעליטן פון זיי, אָבער איצט זענען זיי פאָרט שוין גרעסערע. נישטאָ מער קיין עסקים מיט בייכעלעך און מעגעלעך, און ווי עס איז נישט גוט, קען מיין זיי פאָרט שוין איבערלאָזן אין הויז אַמאָל און גיין מיט דער ווייב ערגעץ צו־גאַסט.

און פלוצלונג אַזאַ אומגליק! אַ נייע חתונה: ווידער גיי האָב אַן עסק מיט בייכעלעך און מעגעלעך! איר הערט, דאָס האָט מיך געטראָפן ממש, ווי אַ דונער. האָב איך גענומען שרייען צו מיין ווייב, וואָס שווייגסטו, גזלנטע? טו עפּעס! קום, מיר וועלן גיין צו אַ דאָקטאָר. מען זאָגט, אַז דאָקטוירים האָבן עצות! איך וויל נישט מער קיין יאַטלעך אין הויז, קיין ממזרים, קיין שרייערס. איך וויל נישט!

און מיין ווייב, הערט איר, איז גראָד איינשטימיק מיט מיר. זי וויל אויך נישט קיין קינדער מער. און זי וויל נישט נאָכמער, ווי איך, ווייל האָבן דאַרף זי דאָך און נ י ש ט איך! זי זאָגט, אַז זי האָט זיך שוין אָפּגעוויינט פון דעמדאָזיקן עסק, און דערביי וויינט זי...

מיט איין וואָרט: מיר האָבן גענומען זוכן אַ דאָקטאָר. און איר פאַרשטייט דאָך, אַז עס איז נישט גרינג, ווייל אַזאַ זאַך מוז מען דאָך מאַכן אין דער שטיל. מען קען דאָך נישט אויסשרייען פאַר דער וועלט, אַז מען גייט מאַכן אַן אָפּעראַציע אויף נישט האָבן קיין קינד. איז אונז אָנגעקומען דער עסק גאַנץ שווערלעך. שו־שו און שו־שו... דער זאָגט, אַז יענער דאָקטאָר מאַכט עס, און דער זאָגט, אַז יענער... הכלל, ביז גאָט האָט געהאָלפן און מיר האָבן געקראָגן אַן אַדרעס. מען זאָגט: זייער אַ גוטער דאָקטאָר. בין איך אַ טאָג נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. וואָס קען מען זיך העלפן? און בין מיטן ווייב אַוועק צו יענעם דאָקטאָר. איז אונז דאָס פאָרן אַהין אָנגעקומען מיט יסורים, ווייל פאַרקליבן האָט ער זיך, דער הויט־שינדער, עפּעס אין עק וועלט. מן הסתם, זיך אומישנע פאַרקליבן אַזוי ווייט, כדי די וועלט זאָל נישט וויסן פון זיינע געשעפטן...

זענען מיר געפאָרן און געפאָרן, עפּעס אין עק ברוקלין, ביז מיר זענען, ענדלעך, געקומען. ערשט ווען מיר קומען אַריין צום דאָקטאָר, ערשט עס איז, קיין עין־הרע, אַן אמתער יריד... ייִדן און ייִדענעס, קיין עין־הרע נישט, ווי אין אַ שול... ייִדן ווילן, הפנים, מער נישט קינדלעך... האָבן מיר זיך נעזעצט וואַרטן ווי אויף הייסע קוילן, ווייל עס איז עפּעס פריקרע די גאַנצע זאַך... אוןביים דאָקטאָר, הערט איר, איז געווען שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם. קיינער האָט נישט גע-

רעדט. און טאָמער האָט עמעצער שוין יע עפּעס געזאָגט, איז אויפן אויער: שו-שו און שו-שו... יידן שעמען זיך, קלער איך.

האָבן מיר געוואַרט אַ גוטע דריי שעה, ביז, ענדלעך, רופט אונז דער הויט-שינדער אַריין. און איך זאָג אייך, דער מענטש איז מיר גלייך נישט געפעלן געוואָרן: ערשטנס, זיין פּנים. עפּעס אַ פּנים פון אַ קצב, גאָרנישט קיין פּנים פון אַ דאָקטאָר. און צווייטנס: זיין פאַרטוך... אָנגעטאָן עפּעס אין אַ ווייסן פאַרטוך. פע! איך האָב דעם דאָקטאָר גלייך פיינט געקראָגן און תיכף געוואָלט אַוועקגיין. א י ם וועל איך עס אָנטרויען מיין פרוי, ער זאָל זי שניידן?! וואָס בין איך עפּעס אַ גזלן, צי וואָס? אַזאַ מאַן וואָלט איך אפילו נישט אָנגעטרויט די קאַץ און נישט נאָר מיין ווייב. און אַז איך גיב אַ קוק אויף מיין ווייב, זע איך, אַז אויך זי האָט חרטה אויף דעם גאַנצן עסק.. שוין בעסער, טראַכט איך, נאָך אַ קימפּעט מיט בייכלעך און מעגעלעך, איידער מיט אַזאַ קצב!

אָבער איר ווייסט דאָך, חרטה האָבן איז נישט גרינג, עס טוט זיך נישט, ווי עס ווילט זיך. אַזוי ווי מיר זענען דאָך שוין דאָ, טאָ לאָמיר הערן „מה יקר״? וויפל דער הויט-שינדער וויל עס פאַר דעם עסק? עס איז אינטערעסאַנט צו הערן, וויפל ער וועט זינגען... הכלל, קורץ, מיר זענען געבליבן און דער קצב האָט אונז גענומען אויף אַ „דאָפּראָס״. געפרעגט האָט ער זייער קורץ: וויפל קינדער האָבן מיר? און וואָס איז מיין אַרבעט? און דערנאָך איז ער צוגעטראָטן צו דעם פּרייז.

—וויפל זייט איר גרייט זיך צו לאָזן קאָסטן?

וויפל?! גיי ענטפער זים אויף אַזאַ נאַרישער פראַגע. רוף איך זיך אָן: מיר וואָלטן געוואָלט, וואָס ווינציקער, מיסטער דאָקטאָר. שיער האָט זיך ביי מיר נישט אַרויסגעכאַפּט: מיסטער קצב.

מאַכט ער גאַנץ געשעפטמעסיק: איר פאַרשטייט, מיסטער, איך פרעג אייך אָנטקעגן דעם, ווייל ביי מיר זענען דאָ צוויי פּרייזן, אַ טייערער פּרייז און אַ ביליקערער. דער טייערער איז פאַר רייכערע און דער ביליקער איז פאַר קבצנים.

האָט עס מיך שוין פאַרדראָסן: וואָס מאַכסטו מיך פאַר אַ קבצן, וואָס? אמת, איך בין אַ ייד אַן אַרבעטער, אָבער קיין קבצן בין איך נישט. רוף איך זיך אָן: אָל-רייט, גיט אונז ביידע פּרייזן. לאָמיר הערן.

מאַכט ער: דער טייערער פּרייז איז צוויי הונדערט דאָלאַר. דאָס הייסט פאַר די, וואָס בלייבן ליגן דאָ ביי מיר נאָך דער אָפּעראַציע אַ וואָך צייט... און דער ביליקערער איז הונדערט און פינף דאָלאַר, פאַר די, וואָס נעמען דאָס ווייב אַהיים גלייך נאָך דער אָפּעראַציע.

זאָג איך צו זיך: איך וויל נעמען דאָס ווייב גלייך אַהיים. וואָס זשע דען, איך וועל זי נאָך איבערלאָזן ביי אַזאַ קצב אין די הענט? אָבער פאַרוואָס עפּעס הונדערט מיט פינף? מילא, הונדערט, פאַרשטיי איך, אָבער צו וואָס די פינף? דאָס איז אַ רויבעריי.

און איך גיב אַ שיס אַרויס: ניין, עס איז צו טייער!

ווייל איר פאַרשטייט? עס האָט מיר געגעבן אַ ברען און איך האָב גלייך איינגעזען, אַז ער איז אַ שאַרלאַטאַן, ווייל אַן ערלעכער דאָקטאָר האָט אַ גלייכן פּרייז: הונדערט דאָלאַר, אָבער נישט הונדערט מיט פינף!

ווערט דער דאָקטאָר אין כּעס און שרייט אויס: ביי מיר דינגט מען זיך נישט, מיסטער! איר קענט גיין!

ווער איך אויך אין כּעס און הייב זיך אויף און זאָג צום ווייב: קום!

און מיר זענען אַוועק.

אַרויסגייענדיק דערקלער איך מיין ווייב, פאַרוואָס איך וויל נישט, און זי שטימט מיט מיר איין.

—איך האָב,—זאָגט זי,—אויך אַזוי געדענקט. דער דאָקטאָר געפעלט מיר נישט!

און וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען? מיר זענען מער צו דאָקטוירים נישט געגאַנגען, און מיין ווייב האָט מיר געהאַט אַ ייִנגל,— אַ טייער קינד, זאָג איך אייך! אַ גאָלדן קינד! און ביי מיר אין הויז איז ווידער פריילעך... מיאַו! מיאַו! בייכעלעך און מעגעלעך! עס איז שווער אין אַמעריקע צו האָדעווען קינדער, זייער שווער. אָבער ווער איז שולדיק?—אַלץ די הויט-שינדערס, די היגע דאָקטוירים! איר הערט אַ חוצפּה: הונדערט מיט פינף דאָלאַר וויל ער! נישט ווינציקער! איר פאַרשטייט, ווען ער בעט דאַן הונדערט דאָלאַר, קען זיין, אַז איך וואָלט געגעבן. אָבער די פינף דאָלאַר האָבן מיר אַ ברען געטאָן... און אָט אַזוי, צוליב פינף דאָלאַר, מוטשען מיר זיך ווידער...

# ער טרייבט נישט איבער.

—איר ווילט הערן, — דערציילט מיר מיינער אַ באַקאַנטער, אַ פּרעסע-אַגענט,—ועל איך אייך דערציילן אַ מעשה, וואָס האָט מיר געטראָפן: איך, ווי איר ווייסט, בין אַ פּרעסע-אַגענט. מיין עובדה איז צו שרייבן „לויב-געזאַנגען” וועגן קינסטלער, זינגער, אַקטיאָרן, פּידל-שפּילער און אַנדערע. אַ יאדנע מלאכה: איך, למשל, לאָזט מיך אייך מעלדן, ווייס זייער ווייניק וועגן מוזיק. פרעגט מיך, וואָס איז דער חילוק צווישן אַ פלייט און אַ טראָמבאָן, און פון אַ באַריטאָן ביז אַ סאָפּראַן — ווייס איך נישט. נאָר גאָרנישט, עס איז פּרנסה — שרייבט מען! דהאָבנדיק צו טאָן מיט דידאָזיקע ענינים, האָט זיך ביי מיר שוין אויסגעאַרבעט אַ געוויסע פלינקייט און איך מאַך מיין אַרבעט זייער גוט. מען האַלט פון מיר. מען לויבט מיך... און איך וויל אייך טאַקע דערציילן וועגן אַ געוויסן שבח, וואָס איך האָב אַמולט געקראָגן פון אַ זינגער, וועלכער האָט מיר געקאָסט אַ סך געזונט. די מעשה האָט אַזוי פּאַסירט: מיין באַלעבאָס האָט מיר איבערגעגעבן צו מאַכן פּרעסע-אַרבעט פאַר אַ איינעם אַ זינגער. זיינעם אַ פּערזענלעכן פריינט און מיך געבעטן, אַז אַזוי ווי ער איז אַן אייגענער מענטש, דאַרף מען זען מאַכן פאַר אים די בעסטע אַרבעט... איך האָב דעם זינגער נישט געקענט—געהערט אפילו אויך נישט, אָבער וואָס איז די נפקא מינה? אַ פּרעסע-אַגענט איז נישט מחויב צו קענען זיינע „קרבנות” און בפרט, אַז אַ באַלעבאָס בעט, אַז איך זאָל אים שענקען מער אויפמערקזאַם-

קייט, ווי אַנדערע—טו איך עס. אַ שבח מער שאַדט קיינמאָל נישט.

זעץ איך זיך און שרייב אָן אַ נאָטיץ וועגן דעם יונגן זינגער און פאַרגלייך אים מיט אַלע נאַכטיגאַלן פון מזרח און מערב. ווערט דער נאָטיץ געדרוקט. שרייב איך אַ צווייטן און פאַרגלייך אים מיט בעטהאָווען. וואָס יענער איז אַלס קאָמפּאָזיטאָר—איז דער אַלס זינגער—אויך גוט. אינעם דריטן נאָטיץ פאַרגלייך איך אים שוין מיט קאַרוזאָן. אינעם פערטן מיט טיטאַ רופאָן. אינעם פינפטן מיט קרייזלערן. אינעם זעקסטן מיט באַטיסטיני, אינעם זיבעטן מיט פאַגאַניני, אינעם אַכטן מיט ריכאַרד וואַגנער און אַזוי כסדר. ביז דעם קאָנצערט איז נאָך געבליבן גאַנצע אַכט טעג און איך האָב זיך שרעקלעך געמוטשעט, וואו קריגט מען פאַרגלייכונגען וועגן אים? און מיין באַלעבאָס וויל, אַז איך זאָל מאַכן פאַר דעם זינגער יעדן טאָג אַ גייעם נאָטיץ...

ער איז זיינער אַ פּערזענלעכער פריינט, זאָגט ער. מילא, פאַרשטייט איר דאָך מיין לאַגע. אַ ביטערע לאַגע! איך ברעך דעם קאָפּ, ווער דערפינדעריש, ווי נאָך קיינמאָל אין מיין קאַריערע אַלס פּרעסעאַגענט. האַק און בראָק ליגנס נאָך ליגנס. דערצייל וועגן מיין זינגער גוזמאות אויף גוזמאות, וואָס נאָר די פאַנטאַזיע פון אַ פּרעסע-אַגענט קען אויסטראַכטן. די ליגנס ברענען מיך, טוען מיר וויי, צי וואָס? אַז איך קען אים גאָרנישט. קיינמאָל נישט געהערט. אפשר איז ער גאָר אַ פּורצע?.. נאָר איר ווייסט דאָך, ביי אונזער מלאכה טאָר מען זיך נישט פאַרטראַכטן... מען מוז אַרבעטן מיט האַסט... און צוריק שמועסנדיק, וואָס אַרט עס מיך, אַז איך לויב אים? אַז איך טייל אים שבחים?.. ליגנס? אַ פּרעסע-אַגענט זאָגט נישט קיין ליגנס—דאָס איז אַזאַ אַרבעט און נישט מער...

און וואָס זאָל איך אייך זאָגן, איך האָב געבראָכן דעם קאָפּ, אָבער געמאַכט אַ גוט שטיקל אַרבעט. די לעצטע טעג פון קאָנצערט בין איך אַריין אין עקסטאַז, מיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט. מיר האָט געגעאָלטן און איך האָב אים פאַרגליכן—מיט וועמען נישט? וואו ערגעץ נאָר אַ טאַלאַנט אויפן געביט פון זינגען און שפּילן, און אפילו אַנדערע קונסטן, האָב איך אים אויסגענוצט און עס צוגעפּאַסט צו מיין „פּאַציענט"... מילא, זאָל מיינס איבערגיין.

איך האָב געהאַלטן פאַר זיך אַ קאַטאַלאָג פון דער וויקטאָר-קאָמפּאַניע, און געקוקט אויף די נעמען פון אַלע קאָמפּאָזיטאָרס און וועלט-באַרימטע זינגער—און געשריבן. און דעם לעצטן טאָג איז אויסגעקומען

אזוי, אַז מײַן יונגער זינגער איז גרעסער און גענימלער פון אַלע זינ־
גער, וואָס די וועלט האָט ווען געהאַט און אַפּילו פון די, וואָס זי וועט
האָבן...

מײַן באַלעבאָס איז זייער צופרידן געווען פון מײַן אַרבעט.

—גוט!—האָט ער מיר געפּאַטשט איבערן פּלייצע.—איר יכולט! אָט
וואָס הייסט געאַרבעט פאַר אַן אייגענעם מענטשן! אָט דאָס הייסט גוטע
פּרעסע־אַרבעט!

איך האָב זיך געריוועלט. מיר האָט געשטאָכן אין אַ זייט פון זיי־
נע קאָמפּלימענטן — אָבער איך בין געווען צופרידן, וואָס, ענדלעך,
בין איך פּטור פון דעמדאָזיקן זינגער, אויף וועלכן איך האָב געמוזט
ליגן מער אויפמערקזאַמקייט, ווי אויף אַנדערע, ווייל ער איז מײַן
באַלעבאָס אַ פּערזענלעכער פרײַנט...

אַ טאָג פאַרן קאָנצערט קומט אַרײַן מײַן באַלעבאָס מיט אַ יונגג־
מאַן און שטעלט אים פאָר פאַר מיר:

—דאָס איז מר. וואָראָנע, דער זינגער. ער וויל זיך זייער מיט
אײַך באַקאָנען.

—עס פרייט מיך זייער,—זאָג איך און דערלאַנג אים די האַנט.

און דער יונגערמאַן נעמט מײַן האַנט און הייבט זי אָן שטאַרק
דריקן.

—איך וועל אײַך זאָגן,—זאָגט ער,—מר. שרײַבמאַן, איך האָב דאָך
אויף מײַן לעבן שוין געהאַט וואָס צו טאָן מיט פּרעסע־אַגענטן, אָבער
זיי אַלע זענען קעגן אײַך גאָרנישטן... אײַער הויפּט־מעלה איז — —

—וואָס?—האָב איך געוואָלט וויסן.

—אײַער הויפּט־מעלה איז, — האָט דער יונגער זינגער גערעדט
מיט האַרץ, — וואָס ווען איר שרײַבט וועגן עמעצן, ט ר ײַ ב ט א י ר
ק ײ נ מ אָ ל נ י ש ט א י ב ע ר... — — — — — — — —

איך בין צוויי טעג נאָכדעם געלעגן אין בעט.

# די קיך.

ע ר (שפּאַנט אַרום צעטראָגן איבערן צימער, קנייטשט דעם שטערן און קרימט זיך): נישטאָ קיין טעמע! דער טײוול ווייס זיי, די טעמעס, וואו זענען זיי אַהינגעקומען? אַ שרעק, דער קאָפּ שפּאַלט זיך אַזש. וואָס שרייבט מען פאַר מאָרגן?

ז י (זיצט מיט די פּיס אויף דער סאָפע, פאַרזאָרגט): און איך הייב נישט אָן צו חיסן, וואָס מען קאָכט מאָרגן?!

ע ר (נערוועז): לאָז אָפּ מיט דיין קאָכן! אַלעמאָל מישטו זיך אַריין, ווען מען דאַרף נישט! ווער מען גייט עס אָן דיין קאָכן?!

ז י (איראָניש־ברוגזלעך): און וואָס איז מיט דיין שרייבן? ווער מען גייט עס אָן, אַז דו האָסט נישט קיין טעמע?

ע ר (כמעט אין כעס): מיר טריקנט דער קאָפּ... איך מוז האָבן אַ טעמע און זי מאַכט זיך שפּאַסלעך!

ז י (קוקט אים אָן מיט אַ שמייכל): נאָר דיר טריקנט דער קאָפּ? און וואָס איז מיט מיר? מיר טריקנט אויך גענוג דער קאָפּ: וואָס קאָכט מען מאָרגן? אט זאָג מיר טאַקע, וואָס זאָל איך מאָרגן קאָכן?

ע ר (אין כעס): לאָז אָפּ! קאָך, וואָס דו ווילסט! אַלעמאָל פּאַלט זי מיר אַריין מיט אירע קיך־עסקים!

ז י (קאַלט): קאָך, וואָס דו ווילסט!... דאָס זאָגסטו נאָר אַזוי... אָבער ווי איז אײַנדערמאָטן?... נאָכדעם, ווי איך דערלאַנג דיר דעם „קאָך, וואָס דו ווילסט", — קרימסטו זיך!...

ער (האַסטיק): אַז איך בעט דיך, לאָז מיך אָפּ!.. איך בעט דיך... קאָך, וואָס דו ווילסט... איך וועל דיר נישט זאָגן קיין וואָרט... און פונמיינעטוועגן קענסטו אפילו גאָרנישט קאָכן... גוואַלד, וואו נעמט מען אַ טעמע! אפשר האָסטו אַ טעמע! (ווענדט זיך צו איר מיט בעטנ־דיקע הענט).

זי (שמייכלט קאָקעטיש): אָט אַזוי, אַז דו ווענדסט זיך צו מיר, איז שוין עפּעס אַנדערש... נאַרעלע, וואָס דאַרפסטו אַזוי לאַנג טראַכטן? עס איז ביי דיר דען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דיר פעלט אַ טעמאַ? שרייב אויף אַן אַלטער טעמע...

ער (אַ סך ווייכער): דו ביזט ביי מיר געוואָרן אַ גאַנצע חכמה... שרייב אויף אַן אַלטער טעמע! וואָס מיינסטו זיך, עס איז ווי מיט דיין קאָכן? האָסט נישט וואָס, קאָכסטו ווידער דעמזעלבן זופּ מיט פלייש און בעבלעך?!..

זי (אַ באַליידיקטע): דעמזעלבן זופּ! אַזוי זאָגסטו? דאַכט זיך, אַ גאַנצע וואָך, אַז איך האַלט אין איין בייטן די געריכטן... וואָס, למשל, האָסטו געגעסן נעכטן?

ער (ווידער נערוועז): אָבער לאָז מיך, ווער געדענקט עס?

זי: אָט דאָס איז דאָך, וואָס איך טענה, אַז דו ווייסט נישט, וואָס דו עסט... (אין כּעס) פאַר דיר לוינט זיך גאָרנישט ברעכן דעם קאָפּ און אויסטראַכטן געריכטן! דו ווייסט אַלצאיינס נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט דו געפינסט זיך!

ער (שפּאַנט אום): אוודאי ווייס איך נישט... ווען אַ מענטש דאַרף אַלע טאָג זוכן אַ טעמע, איז נישט גוט...

זי (כיטרע): און אַז איך דאַרף יעדן טאָג קאָכן?

ער: זי איז שוין ווידער דאָ מיטן קאָכן? וואָס פאַר אַ פאַר־גלייך איז עס? דיר קאָכן איז גרינג. דו נעמסט פאַרטיקע זאַכן... גייסט אין קראָם און קויפסט פּראָדוקטן און מאַכסט געריכטן, אָבער וואו זאָל איך נעמען?... וואו?

זי (באַכדענקענדיק): נישקשה, דו נעמסט אויך פאַרטיקע... פון לעבן... דאָס לעבן איז דאָך אַ נישקשהדיק קרעמל...

ער (ברוגז): דו ווילסט זאָגן, אַז איך נעם פון פאַרטיקן?

זי: יאָ דו, נעמסט... און איך נעם... אַלע נעמען (ווייכער) פאַרשטייט זיך, אַז איך וויל נישט זאָגן, אַז דו גיסט נישט צו פון דיין אייגענעם... קיין געריכט ווערט נישט בלויז פון שטאָף אַליין...

אָבער איך, מיין טייערע, גיב אויך צו מיין אייגנס... מיין געשמאַק...

ער (שטעכיק): ביי דיר דרייט זיך אַלץ אַרום קיך... ווייטער פון קיך גייסטו נישט...

זי (שאַרף): מיין קיך און דיין קיך זענען דאָסזעלבע!.. עס איז איין קיך... די קיך פון לעבן...

ער (אויפבליצנדיק): אָבער מיט איין קליינעם אונטערשיד.. ווען דו קאָכסט אָפּ און עס געלינגט דיר נישט... דו ברענסט צו, אָדער עפּעס אַנדערש, זאָגט דיר קיינער גאָרנישט, אָבער מיר רעדט מען אויס... מען שמעקט און מען קרימט זיך... דער רעדאַקטאָר און די לעזער...

זי (לאַכט): און אַז דו קרימסט זיך ביים עסן, ביזטו אויך אַ רעדאַקטאָר... און אַז די קינדער שמעקט נישט דאָס עסן, צי זענען זיי נישט דיזעלבע לעזער?...

ער (געררייצט): נו, הער שוין אויף... עס איז נישט דאָסזעלבע! מוח-אַרבעט איז נישט קיין קיך-אַרבעט!...

זי: עס איז דיזעלבע קיך... דיזעלבע... דערזעלבער אויוון דאָ און דאָרט... א פייער ברענט... מען צינדט אונטער דעם מוח, ווי אַן אויוון און מען שרייבט...

ער (ברוגז): דו פאַרשוועכסט מיין שאַפן!

זי: און אַז דו פאַרשוועכסט מיין שאַפן!

ער: דו צעטומלסט מיך... לאָז מיך אָפּ!.. איך מוז האָבן אַ טעמע פאַר מאָרגן, וואו נעמט מען אַ טעמע?

זי (קרימט אים איבער): איך מוז מאָרגן קאָכן, וואָס זאָל איך קאָכן?

ער (פאַרשטאָפּט זיך די אויערן און שפּאַנט אַרום איבערן צימער אַ ברוגזער).

זי (ווייך): ווייסט גאָר וואָס, לאָמיר ביידע אָפּלאָזן אויף אַ ווײַלע די קיך... דו קום בעסער און לייג זיך צו אָט דאָ, ווי אַמאָל... מיר ביידע זענען נאָך געווען זאָרגלאָז פאַרליבט... נישט געוואוסט פון קיך... איך האָב נישט געדענקט פון וואָס קאָכן מאָרגן, און דו פון וואָס שרייבן מאָרגן... לאָמיר זיך פאַרגעסן...

ער (פאַרטרוימט): לאָמיר זיך פאַרגעסן! אָט דאָס איז די טעמע!

## היינט נײַ מאָך געשעפט!

— איר הערט, — דערציילט מיר מײַנער אַ באַקאַנטער לעבנס-פֿאַר-זיכערונגס-אַגענט, — אַז מען זאָגט מיט ייִדן איז גוט צו עסן קוגל פֿון איין טעלער, אָבער האַנדלען זאָל מען מיט אַ גוי — איז דאָס אמת...

איך ווייס עס פֿון דערפֿאַרונג. אָט נעמט טאַקע מײַנע ביזנעס, אינשורענס*), איז עס אויך מיט אַ גוי בעסער, ווי מיט אַ ייִדן.

דאָס ערשטע, קומסטו אַרײַן צו אַ גוי, דאַרפֿסטו זיך נישט היטן מיט רייד. דאַרפֿסט נישט ציטערן. טאָמער, חס וחלילה, האָט זיך בײַ דיר עפּעס אַרויסגעכאַפּט אַן איבעריק וואָרט... ווײַל איר פֿאַרשטייט? בײַ אונזער ביזנעס מוז מען האָבן פֿרייהייט פֿון לשון, די צונג דאַרף קע-נען זײַן פֿרײַ.

איך ווייס נישט, צי איר ווייסט, נאָר בײַ אונזער ביזנעס שפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע דער מלאך המות.

אָן אים, הערט איר, וואָלט געווען ביטער... אָן דעם טויט וואָלט געווען שווער צו מאַכן אַ לעבן...

נאָר דער טויט גיט אונז פּרנסה... מענטשן שרעקן זיך פֿאַרן טויט און מיר, אַגענטן, ניצן עס אויס...

מיר, אַגענטן, זענען זיך אַזוי נוהג: פֿריער רעדן מיר גלאַט אַזוי, פֿון שפּאָרן געלט, פֿון באַזאָרגן זיך אויף די עלטערע יאָרן, אָבער נאָכדעם, ווי מיר זעען, אַז עס העלפֿט נישט, גיבן מיר אַ שטעל אַרויס דעם טויט.

*) לעבנס-פֿאַרזיכערונג.

און דער טויט ווירקט, אין מערסטע פאַלן טוט ער אויף וואונ־דער. פאַרן טויט האָט מען דרך ארץ...

אָבער דאָס איז אַלץ גערעדט מיט גוים, אַז מען האָט צו טאָן מיט גוים...

מיט אַ גוי גייט עס צו לייכט. מיט אַ גוי דאַרפט איר זיך נישט צערמאָניען: טויט איז טויט. איר טרעפט צו גלייך צום פסוק און איר זאָגט גלייך, וואָס איר דענקט.

למשל, יאיר ווילט, אַז ער, דער גוי, זאָל זיך אַליין פאַרזיכערן, דאַן זאָגט איר צו אים גלייך: שטעלט זיך פאָר, מיסטער, ווען איר נעמט מאָרגן און מאַכט דעם שטאַרב, איז מיט וואָס בלייבט דאָס ווייב?

אָדער ווען איר ווילט אים איינרעדן, אַז ער זאָל פאַרזיכערן דאָס ווייב, מאַכט איר אויך קורץ און שנעל: וואָס טוסטו, זאָגט איר צו אים, אַז דיין ווייב שטאַרבט דיר פלוצלונג היינט אַוועק? עס קאָן דאָך היינט פּאַסירן?

און דאָסזעלבע אויך וועגן אַ קינד... דו זאָגסט אַלץ גלייך, אָן קונצן.

און איר הערט? דער גוי באַליידיקט זיך גאָרנישט. ווערט נישט אין כעס, ער נעמט עס אָן פאַר נאַטירלעך... אַ מענטש מוז דאָך שטאַרבן, אָן אינשורענס, מיט אינשורענס, ער מוז! עס איז דאָך סוף כל אדם...

אָבער אַנדערש איז מיט אונזערן אַ יידן: אים טאָרסטו דאָס וואָרט טויט נישט דערמאָנען, דירעקט רעדן פון טויט קיינמאָל נישט, ווייל דאַן ביזטו זיכער צו פאַרלירן אַ קונד... אָבער ווי אַזוי קאָן אַן אַגענט מאַכן ביזנעס אָן טויט? גיט מען זיך אַן עצה! מען גייט אַרום און אַרום... מען כיטרעוועט, מען רעדט מיט מליצה. מען זאָגט, חס ושלום... חס וחלילה... זאָל די שעה נישט זיין... אין הונדערט און צוואַנציק יאָר אַרום... ווען עס פּאַסירט... און אַזוי כסדר... און אַ ייד פאַרשטייט שוין וועמען מען מיינט...

הכלל, מען דאַרף רעדן וועגן טויט און דאָך נישט רעדן, מען דאַרף אים האָבן אין זינען, אָבער גאָט זאָל אייך באַהיטן אַרויסברענגען עס אויף די ליפּן... און איך פרעג אייך, וואָס פאַר אַ טעם האָט עס? און מען מוטשעט זיך גוט אָן ביז מען גיט אַ יידן צו פאַרשטיין, אַז ער קאָן שטאַרבן...

אָבער אַ ייד צו אַ יידן איז נישט גלייך. עס זענען דאָ יידן, װאָס מיט גיין אַרום און אַרום קענט איר ביי זיי אויך גאָרנישט פועלן... האָט הערט אַ מעשה: אַנומלט האָט איינער, מיינער אַ פריינט, מיר רעקאָמענדירט אַ קונד. קום איך אַריין צום יידן. אויפן אויסקוק אַ געווײנלעכער ייד, כאָטש אַ גאַנץ הויכער. גיי ווייס, אַז ער איז אַזאַ רשע און אַ פאַרשטאָפטער קאָפּ דערצו... הייב איך מיט אים אָן רעדן ביזנעס... שפּאַרן... עס גייט נישט... זע איך, אַז אָן טויט וועל איך דאָ גאָרנישט מאַכן, רוף איך זיך אָן אַזוי, נישט דירעקט, נאָר מיט מליצה:

—איר פאַרשטייט, מיסטער, פאַרזיכערן זיך איז נייטיק, ווייל טאָמער, חס וחלילה...

לאָזט מיך אָבער דער ייד ווייטער נישט רעדן און האַקט מיר גלייך אָפּ און מיט כעס:

—וואָס מיינט איר מיט דעם חס וחלילה?..

זאָג איך צו אים: חס וחלילה, איך מיין גאָרנישט... נאָר איר פאַרשטייט, מיין פריינט (איך רוף אים שוין פריינט), איך מיין, אַז אַ מענטש איז היינט דאָ און...

—און וואָס?—ווערט דער ייד אָנגעצונדן,—וואָס פאַרענדיקט איר נישט? וואָס מיינט איר מיט דעם?

קלער איך: מען דאַרף זיך גאָר נעמען צו פּסוקים.

זאָג איך, אַ מענטש איז נאָך אַלעמען עפר ואפר, אדם כציץ השדה... ווי אַ גראָז—מאַך איך. צעשרייט זיך אויף מיר דער ייד:

—מיסטער, איר רעדט בעסער ביזנעס! וואָס גראָז, ווער גראָז? איך וועל אייך באַלד צעקוועטשען די באָז!..

און איך דערפיל, אַז דער ייד קאָן האַלטן וואָרט.

קלער איך, וואָס טוט מען?

זאָג איך צו אים:

—איר פאַרשטייט, מיסטער, איך מיין נאָך הונדערט און צוואַנציק...

—איך הונדערט און צוואַנציק?—האַקט מיר דער ייד ווידער אָפּ מיט כעס.—איר ווייסט מיט וועמען איר רעדט? איך בין אַ ייד, וואָס דענקט צו לעבן מער ווי הונדערט און צוואַנציק! איך בין נישט גערעכט אין אייך... איר ווייסט וויפל איך וועג? הונדערט און אַכציק פונט וועג איך...

—מיין ליבער פריינט,—מאַך איך,—איך מיין גאָרנישט... פון מיי-

בעטוועגן קאָנט איר אײַך לעבן ביז צוויי הונדערט יאָר. אָבער אַ מענטש, מעג ער זיך זײַן װי געזונט, קאָן קײנמאָל נישט װיסן, װאָס הינטער זײַנע פּלײצעס טוט זיך... אַן אויטאָמאָביל... אַ פײַער... אַ װאַ־סער... אַ דונער... און גלאַט אַזוי, זאָג איך, אָט גײט אַ מענטש און אָט איז פּיף־פּאַף — ער גיט אַ פאַל...

איך האָב נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער אז דער ייד גיט עס אַ טופּע אויף מיר און אַ געשריי:

— העי, מיסטער, איר װעט אויפהערן צו שילטן, צי נישט? און ער נעמט און פּאַרמאַרט מיר גלײַך אין אויג... און נאָכדעם ערשט כאַפּט ער מיך אָן און װאַרפט מיך אַרויס...

הײַנט זאָגט אַלײן, קען מען מאַכן ביזנעס מיט יידן!

# דער עושר.

אַנומלט האָב איך דערזען מײַנעם אַ פרײַנט, װעלכן איך האָב שוין זײער לאַנג נישט געזען, שטײענדיק לעבן אַ באַװאוסטן גמילות-חסד.

—האַלאָ! װאָס טוט איר דאָ?

ער האָט זיך פאַרשעמט און האָט, רויט װערנדיק, עפּעס אַרויס-געשטאַמלט.

—שעמט זיך נישט! איר גײט אװדאי לײַען אַ פּאָר דאָלאַר? נאָר אײן זאַך װאונדערט מיך: װי מען זאָגט, מאַכט איר דאָך די לעצ-טע צײַט געלד?

ער האָט אַ שמײכל געטאָן און, װי אָנבעמענדיק זיך מיט מוט, האָט ער אַרויסגעזאָגט:

—אָט דאָ, אין מײַן געלד-מאַכערײַ, ליגט טאַקע דער גאַנצער אומגליק.

—װי אַזוי?—האָב איך אים געפּאַמפּעט.

—אויף מײַן װאָרט. איך שעם זיך אײַך צו דערצײלן,—האָט ער געזאָגט,—איר װעט לאַכן.

—אַזוי לאַכענדיק איז דאָס?—האָב איך געפרעגט.

—זײער קאָמיש!

—אויב אַזוי, בין איך שוין אָנגעצױגן, װי אַ סטרונע.

—איר האָט צײַט?—האָט ער מיך געפרעגט.

—אָ, יע!—האָב איך אים געענטפערט.

מיין פריינט האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און, שפּאַצירנדיק אַזוי איבער דער ברייטער צווייטער עוועניו, האָט ער מיר דערציילט פאָלגנדע געשיכטע:

ווי איר ווייסט, בין איך אַ היבש שטיקל צייט, זאפשר מער ווי אַ יאָר, אַרומגעגאַנגען ליידיק.

אין אונזערע קרייזן איז דאָס קיין נייס נישט. ביי אונז זענען דאָ מענטשן, וואָס גייען שוין אַרום ליידיק דריי, פיר, פינף און אפילו זעקס יאָר.

אויף דערויף זענען מיר דאָך אינטעליגענטן.

אַרומגעגאַנגען—איז אַרומגעגאַנגען! מען קען נישט זאָגן, אַז איך האָב בעלעבט גוט, אָפט האָב איך צוגעהונגערט, אָפט נישט געהאַט קיין דירה.

נאָר אַזוי ווי חברים זענען דאָ... שמועסן קען מען, די קאַווע-הייזער זענען אָפן גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט—האָט מען זיך ווי עס איז דורכגעשלעפּט.

ויהי היום, אַט דאָ מיט אַ האַלב יאָר צוריק, נעם איך און קריג אַ שטעלע. ביי וואָס—איז נישט וויכטיק, אַ שטעלע!

אָבער קיין גרויס געלט נעם איך נישט. אייך וועל איך פאַר-טרויען דעם אמת: איך קריג עלף דאָלאַר אַ וואָך.

געקראָגן אַ שטעלע, איז געוואָרן ליהודים, נישט אַזוי מיר, ווי מיינע חברים.

דאָס גאַנצע קאַווע־הויז האָט אַ וואָך צייט גערעדט פון מיינע פאַרדינסטן. אַלע האָבן מיך באַגריסט, און אַלע זענען געוואָרן מיינע פריינט.

—וויפל בעמסטו?—האָבן מיך אַלע געפרעגט מיט איין מאָל.

נו, זיי זשע נישט קיין בהמה און זאָג דעם אמת: עלף דאָלאַרן.

אין אונזערע מקומות, ווי איר ווייסט, איז דאָס אויך נישט קיין קליינע מטבע.

איז מען דאָך אָבער אַן אינטעליגענט און עס ווילט זיך אַ באַ-רים טאָן, פּלאַץ איך אַרויס: פינף און צוואַנציק דאָלאַר!

—פינף און צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך!—האָבן אַלע אויף מיר אויסגעגלאָצט די אויגן.—אויב אַזוי, ביזטו דאָך שוין באַלד רייכער, חי פאַרד!

איך האָב גלייך דערפילט, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות. נאָר צוריקכאַפּן איז מיר נישט אָנגעשטאַנען.

בקיצור, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ציען די עצמות, טאַקע פון דאַן אָן הייבן זיך אָן מיינע צרות.

תיכּף ווי די חברה האָבן זיך דערוואוסט, אַז איך בין דער עושר אין דער משפּחה, האָבן זיי גענומען ביי מיר לייען גמילות-חסדים.

אייניקע האָבן ביי מיר געליען ניקעלס, אייניקע צען-סענטיקע, מענטשן מיט פעסטערע כאַראַקטערן—פופציק-סענטיקע און גאָר הויכע אינטעליגענטן—צו גאַנצע דאָלאַרן, און אפילו צו דריי דאָלאַרן!

און עס האָט פּאַסירט אַזוי: ווי איך פלעג נאָר אָפּנעמען מיי-נע שכירות, פלעגט חברה מיך אַרומרינגלען און איך פלעג בלייבן אָן אַ סענט.

אייניקע פלעגן טאָג די אַרבעט אין קאָוועהויז, אַנדערע פלעגן אויך קומען צו מיר אויף דער דירה און אַזוי האָלט עס אָן ביז היינ-טיקן טאָג.

נישט געבן—דאָס קען איך נישט. ערשטנס: ווייל אַלע ווייסן דאָך, אַז איך בין אַ בחור... צווייטנס, ווייל עס איז אַ רחמנות; דריטנס, ווייל מען קען זיך דאָך נישט אָפּטשעפּען, און, פערטנס, ווייל איך קען נישט העלפן, איך בין אַ בעל-גאווה.

בקיצור, וואָס זאָל איך לאַנג טרייבערן די גערעדעם, איך בין באַנקראָט! ווייל איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז אויסער גמילות-חסדים זע-נען דאָ אויף דער וועלט נאָך הוצאות: נדבות,ביישטייערונגען, בילע-טן צו קאָנצערטן און טעאַטערס און נאָך אַמאָל נדבות, אויסער איי-גענע הוצאות פון דירה, עסן און קליידונג.

בקיצור, איך וועל אייך מאַכן קורץ: איך האָב זיך אַזוי לאַנג געמוטשעט, ביז איך בין געפאַלן אויף אַ פּלאַן: איך האָב געבעטן צוויי לאַנדסלייט, ביזנעסלייט, און זיי האָבן פאַר מיר גוט געזאָגט אין גמילות-חסד אויף הונדערט דאָלאַר, אויף אויסצוצאָלן פינף דאָלאַר אַ וואָך. און אַזוי לעב איך...

—און אַוואו נעמט איר די פינף דאָלאַר צו צאָלן יעדע וואָך?—האָב איך אים געפרעגט.

—וואָס הייסט, וואו?—האָט ער מיר געענטפערט מיט ברייטקייט.—איך ליי.

—איר לייט אויך?

—אוודאי ליי איך! ווי דען־זשע אַנדערש זאָל איך צאָלן די פינף דאָלאַר, ווען לויט דער וועלט פאַרדין איך פינף און צוואַנציק און אין אמתן פאַרדין איך עלף!! און דאָס איז טאַקע די גאַנצע אַר-בעט,—האָט ער מיר צוגעגעבן,—ביי טאָג אַרבעט איך און ביינאַכט מוז איך אַרומלויפן זוכן לייען עטלעכע דאָלאַר אויף צו דעקן דאָס אַנטליִענע געלט...

ער האָט אַ קרעכץ געטאָן, איך אויך. און מיר האָבן זיך צע-שיידט...

# מיר מיינען...

מערסטע מענטשן נארן זיך, גלויבן, אז אנדערע פארברענגען גוט די צייט. די אנדערע גלויבן אויף נאך אנדערע, און אזוי וואקסט די קייט פון נארעריי...

באמת האבן זייער ווינציק מענטשן אט דאס, וואס מען רופט „פלעזשור"*), און תמיד נישט די, וועלכע מיר מיינען מיט זיכערקייט, אז זיי האבן עס...

איך האב א באקאנטן מר. לעמליך, א יונגערמאן, נישט קיין ארעמאן, א פארהייראטער און מיט אן אייגענער מאשין.

און אט דער לעמליך איז מיין אומגליק. וואס איז? ער דינט שטענדיק פאר מיין ווייב אלס באווייז, אז איך ווייס נישט, ווי צו געבן א ווייב „פלעזשור"...

—מר. לעמליך,—זאגט מיין ווייב,—אט דאס איז א מאן!! ער טרייבט אליין א מאשין! און קומט זונטיק, נעמט ער ווייב און קינדער און פירט זיי אויס,—און זיי ווייסן פון א לעבן!...

—מר. לעמליך,—מוסרט מיך מיין ווייב,—איז דער ריכטיקער מאן. ער זיצט נישט, ווי דו, אין הויז. ער קען טרייבן א מאשין, נישט ווי דו, וועלכער ציטערט אריבערגיין א גאס!

האב איך איינמאל באשלאסן צו מאכן א סוף צו דער לעגענ-

*) פארגעניגן.

דע—לעמליך! האָב איך איינמאָל, אין אַ זונטיק, דער ווייב אָנגעגעבן אַ תירוץ, אַז איך מוז צוליב געשעפט-אַנגעלעגנהייטן ערגעץ אַוועק פון הויז און בין אַוועקגעפאָרן גלייך צו מר. לעמליך.

געוויינלעך האָט זיך לעמליך מיט מיר זייער דערפרייט און מיך איינגעלאַדן מיט אים אויסצופאָרן. איך האָב די איינלאַדונג אָנגענומען.

געקומען די צייט פון פאָרן. לעמליכס ווייב איז שוין געשטאַנען אָן אָנגעטאָנענע, און די קינדער אויך. און לעמליך אַליין האָט זיך געפּאָרעט ביי דער מאַשין...

ערשט עס קומען אָן געסט: אַ יונגערמאַן מיט צוויי דאַמען.

—מיר זענען געקומען, מר. לעמליך, איר זאָלט אונז אויסנעמען!—האָט דער יונגערמאַן אָנגעזאָגט אַ בשורה.—דאָס איז מיין כּלה, מיס פלאָרענס, און דאָס איז איר קוזינקע מיס. בעדריק.

אויף מר. לעמליכס פּנים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ וואָלקן. אויף מרס. לעמליכס פּנים צוויי וואָלקנס—נאָר זיי האָבן פריינטלעך געזאָגט:

—מיר וועלן שוין זען מאַכן פּלאַץ!

זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן די פראַזע, ווי עס איז פון ערגעץ אַרויסגעקומען אַ גראָבע יידענע, פון יענע ווייבער, וועלכע דאַרפן אַליין האָבן פאַר זיך אַ פינפזיציקן אויטאָמאָביל... די יידענע איז געווען מרס. לעמליכס אַ טאַנטע. און זי האָט אויסגערופן:

—דו פאָרסט שוין, לעמליך? אָבער מיינער איז נאָך נישט פאַרטיק! דו וועסט מוזן וואַרטן אַ פערטל שעה!..

ווער איז דער „מיינער"? איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס מוז זיין דער יידענעס מאַן, דער אָנקל, הייסט עס.

——אוודאי וועלן מיר וואַרטן!—האָט מיט אַ זויער פּנים געענטפערט מר. לעמליך.

איך האָב גענומען חשבונען: ווי אַזוי מר. לעמליך וועט זיך דאָ איינאָרדענען אין דער מאַשין. די מאַשין האָט אמתע פינף פּלעצער, אָל-רייט, קען מען מאַכן נאָך צוויי. איז אויף דעם האָבן מיר שוין: מר. לעמליך און פרוי, דריי קינדער, איז עס פינף, אָל-רייט. וועט מען דעם צעניעריקן אייבין האַלטן אויף די הענט — איז פיר. דער חתן מיט דער כּלה און די קוזינע איז שוין זיבן. איך בין אַכט, די פעטע טאַנטע איז ניין, היינט דער פעטער איז דאָך שוין, אַ קימאַ לן, פון צען!

אָבער דערהויפּט האָט מיר צעשטערט מיין רויקייט די טאַנטע.

נאָך מיין חשבון מוז זי אַליין האָבן אַ מאַשין פאַר זיך!..

הכלל, איך בין געבליבן וואַרטן.

אין אַ האַלבע שעה אַרום איז אַראָפּגעקומען דער אָנקל.

—האַלאָ, אָנקל!—האָבן לעמליכס קינדער זיך מיט אים דערפרייט.

הפּנים, ער איז אַ גוטער אָנקל.

און אַ גוטער מוז ער זיין, ווייל ער איז שרעקלעך פעט — און אַלע פעטע מענטשן זענען גוטע...

ווי מיר האָט זיך געדאַכט, איז ער נאָך געווען אַ קאַפּיטשקע ברייטער פון דער טאַנטע.

און דערצו איז ער נאָך נישט געקומען אַליין, נאָר מיט זיינעם אַ לאַנדסמאַן, זייער אַ דהויכן און מאָגערן יונגמאַן, מיט אַ קורץ בערדל.

—ראַבאַ כאַצקלזאָן, — האָט דער אָנקל אים פאָרגעשטעלט פאַר אַלעמען.

הייסט עס, מיר האָבן שוין נאָך אַ פּאַסאַזשיר, אַ עלפטן!

מען האָט זיך גענומען אויסזעצן, און איצט האָב איך געזען לעמליכס „גבורות.”

פריער האָט ער אַרייַנגעזעצט דעם אָנקל מיט דער טאַנטע. אויף זיי האָט ער צעזעצט אַלע דריי קינדער. די כּלה האָט ער געזעצט אויפן חתן. און די קוזינע אויף דער כּלה. מיך האָט ער אַריינגעדריקט צו דער קוזינע. דאָס ווייב האָט ער אָפּגעזעצט ביי מיר. געבליבן איז דער ראַבי. איז אים האָט ער אונטערגערוקט אַ דהאַלבן אונטערן ראָד, און אַ האַלבער איז געבליבן הענגען אינדערלופטן.

—אָט זעט איר, מיר זיצן שוין!—האָט לעמליך אויסגערופן זייער העלדיש.

איך בין געזעסן און האָב געפילט, אַז די לעמליכע איז אַ ביסעלע צו תאָגיק פאַר צוויי קני—אָבער איך האָב געשוויגן.

די מאַשין דהאָט זיך אַ ריר געטאָן מיט אַ קרעכץ... די מאַשין האָט, הפּנים, זיך געּנוג אָנגעליטן פון לעמליכס נסיעות...

מיר זענען אָפּגעפאָרן אַ האַלבן מייל, האָט זיך לעמליך דערמאָנט, אַז די מאַשין האָט נישט קיין גאַזאָלין. האָט ער פאַרקירעוועט אויף צוריק. צוקומענדיק צו אַ גאַזאָלין-סטאַציע, האָט ער אונז אַלעמען געהייסן אַרויס, ווייל צו וואָס װעלן מיר זיצן און באַקן זיך אונטער דער זון?

מיר זענען אַרויס. די זון האָט געברענט שוידערלעך... דער מאַן, וואָס ד'האָט געדאַרפט אָנפּאָטפּען גאַזאָלין, איז נישט געווען. מיר האָבן גענומען וואַרטן... אין אַ האַלב שעה אַרום איז ער געקומען. נאָכן אָנפּאָמפּען ד'האָט לעמלעך אַ קאָמאַנדעווע געטאָן זיך אויסזעצן! האָבן מיר זיך ווידער אויסגעזעצט, ווי פריער, מיט אַ קליינעם שינוי: די קוזינע האָט דער אָנקל צוגענומען און איך האָב געקראָגן מיין זיץ אויף דער כלה. אויך נישט קיין מאָגערע מויד. און אויף מיר איז געזעסן מאַדאַם לעמליך און אויף איר דער עלטערער זון, אויך נישט קיין צופּהלע...

די מאַשין האָט זיך ווידער אַ ריר געטאָן מיט אַ קרעכץ... אָפּגעלאָפן אַ פערטל מייל,... קראַך!—לעמליך איז אַריינגעפאָרן אין אַ צווייטער מאַשין.

מיר זענען אַלע פון דעם קראַך אויפגעטרייסלט געוואָרן. עס האָט זיך דערהערט אַ קוויטש, אַ געשריי... און העכער פון אַלעמען האָט געשריגן אַ פּאָליסמאַן און דער מאַן פון דער צווייטער מאַשין...

עס איז געוואָרן אַ טומל... מיר זענען דערווייל אַלע אַרויס פון מאַשין, קיין אומגליק האָט נישט פּאַסירט. בלויז די טאַנטע האָט אויסגעלונקען אַ האַנט... און די כלה האָט געקראָגן אַ שראַם אויפן באַק, און איך האָב אין טומל בלויז צעקוועטשט מיין הוט...

עס האָט גענומען אַ גוטע שעה פון דינגעניש... לעמליך ד'האָט געאַרבעט מעשים: באַוויזן זיין אומשולד, אָבער דער צווייטער מאַן האָט אויך געאַרבעט מעשים... ביז דער פּאָליסמאַן האָט געפּסקנט, אים אַ צענערל און יענעם מאַן אַ פינף און צוואַנציקער... לעמליך ד'האָט באַצאָלט. און מיר האָבן זיך ווידער גענומען אויסזעצן אין מאַשין... מיט אַ קליינער ענדערונג: איצט איז שוין דער ראַבאַי געזעסן אויף דער טאַנטע און איך בין שוין האַלב געזעסן און האַלב אַרויסגעהאָנגען. מיר האָבן גענומען פאָרן... לעמליכס ווייב האָט געשאָלטן איר שלים-מזל... לעמליך האָט איר צוריק געשאָלטן... דער אָנקל האָט געשריען, זאָל זיין גענוג! און פּלוצלונג, אַהאַ, לעמליך איז אַרויפגעפאָרן אויף אַ טעלעגראַף-סלופּ.

אין איין מינוט זענען מיר שוין אַלע געלעגן, ווער אונטער דער מאַשין, ווער לעבן מאַשין, ווער גאַנץ ווייט פון מאַשין... און לעמליך האָט ווידער געשריען און אַ פּאָליסמאַן האָט צוריקגעשריען און געשריבן.

מער געדענק איך שוין נישט. ווייל ווען איך האָב געעפנט די

אויבן בין איך געווען אין האָספּיטאַל, און אַנטקעגן מיר איז געלעגן לעבעדיק, א שטאַרק פאַרוואונדעטער.

— — — — — — — — — — — — — —

פון דאַן אָן איז מיר קלאָר געוואָרן, וואָס מיינט: דער צווייטער פאַרפאַרענבט גוט די צייט,

# וואָס א ייד קען ווערן.

— איר ווייסט, — רופט זיך אָן צו מיר אַ ייד, אַ אָרעמאַן, — וואָס איך וואָלט געוואָלט זיין?

— געוויס אַ גביר? — שמייכל איך.

— ניין, — מאַכט ער, — דאָס וויל דאָך יעדער איינער. איך האָב נאָך אַ בעסערע זאַך, ווי אַ גביר.

— וואָס קען זיין בעסער?

— בעסער? עס איז דאָ בעסערס! איך וואָלט געוואָלט זיין אַ צדקה-אַנשטאַלט!

שמייכל איך ווידער:

— וואָס מיינט עס?

— דאָס מיינט, — דערקלערט מיר דער ייד, — אַ סך, זייער אַ סך... עס וואָלט געווען זייער גוט, ווען מען וואָלט עס געקענט.

— וואָס איז די גוטסקייט? — פרעג איך.

— איך וועל אייך דערקלערן, — מאַכט דער ייד גאַנץ געלאַסן, — אָט נעמט, למשל, מיך. בין איך אַ ייד אַן אָרעמאַן, פּלאָג זיך, שלאָג זיך קוים דורך — אַ שווער לעבן!.. איז ווערן רייך מיט די אייגענע כוחות קען איך דאָך נישט, נישטאָ קיין האָפענונג... איז וואָס זשע דען? עמעצער אַ קרוב, אַ שווארץ יאָר, אַ טייוול, זאָל שטאַרבן און מיר אָפּשרייבן אין זיין צוואה הונדערט טויזנט דאָלאַר? — איז אָבער די מעשה, אַז איך האָב נישט אַזעלכע קרובים! ביי מיר איז אַ

משפחה פון הוילע קבצנים. טאַקע הויל ממש און קבצן ממש... און ווער וועט מיר אָפּשרייבן? אָבער זעט איר, מיט אַ צדקה-אַנשטאַלט איז עפּעס אַנדערש: זי דאַרף קיין קרובים נישט!.. אַ צדקה-אַנשטאַלט איז היינט אַן אָרעמאַן, אָן אַ סענט, און אויף מאָרגן, אַהאַ, קריגט זי אַ ידיעה: געשטאָרבן אַן אַלטער בחור, אַ קאַרגער, אַ שלעפּער, ערגעץ אויף אַ בוידעם-שטיבל געשטאָרבן, און איבערגעלאָזט פאַר דער אַנשטאַלט אַזויפיל און אַזויפיל!.. און אומגעריכט ווערט די אַנשטאַלט אויפגעריכט... האָט איר אַמאָל אַ טראַכט געטאָן: ווי גוט עס איז! ווי גוט עס איז צו זיין אַ צדקה-אַנשטאַלט, הלוואי בין איך עס!..

שמייכל איך:

—אויב אַזוי, האָט איר רעכט. איך וואָלט עס אויך געוואָלט...

דער ייד דערוואַרעמט זיך פון מיין צושטימונג און ער רעדט ווייטער שוין מער אינטים.

—און איר ווייסט, מיין פריינט, עס איז נישט דאָס געלט: געלט קומט—געלט גייט, געלט איז נישט קיין אייביקע זאַך... די גוטסקייט פון צו זיין אַ צדקה-אַנשטאַלט ליגט אין דער אומגעריכטקייט און פּלוצלונגדיקייט: דו וואַרטס שוין גאָרנישט. דו האָסט שוין גאָר פאַרגעסן, אַז דיר איז שלעכט, און דאָ פּלוצלונג, קריגסטו אַן אוצר... איר פאַרשטייט? עס איז גוט צו פילן, אַז עמעצער, וואָס קען דיך נישט און ווייס דיך נישט, זיצט ערגעץ און דענקט וועגן דיר און באַזאָרגט דיך...

מענטשן, ווי מיר, זענען דאָך אַלע דיזעלבע עלנטע, אומגליקלעכע, קיין שטראַל, קיין האָפענונג. ,אַלעמאָל דערזעלבער יאָך, עס איז ביטער... אָבער ערגער, אַ סך ערגער, איז דאָס וויסן, אַז עס איז נישטאָ קיין האָפענונג: איינמאָל געבאָרן אַ קבצן, מוזטו שוין שטאַרבן אַ קבצן... און עס איז נישט גוט צו לעבן אַזוי... אָבער ווען מען איז אַן אַנשטאַלט, איז מען אַלעמאָל באַוואָפנט מיט האָפענונג: היינט טאַקע שלעכט, אָבער מאָרגן קען ווערן גוט.

איך פרעג אייך, פאַרוואָס קען אַ מענטש נישט זיין כאָטש בבחינת צדקה-אַנשטאַלט? פאַרוואָס זאָלן זיך נישט געפינען אַלטע בחורים, אָדער מיידן, וועלכע זאָלן אויסגעפינען מיין אַדרעס, צי אַן אַנדער קבצנס אַדרעס, און אונז אָפּשרייבן כאָטש צו פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר? איז נישט קיין מיליאָן, איז כאָטש פינף און צוואַנציק טויזנט... איר ווייסט, וואָס דאָס מיינט צו באַגליקן אַ מענטשן?

אמאָל מיינט עס מער, ווי צו באַגליקן אַ גאַנצע צדקה־אַנשטאַלט!

איר פאַרשטייט? איך בין אַ פרעמדער מענטש צו יענעם, אינ־גאַנצן פרעמד, נישט איך קען אים, נישט ער קען מיך, און דאָך באַ־גליקט ער מיך!

איך שווער אייך, אַז ווען איך בין אַן אַלטער בחור, אַ גביר, און דאַרף ערגעץ שטאַרבן אויף אַ בוידעם־שטיבל, און מוז איבערלאָזן מיליאָנען פאַר פרעמדע, טו איך אַזוי: אַ וואָך, אָדער צוויי פאַר מיין טויט, צי נאָך פריער, גיי איך זיך דורך איבער די אָרעמע קוואַרטאַלן, באַזוך די אָרעמע הייזער, זוך אויס אַדרעסן פון די אָרעמסטע פון די אָרעמע, פאַרשרייב זיך די נעמען און שרייב אַריין אין מיין צוואה: מעקס קבצנמאַן—פופציק טויזנט דאָלאַר, הערש דלות—פינף און זיבעציק טויזנט א. אַז. וו.

איר ווייסט, עס מוז דאָך זיין אין דעם אַ גוואַלדיקער פאַר־גענוגן, צו קענען איבערראַשן אַ ווילד פרעמדן מענטשן! איר פאַרשטייט? פלוצלונג קריגט זיך מעקס קבצנזאָן, אָדער הערש דלות אַן אָנזאָג, אַז איך, ירחמיאל בן יענקל, האָב אים אָפּגעשריבן אַזויפיל און אַזויפיל!..

און מעקס קבצנזאָן, אָדער הערש דלות עפנט אויף אַ פּאָר גרויסע אויגן, וואונדערט זיך, איז שרעקלעך איבעררעשט: ווער קען עס זיין דער ירחמיאל בן יענקל, האַ? ער האָט, דוכט זיך, נישט אַזאַ קרוב. קיינמאָל נישט געהערט... אָבער דאָ ליגט דער קונץ: קיינמאָל נישט געהערט פון אַזאַ קרוב, און פלוצלונג ווער איך שוין אַ קרוב!.. דאָס געלט פאַרייניקט אונז... און קבצנזאָן און דלות גייען צו מיין לוויה און באַוויינען מיך, דעם ווילד פרעמדן... שיקן בלומען אויף מיין קבר און אפשר זאָגן זיי אפילו אויך קדיש נאָך מיר!!

עך,—מאַכט דער ייד,—עס איז אַזוי גוט, הערט איר, צו נעמען אַ ווילד פרעמדן מענטשן און מאַכן אים פלוצלונג, ער זאָל זאָגן קדיש נאָך דיר!

עס איז אַ שיינע פאַנטאַזיע, זאָגט איר, איך ווייס עס. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז איך וואָלט אַזוי געטאָן, ווען איך בין אַ מיליאָנער און האָב נישט וועמען איבערצולאָזן מיין געלט. אָבער יע טאָן, נישט טאָן, די הויפּטזאַך, וואָס איך פרעג אייך:

פאַרוואָס זאָל אַ מענטש נישט קענען זיין אַ צדקה־אַנשטאַלט?

# ער איז אים נישט קיין שונא.

צעשמועסט זיך מיט מיר געמיטלעך אַ יונגער שרייבער, אַ גאַנץ געזונטער יונגערמאַן:

—הערט איר, איך ווייס נישט, ווי אַנדערע, נאָר איך זאָג אייך, איך בין דעם קריטיקער זעליגמאַן קיין שונא נישט. ער האָט אַרונטער-געריסן מיין בוך, און מיאוס אַרונטערגעריסן, אָן אַ פאַרוואָס... אָבער נאָך אַלעמען מעג דאָך אַ מענטש האָבן אַן אייגענע מיינונג! — נו, האַלט ער נישט פון מיר!.. נאָר פונדעסטוועגן, הערט איר, ווען איך הער, אַז זעליגמאַן האָט געבראָכן האַלז און נאַקן, וואָלט עס מיר גאָר-נישט געאַרט...

—איר פאַרשטייט, איך בין אים נישט קיין שונא, ווייל איך פאַרשטיי אויך, אַז אַ קריטיקער מעג זיך האָבן זיין אייגענע מיינונג. נו, בין איך פאַר אים נישט קיין טאַלאַנט! איך מוז עס פאַר אַלעמען זיין אַ טאַלאַנט?! און דאָך, הערט איר, ווען איך גיי, למשל, אין גאַס, און פלוצלונג זע איך, ווי זעליגמאַן גייט אויך, און פון הינ-טער אים קומט אָן אַ מאַשין, און ער איז אין אַ זיכערער סכנה — וואָלט איך, הערט איר, אים נישט געוואָרנט... און אַפילו, ווען איך זע, אַז מען האָט אים איבערגעפאָרן און ער בלייבט ליגן אויף דער ערד— וואָלט עס מיר אויך נישט געאַרט... מילא...

—איר פאַרשטייט, איך בין דעם מענטשן נישט קיין שונא. אָבער קיין רחמנות אויף אים האָב איך נישט... ווייל האָט ער דען רחמנות

געהאַט אויף מיר, ווען ער האָט מיך אַזוי נידערטרעכטיק אַרונטערגע-ריסן ?!.. איר פאַרשטייט ? איך גיב אַרויס אַ בוך. איר ווייסט דאָך, עס קומט נישט אָן גרינג. מען פייניקט זיך געגוג אָן ביז מען דערזעט אַ בוך ביי אונז... און דאָ קומט אַ מאַן (משטיינס געזאָגט, אויך אַ מאַן!) און גרינג, אָן אַ האַרצווייטיק, זאָגט ער זיך אָפּ: „אַן עבירה דאָס פּאַפּיר...״ איר פאַרשטייט? ווען דער מענטש נעמט און שרייבט אָן אַ קריטיק און ווייזט פעלערן: דאָ נישט אויסגעהאַלטן, דאָ איבעריק, דאָ שוואַך, דאָ אַ פעלער — פאַרשטיי איך... דאָס וואָלט געמיינט: דער מענטש קריטיקירט, ווי אַ קריטיקער... אָבער גלאַט אַזוי אָפּזאָגן דאָס לעבן, דאָס איז אַ רציחה!..

—ווי געזאָגט, איך בין אים נישט קיין שונא... מילא, האַלט ער נישט פון מיר! אָבער מער נישט, ווען איך שפּאַציר זיך, למשל, אויפן ברוק און ער אויך... און פּלוצלונג, באַמערק איך, ווי זעליגמאַן מאַכט אַ באַוועגונג אַריינצוּוואַרפן זיך אין וואַסער, איז, גלייבט מיר, איך וואָלט אים נישט אָפּגעהאַלטן... איך ווייס, אַז אַ קריטיקער איז אויך אַ מענטש, אָבער איך וואָלט אים נישט אָפּגעהאַלטן... ווילסט זיך טרינקען—טרינק זיך געזונטערהייט! ווייל אַנדערש וואָלט, ווער דאַרף האָבן די קריטיקער בכלל און נאָך אַזאַ, ווי זעליגמאַן, בפרט?

און איר הערט, ווען ער וואַרפט זיך אַריין אין וואַסער, דאָס איז שוין אַ פאַקט הייסט עס, וואָלט איך אויך נישט געשפּרונגען נאָך אים... כאָטש איך בין אַ גוטער שווימער. אַ מענטש וויל זיך טרינקען—איז מיטן גרעסטן כבוד...

—איר פאַרשטייט, איך בין אים נישט קיין שונא, נאָר נישט מער, ווען איך גיי פאַרביי זיין הויז אינמיטן נאַכט און איך זע, אַז דאָס הויז ברענט—קלינג איך נישט אָן צו די פייערלייט, לויף איך אים נישט וועקן,—זאָל ער ברענען! אפשר זיין ווייב און קינדער וואָלט איך גע-ראַטעוועט, ווייל וואָס זענען זיי שולדיק, אַז אַזאַ פּאַסקודניאַק איז זייער מאַן און טאַטע—אָבער אים נישט!.. אַז עס האָט זיך שוין גע-מאַכט אַזאַ גוטע געלעגנהייט און ער קען ברענען—דאַרף מען אים לאָזן...

—איר פאַרשטייט, איך בין אים נישט קיין שונא. איך ווייס, אַז אַ קריטיקער מעג האָבן אַן אייגענע מיינונג און נישט האַלטן פון אַ שרייבער, אָבער פאַרגעבן קאָן איך אים אַלצאיינס נישט... איך ווייס אויך, אַז עס איז נישט שיין צו ווינטשן שלעכטס אַ קריטיקער — און

איך ווינטש אים טאַקע נישט, זאָל ער זיך לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר אָן אַ קאָפּ, אָן פּיס און הענט... און, איר הערט, ווען איך באַגעגן דעם מענטשן אויג אויף אויג ערגעץ אין אַ שטיל ווינקל, איך און ער און מער קיינער נישט,—בין איך פאַר זיך נישט פאַראַנטוואָרטלעך... איך ווייס נישט, צי איך וואָלט אים דערהרגעט אויף טויט—אָבער קיין גאַנצער אויף אַלע אברים וואָלט ער אויך נישט אַרויס...

—איר פאַרשטייט, איך בין דעם מענטשן נישט קיין שונא... איך ווייס, אַז קריטיק איז אַ פּרנסה אַזאַ, אַ פּרנסה, אָט ווי, למשל, קצבות. יענער מעג דהאַקן ביינער, זעגן זייטלעך, טרענען אָדערן, מעג דער אויך, אָבער נישט מער. ווען איך דערוויס זיך, אַז אַ דונער, אָדער אַ בליץ האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אים, דעם פּאַסקודניאַק, און אים דער־הרגעט,—וואָלט איך געמאַכט אַ ברכה... און עס וואָלט מיר הנאה געטאָן: נו, ווינציקער מיט אַ קצב אויף דער וועלט !..

איר פאַרשטייט, איך בין אים נישט קיין שונא...

# ביקור־חולים.

דערציילט מיר אַ יונגערמאַן:

מען זאָגט, אַז מיט ווייבער איז שווער דורכצוקומען בנוגע דעם אַהיימקומען שפּעט—איך ווייס נישט דערפון. שוין אַ צייט, אַז איך ווייס נישט. מיר איז גוט. מיר, קען מען זאָגן, האָט אָפּגעגאַלטן. דערווייל בין איך אַ פרייער מענטש. שוין פון אַ יאָר, אַז איך קען קומען אַהיים צו יעדער צייט. מיין פרוי זאָגט מיר גאָרנישט.

—ווי קומט עס?

מיינט נישט, אַז מיין ווייב איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אויסנאַם, אַ מלאך... נישטאָ קיין אויסנאַם־ווייבער, און קיין מלאכים—אוודאי, נישט. אַלע זענען זיי, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט, אַלע האָבן זיי דיזעלבע געדאַנקען, דיזעלבע שרעק און אפילו דיזעלבע קללות, — נאָר וואָס זשע דען, מיר האָט אָפּגעגאָלטן.

מיין ווייב האָט שרעקלעך דרך־ארץ פאַר ביקור־חולים. ביי איר איז מבקר חולה זיין אַ קראַנקן די גרעסטע זאַך אין דער וועלט, דער גרעסטער אויפטו, די גרעסטע מצווה...

מיין ווייב, אַז זי דערהערט נאָר, אַז עמעצער איז קראַנק, ווערט זי גאָר אַן אַנדער מענטש. איך, אָבער, פאַרקערט, האָב זיך ביז מיט אַ יאָר צוריק קנאַפּ אָפּגעגעבן מיט ביקור־חולים און מיט קראַנקע... איך האָב בטבע נישט ליב קיין חולאים. איך האָב פיינט גיין מבקר חולה

זיין. איך װעל אַלעמאָל בעסער גיין אין טעאַטער, שפּילן אַ קערטל א. אַז. װ.

טרעפט אָבער אַזאַ מעשה:

איינמאָל קום איך אַהיים און באַשליס בלייבן אין הויז, — דאָס איז געװען מיט אַ יאָר צוריק, איידער מיר איז נאָך געװען גוט. מיין װייב פלעגט מיר דאַן אויפעסן אַ לעבעדיקן, פאַרװאָס איך װער פאַרפאַלן אין די אָװנטן. רופט זיך אָן צו מיר מיין װייב:

— פאַרװאָס זאָלסטו נישט אַריבערגיין מבקר חולה זיין יאָסלען, ער איז דאָך געװאַלדיק קראַנק!

זאָג איך: ניין, איך קאָן דאָס נישט, — איך בין מיד. איך װעל בעסער זיין אין הויז!

צעשרייט זיך אויף מיר מיין װייב:

— נישקשה, װען דו װייסט, אַז ביי יאָסלען שפּילט מען אין קאָרטן, װאָלסטו שוין געלאָפן. שעמען מעגסטו זיך! אַ פריינט איז קראַנק און מען זאָל נישט גיין אים מבקר חולה זיין! — און זי כאַפּט און טוט מיר אָן מיט געװאַלד דעם מאַנטל און שטופּט מיך אַרויס פון הויז.

מילא, האָב איך דאָך געמוזט גיין. גיי איך און קום צו יאָסלען, ערשט לא היה ולא נברא!.. יאָסל איז גאָר געזונט. מיט אַ סך װאָכן צוריק האָט אים עפּעס גענומען דרייען אין מאָגן, אָבער איצט איז ער שוין געזונט און מען מאַכט גאָר ביי אים אַ קערטל. בין איך געװען זייער צופרידן און איך נעם אַ האַנט און זעץ זיך שפּילן ביז דריי אַ זייגער ביינאַכט.

געקומען אַהיים — ריכט איך זיך אויף אַ „ברוך הבא" פון מיין װייב. ערשט, פאַרקערט, זי זאָגט גאָרנישט. נאָר זי פרעגט מיך, װאָס מאַכט יאָסל? איז ער בעסער? און װאָס האָב איך זיך אַזוי לאַנג דאָרט געזוימט? מאָל איך אָפּ אַ ליגן, אַז איך בין געקומען צו יאָסלען, איז ער געװען שטאַרק קראַנק, אַזוי קראַנק, אַז איך האָב געמוזט לויפן נאָך אַ פּראָפעסאָר, און דאָס האָט גענומען פיל צייט. װייל דער פּראָפעסאָר איז נישט געװען אין הויז. אָבער איצט איז שוין יאָסל בעסער. דער פּראָפעסאָר זאָגט, אַז ער איז בעסער.

אַזוי טאָק איך אָפּ אַ פיין געטאָקטן ליגן. און עס גייט אַװעק פאַר גוט געלט. זי זאָגט גאָרנישט...

און דאָ איז מיר איינגעפאַלן: װיבאַלד מבקר־חולה זיין איז אַ גוטער ביסן פאַר מיין װייב, קאָן איך עס איר געבן אַלעמאָל.

און איך מוז עס טאָקע! מיט אַ טאָג שפּעטער קום איך אַהיים פון דער אַרבעט און זאָג צו מיין יידענע:

—ווייסטו, חנה, בערל איז דאָך שרעקלעך קראַנק. איך וועל אים גיין מבקר חולה זיין!

—בערל?

—יע, בערל!

—אוודאי דאַרפסטו גיין,—מאַכט זי צו מיר.

און איך טו זיך אָן און גיי אַוועק צו בערלען און מיר מאַכן דאָרטן אַ קערטל אויף וואָס די וועלט שטייט.

און מיט אַ פּאָר טאָג שפּעטער ווערט ביי מיר קראַנק הערי, און איך גיי ווידער אַוועק. הכלל, עס איז ביי מיר אַוועקגעגאַנגען ווי גאָט אין אָדעס. אַ ביסל שפּעטער בין איך אַריין אין די בקור-חולים-ביזנעס. איך פלעג אַוועקגיין כמעט אַלע אָוונטן עמעצן מבקר חולה זיין, ווייל איר פאַרשטייט, קראַנקע האָבן מיר דאָך אַ סך,—און אַלע שפּילן זיי קאָרטן...

מיר לעבן זיך גוט און וואויל.

עס טרעפט, אַמאָל גיט מיין ווייב אַ זאָג צו מיר:

—מאַקס, אפשר וואָלסטו היינט אָוונט געבליבן אינדערהיים? איך וויל פאָרן עפּעס קויפן פאַר די קינדער...

ענטפער איך גלייך:

—ניין, איך קאָן נישט, היינט מוז איך מבקר חולה זיין כאַצקלען.

—וואָס איז מיט כאַצקלען?—פרעגט זי.

—אַ שרעקלעכער חולה. נעכטן האָט ער זיך געבאָדן און געכאַפּט אַ פאַרקילונג און ליגט אין בעט און האָט גרויס היץ.

און מיין ווייב הערט אויס און שאָקלט צו מיטן קאָפּ. דאָס מיינט: געוויס דאַרף מען גיין מבקר חולה זיין כאַצקלען... וואָס זשע דען?

און איך גיי אַוועק צו כאַצקלען, מיט וועלכן איך האָב שוין פון פריער אָפּגערעדט צו מאַכן אַ קערטל...

און אָט אַזוי, ווי איר זעט, לעב איך אַ טאָג. און אַלץ צוליב דעם, וואָס מיין ווייב האַלט פון דער מצווה ביקור-חולים.

—איר פאַרשטייט? מעגלעך, אַז סוף כל סוף וועט זיך מיין ווייב כאַפּן, אַז איך נאַר איר אָפּ... אייביק קען מען קיין סוד נישט

האַלטן און דאַן וועט מיר זיין נישט גוט. אָבער דערווייל איז גוט אַ חיי-שעה. און דערווייל איז שוין דאָ אין דער מעשה אַ גוטער יאָר און זי ווייס נאָך גאָרנישט.. אַ גוטער יאָר, ווי איך בין פריי, ווי אַ פייגעלע און דאַרף נישט הערן קיין ווייבערשע לעקציעס..

—איר הערט? זעט, אַז אייער ווייב זאָל אויך אָנהייבן האַלטן פון ביקור-חולים.. עס איז זייער אַ פיינע מצווה...

# און זי רעדט און רעדט.

ווען איך רעד מיט בערלען, פארזיכערט ער מיך, אז קיין ערגערער אומגליק, ווי קאנטרי*) איז גאר אויף דער וועלט נישטא.

ווען נישט די קאנטרי",—זאגט בערל,—וואלט מען אין אמעריקע געקענט גאנץ פיין לעבן, וואלט אמעריקע געווען א גאנץ וואוילע מדינה...

ווען נישט די קאנטרי,—דענקט בערל,—וואלטן די היגע פרויען גערעדט אפשר בלויז א פערט-חלק פון דעם, וואס זיי רעדן. ווייל לויט בערלס חשבון, רעדט מען דא פון קאנטרי כמעט א גאנץ יאר.

ווען נישט אמעריקע מיט אירע קאנטריס,—דערקלערט בערל,—וואלט ער צו זיין פרוי גארנישט געהאט, ווייל זי וואלט גערעדט פונקט א פערט-חלק פון דעם, וואס זי רעדט.

און די גרעסטע פייניקונג אויף דער וועלט זענען פרויען-רייד,—פילאזאפירט בערל.—נישטא ,—זאגט ער,—קיין גרעסערע אינקוויזיציע פאר א מאן. און בערל איז אפשר גערעכט, נאר איך וועל אים בעסער לאזן דערציילן.

---

די געשיכטע מיט דער קאנטרי,—דערציילט בערל,—הייבט זיך ביי מיר אן נאך אין פעברואר.

—בעני,—רופט זיך אן צו מיר מיין ווייבל,—עס איז שוין, א דאנק

---

*) דאטשע.

גאָט, פעברואַר, באַלד קומט מערץ, און נאָך מערץ אַפּריל און אַפּריל איז דאָך שוין פרילינג.

—נו, איז וואָס?—מאַך איך זיך כלא ידע, כאָטש איך ווייס גוט, וואוהין זי צילט.

—ביי דיר,—ווערט מיין ווייב גלייך אין כעס,—איז דאָס אַלעמאָל „נו. „איז וואָס?" וואָס וואָסקעסטו, וואָס? האָסטו שוין אַ טראַכט געטאָן, אַז מען דאַרפט אָנהייבן טראַכטן וועגן קאַנטרי?!..

—עס איז נאָך דאָ גענוג צייט,—ענטפער איך, כאָטש איך ווייס, אַז איך וועל שלעכט אָפּשניידן.

—עס איז נאָך דאָ גענוג צייט?—ווערט מיין ווייבל שוין גאַר אין כעס.—ביי דיר איז דאָך אַלעמאָל דאָ צייט... מיט דיר איז דאָ דען וואָס צו רעדן? דו ווייסט דען פון עפּעס? דיר אַרט דען פאַר עפּעס? דו אומגליק מיינער, שלימ־מזל מיינער, קוילער מיינער!..

מיין ווייב שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע. הפנים, זי וויל מיר געבן אַ געלעגנהייט איר צו ענטפערן,—דאַן וועט זי ערשט אָנהייבן רעדן. אָבער איך, בערל, בין נישט קיין גרינער, ווייס, וואָס זי מיינט.—און איך ענטפער קיין וואָרט נישט, כאָטש איך ווייס, אַז דאָס וועט מיר אויך ווינציק העלפן, זי וועט אַלצאיינס רעדן... און מיין ווייב הייבט טאַקע ווידער אָן:

—דו שווייגסט, האַ? דו האָסט איינגענומען שטומעניש? דאָס לשון האָט דיר אָפּגענומען? אוי, אַ דונער האָט עס מיך צוגעשלאָגן! איך אַרבעט טאָג און נאַכט, ווער אויסגעריסן, קען שוין אויף די פיס נישט שטיין (פון צופיל שטיין מיט שכנות אויף די טרעפּ, טראַכט איך), און ער גאַרנישט! ביי לייטן מענער זאָרגן פאַר אַ ווייב, אָבער וואָס מיינס איז דאָך נישט לייטיש!..

איך שווייג ווייטער און זי צעוויינט זיך. און מיינט איר, דאָס פּאַסירט בלויז איינמאָל? — כמעט יעדן אָוונט פּאַסירט עס! ס'יידן אַן אָוונט, ווען איך בין אין הויז נישטאָ. אָבער תיכף, ווי זי דערטאַפּט מיך נאָר אין הויז, שפּילט זי מיר אָפּ דיזעלבע סצענע.

האָט איר אייך ערשט פעברואַר. פון מערץ איז דאָך אָפּגערעדט: דאָס ווייב לאָזט די קאַנטרי פון מויל נישט אַרויס. זי רעדט און טענהט, וויינט. אַמאָל ענטפער איך איר, אַמאָל פאַרשווייג איך, אָבער וואָס איז די נפקא מינה?—זי רעדט! און אַז גאָט העלפט, עס איז שוין אַפּריל, דאַן איז קאַנטרי דער איינציקער געשפּרעך.

—בעני,—רופט זיך אָן מיין ווייבל און גראָד אָן כעס,—וואוהין, דענקסטו, זאָל איך היי־יאָר פאָרן: צום ים אָדער אין די בערג?

גיב איך זיך אַ זאָג אַרויס:

—זאָל זיין צום ים!

נו, און דאָ כאַפּ איך שוין מיין פּסק. אַ ים פון רייד עפנט זיך און גיסט זיך אויס אויף מיר.

—צום ים!—קרימט מיר איבער מיין ווייבל.—דיר איז גרינג צו „רעשן", ביי דיר איז דאָך אַלצאיינס,—בערג און ים! דו וואָלסט דאָך דיין ווייב געשיקט אין גיהנום אויך! (און זי אַליין איז אַ קליינער גיהנום, טראַכט איך זיך). „האָסטו, רוצח מיינער, נאָכגעפרעגט, צי פאַר מיר טויג דער ים, האָסטו?— — — —

איך שלאָג איר איבער:

—ביי וועמען דאַרף איך עס נאָכפרעגן?

—ביי וועמען? ביי וועמען! — דערטרינקט מיך מיין ווייב אין רייד.—ביי מענטשן, וועלכע ווייסן, וועלכע פאַרשטייען, נישט ביי אַזעלכע, ווי דו! אַ מענטש, וואָס ווייס גאָרנישט... אוי, אַן אומגליק האָט מיך געטראָפן, מיך האָט עס צוגעשלאָגן מער, ווי אַלע יידישע קינדער. מיט אַזאַ איגנאָראַמוס דאַרף איך עס אָפּלעבן מיינע יאָרן!— —

איך פּרוביר ווידער אָפּשטעלן די פאַרפלייצונג:—אָבער,—זאָג איך גאַנץ געלאַסן,—גיב מיר בעסער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס טויג פאַר דיר נישט דער ים?

מער האָב איך נישט געדאַרפט.

—פאַרוואָס טויג פאַר מיר נישט דער ים?—קרימט מיר מיין ווייבל איבער.—גראָבער יונג איינער, אפשר האָט דיין ווייב „רומאַטיז", און דער ים טויג נישט פאַר איר?

איך האַק איר איבער:

—אָבער דו האָסט דאָך דערווייל נאָך נישט קיין „רומאַטיז?"

הייבט שוין מיין ווייבל אָן צו גיסן מיט פייער. עס ברענט.

—אַ, איך ווייס, אַז דו וואָלסט געוואָלט, איך זאָל קריגן רומאַטיז! דערפאַר טאַקע ווילסטו מיך שיקן צום ים! אָבער אַ מכה מיינע שונאים, דו וועסט עס נישט אויספירן! קריג דו „רומאַטיז"! דו ביז געזינטער פאַר מיר! איך פאָר, דיר אויף צו להכעיס, אין די בערג!

איך ענטפער נישט. מילא, זאָל זיין די בערג, אַבי זי זאָל נישט רעדן.

אָבער דערמיט האָט זיך עס נאָך נישט געענדיקט. אַ צווייטן אויף דער נאַכט פאַרפּירט מיין ווייבל מיט מיר ווידער אַ שמועס: וואוהין זאָל זי פאָרן? און זי רעדט און רעדט: יענע פאָרט צום ים, די פאָרט אין די בערג. מיסיס פּיפּערנאָטער זאָגט, אַז דער ים איז בעסער און מיסיס יאָהעכט זאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין געזינטערע זאַך, ווי די בערג.—

—אָבער,—רוף איך זיך אָן,—דו האָסט דאָך שוין באַשלאָסן אין די בערג?!

—איך?—ווערט מיין ווייבל גלייך צעקאָכט.—איך האָב באַשלאָסן? וואָס דענקסטו? אַלץ וואַרפט ער ארויף אויף מיר. די קיך, דאָס הויז, די קינדער, די בערג! באַשלאָסן? דיר איז גרינג צו באַשליסן די בערג! האָסטו, אומגליק מיינער, געפרעגט ביי מענטשן, צי פאַר מיר טויגן די בערג?

—ביי וועמען דאַרף איך עס פרעגן?—פרעג איך איר.

—ביי וועמען,—צעברענט זי זיך,—ביי מענטשן, וואָס פאַרשטייען, נישט אַזעלכע פאַרשטאָפּטע קעפּ, ווי דו! ביי מענטשן, וואָס ביי זיי איז אַ ווייב—אַ ווייב!

—אָבער,—וויל איך וויסן,—פאַרוואָס טויגן פאַר דיר די בערג נישט?

און דאָ כאַפּ איך שוין די גרויסע מפּלה.

—פאַרוואָס טויגן פאַר דיר די בערג נישט? דו מיאוסער מענטש, וואָס דו ביזט! אפשר האָב איך אַ שוואַך האַרץ און די בערג זענען פאַר מיר נישט גוט? אפשר זענען מיינע לונגען נישט גענוג שטאַרק פאַר דער בערג-לופט...

—אָבער,—גיב איך זיך אַ זאָג,—ווי ווייט איך ווייס, איז דיין האַרץ אָל-רייט, און דיינע לונגען זענען אויך גאַנץ פיין. ווי קומסטו צו אַ שוואַך האַרץ?

—אַ! — כאַפּט זי זיך אָן. — איך ווייס, אַז דו ווילסט, איך זאָל קריגן אַ שוואַך האַרץ. דערפאַר שיקסטו מיך דאָך אין די בערג! אָבער נישט דערלעבן וועסטו עס ביי מיר! דיר אויף צופּוקעניש, פאָר איך צום ים, צום ים!

איך דיסקוטיר נישט מער. מילא, פאָר צום ים, אַבי לאָז מיך אָפּ, רעד נישט.

אָבער אויך דאָס איז נאָך נישט אַלץ; זי פאָרט שוין טאַ-

קע אין די בערג, אָבער עס איז דאָך דאָ אַ שאלה: ווי אין די בערג?—צי אויף אַלעם גרייטן, צי נישט אויף אַלעם גרייטן—כאַפּט זיך ביי מיר איינמאָל אַרויס:

—כ׳דענק, אַז אַלס באָרדערקע אין אַ ד״האָטעל, און אויף אַלעם גרייטן, איז גלייכער.

כאַפּ איך טאַקע גלייך אַ פּסק!

—אַ, איך ווייס, וואָס דיין קעפּעלע טראַכט! אַלס באָרדערקע קען איך לאַנג נישט זיצן—דערפאַר שיקסטו מיך אַהין... כדי איך זאָל גלייך קומען צוריק אין שטאָט, אין די ד״היצן, און פינסטערן פאַר דיר.

רוף איך זיך אָן:

—נו, זאָל זיין אויף אייגענעם קאָכן. אויב דאָס איז פונמייננט-ווענן...

דאָ צעווייינט זי זיך שוין גאָר, מיין ווייבל:

—דו האָסט אויף מיר קיין רחמנות נישט! אַז איך בין ביי דיר אָן איבעריקע! דו ווילסט, איך זאָל פאָרן אין קאָנטרי אַרבעטן! ווייניק האָב איך זיך אָנגעאַרבעט פאַרן ווינטער!—ווידער אַרבעטן—ניין! איך וועל עס נישט אויסהאַלטן! אַזאַ גזלן! אַזאַ רציחה!

און זי רעדט און רעדט. אָט אַזוי ביז סוף מאַי, ווען זי פאָרט שוין מיט מזל אַוועק...

אָבער אויך דאָ ווער איך נישט פּטור פון דער קאָנטרי. עס הייבט זיך ערשט אָן אַ נייע סדרה.

ערשטנס, פאַרגעסט שטענדיק מיין ווייבל אינדערהיים די נייטיקסטע זאַכן: אַ קאָרסעט, אַ סוועטער, זאָקן... און זי הייבט מיר אָן שרייבן בריוו מיט גענויע דערקלערונגען, וואו זיי ליגן... הייב איך אָן זוכן,—געפין איך נישט, ווייל זי האָט זיי ערגעץ פאַרשטופּט, און ווייס אַליין נישט, וואו... ווער איך אויסגעריסן, ביז איך גיי און קויף נייע און מאַך פּעקלעך און שיק זיי צו איר אין דער קאָנטרי... און נאָכדעם הייבט זיך אָן אַן עסק מיט בריוו וועגן די פּעקלעך, אַז עס איז נישט די, וואָס זי וויל... צרות! איר האָב נאָך נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען, ערשט מיין ווייבל פאַדערט מיך שוין אין קאָנטרי. זי שעמט זיך, שרייבט זי, איינפאַך פאַר די ווייבער... וואו איז איר מאַן אַזוי לאַנג?—פאָדערן ביי איר די ווייבער! און איך מוז פאָרן...

און קום איך אין די בערג, גיבן זיך אויף מיר אַ שאָט בערג

מיט רייד. מיין ווייבל רעדט פיר, ערשטנס, אויס, וועגן דעם קאָרסעט און די זאָקן, אַז מיט מיר, שלים-מזל, קען מען אַ קאַץ אַן עק נישט פאַרבינדן, און נאָכדעם נעמט זי זיך מיר דערציילן פון אַלע דהיגע גליקן, וועך עס „אוכאַזשעוועט" וועמען... און זי רעדט און באַרעדט און שיט מיט רייד וועגן קאָנטרי אַזוי, אַז איך פיל, אַז די בערגלופט איז פיל געדיכטער, ווי אין שטאָט...

און נאָכדעם, ווען מיין ווייב קומט צוריק פון דער קאָנטרי, הייבט זיך ערשט אָן אַ נייער קאַפּיטל קאָנטרי. זי נעמט זיך דערציילן נסים פון דער קאָנטרי. מען קלייבט זיך צוזאַמען באָרדערס פון איין האָטעל און מען רעדט און מען רעדט... קאָנטרי אַהין, קאָנטרי אַהער—מען קען משוגע ווערן! אָט אַזוי אַ גאַנץ ווינטער, ביז עס קומט ווידער פעברואַר און מיין ווייבל דאַרף ווידער באַשליסן וואוהין צו פאָרן! צום ים, אָדער אין די בערג? און זי רעדט און רעדט!

# א מאמעס עגמת-נפש.

אויף דער וועלט זענען דאָ פאַרשידענע עגמת-נפשן, קלענערע און גרעסערע, לייכטערע און טיפערע.

אָט האָט איר אייך אַזאַ מין עגמת-נפש.

---

זי איז אַ מאַמע פון פיר קינדער.

אַ שטרענגע מאַמע, אַ פּראָסטע מאַמע, אָבער מיט דערציִונגס-פּרינציפּן.

אירע דערציִונגס-פּרינציפּן זענען: שלאָגן די קינדער, באַשטראָפן, קנייפּן, פּאַטשן ביי יעדער געלעגנהייט, מען רעדט שוין ניט פון שילטן.

און ווען אַ מאַמע זוכט די געלעגנהייט צו באַשטראָפן קינדער — געפינט זי.

און זי פילט זיך זייער גוט אין איר מוטער-ראָליע. זי איז צופרידן, אַלס דערציִערין. זי דענקט, אַז זי איז אויפן שפּיץ פון איר באַרוף, אַ ריכטיקע מאַמע.

האָט זי אָבער אָפט עגמת-נפש. אַן עגמת-נפש, זעט אויס, גייט עס ניטש אויף דער וועלט.

ווען די קינדער זענען זויגקינדער, פאַרשאַפן זיי איר דעמדאָזיקן עגמת-נפש.

זי קען זיי גאָרניש טאָן.

נ י ש ט פּאַטשן, נישט שלאָגן, נ י ש ט שטופּן, נ י ש ט קנייפּן.

מען קען דאָך נישט שלאָגן אַן עופהלע!

בלייבט איר בלויז איבער דאָס שילטן, אָבער דאָס באַפרידיקט איר נישט!

ווייל אויך שילטן קען זי נישט מיט איר פולן אוצר קללות, מיטן פולן מויל.

גיי שילט אַן עופהלע, אַן אומשולדיק פּיצעלע, וואָס טוליעט זיך צו דיין בוזעם!

מען קען נישט...

און דער מאַמען איז נישט גוט. דער מאַמען איז ביטער, די מאַמע האָט עגמת-נפש.

און זי וואַרט... דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איז איר געבליבן אַלס טרייסט: ד אָ ס ו װ אַ ר ט ן.

זי וואַרט ביז דאָס פּיצעלע נפש וועט אויסוואַקסן... זיך שטעלן אויף די פיס...

און זאָגט אַלעמאָל צו זיך און צו אַנדערע:

—עך, ווי דערלעבט מען שוין די צייט, אַז מען זאָל דעמדאָזיקן „ממזר" קענען אָנפּאַטשן.

—ס'איז אַזוי שווער אויסצוהאַלטן!—באַקלאָגט זי זיך.

שווער.

ווייל שוין אַזאַ פּיצעלע פּאָלגט נישט: עס דריגעט מיט די פיסלעך, ווען דו הייסט עס ליגן שטיל... עס וואַרפט פון זיך אַרונטער די קאָלדערעטשקע, ווען מען דעקט עס צו...

הכלל, עס פּאָלגט נישט...

די הויפּט-צרות און עגמת-נפש האָט אונזער מאַמע די ערשטע צייט נאָכן קימפּעט.

דאַן איז נישט ריר עס אָן...

מען קען עס אַפילו נישט אַ וואָרף טאָן אויפן בעט...

עס איז צו שוואַך...

שפּעטער ווערט שוין אַ ביסעלע בעסער.

ווען דאָס קינד וואַקסט אויס, ווערט עלטער אַ קאַפּעטשקע, איז שוין פאַר דער מאַמען גרינגער...

מען קען עס שוין נישט נאָר אַ וואָרף טאָן, נאָר אַפילו אַ פּאַטש טאָן איבערן פּלייצקעלע, כאָטש אויף קאַטאָוועס, אָבער עס איז שוין

פאָרט בעסער: מען קען שוין דערציען, מען איז אַ מאַמע, ווי אַ מאַמע דאַרף צו זיין...

אָבער עס איז נאָך אַלץ נישט דאָס... נישט דאָס...

ערשט שפּעטער, ווען דאָס קינדעלע הייבט שוין אָן אַרומצוקריכן, פּויזן אויפן דיל — דאַן ווערט שוין גאָר נישקשה.

מען קען שוין באַשטראָפן. אַ לייכטע שטראָף, אָבער פּאָרט אַ שטראָף. מען גיט עס אַ הייב אויף פון דיל און אַ זעץ אַוועק אויפן קושעטקע.

נישקשה, פון אַזאַ זעץ ווערט מען נישט צעשאָטן... מען דאַרף עס לערנען נישט צו קריכן, וואו מען דאַרף נישט...

אָבער ריכטיק גוט ווערט עס דער מאַמען, ווען דער „ממזר" הייבט שוין אָן צו גיין און רעדן, ווען עס ווערט אַ מענטש.

דאַן קען מען עס שוין שילטן פריי.

קנייפּן.

שלאָגן.

פּאַטשן.

דאַן ערשט ווייס מען, וואָס עס הייסט האָבן קינדער, דאַן ערשט ווייסט מען, אַז מען איז אַ מאַמע...

# ...נישט קיין געפאר

עס זענען דא מענטשן, וועלכע זענען בטבע בחורים, און אפילו ווען זיי האבן חתונה צו עטלעכע מאל, בלייבן זיי אלץ בחורים. און, פארקערט, זענען דא מענטשן, וועלכע זענען פון נאטור פארהייראטע, אפילו ווען זיי גייען ארום אויף דער פרייהייט.

ברוך איז געווען פון דעם ערשטן מין, א בחור בטבע.

אי, פארוואס האט ברוך דאך חתונה געהאט?—ווייס ער טאקע אליין נישט...

אנגעהייבן גיין מיט זיין מיידל האט ער נישט ערנסט. ער האט זיך באקענט מיט א מיידל, יונג, שיין, פריש—איז פארוואס זאל ער נישט גיין מיט איר? און אייגנטלעך איז ער געגאנגען נישט נאר מיט איר אליין, נאר אויך מיט אנדערע. אלא, וואס דען? ווען ער איז געגאנגען מיט איר, האבן אלע מיידלעך געוואוסט... אבער דאס, וואס ער איז געגאנגען מיט זיי, איז פאר זיין בעטין געבליבן א סוד...

פארוואס זשע האט ער עס פארבארגן פון זיין בעטין?—גארנישט! ער האט געזען אין איר פנימל, אז איר וועט עס נישט געפעלן, ווען ער וועט גיין מיט אנדערע. נו, האט ער איר געטאן א טובה און געהאלטן בסוד... אבער קיין געפאר האט ער אין דעם נישט געזען: א געליבט מיידל מוז מען אמאל נארן...

און אויך א ביסעלע שפעטער האט ברוך קיין געפאר נישט געזען. אמת, זי האט געמאכט אזוי, אז ער זאל צו איר קומען אין

באַשטימטע טעג, אָבער דאָס איז דאָך געווען נאָר אויס ריינעם ראָמאַנטיזם: פאַרליבטע דאַרפן זיך זען, וואָס אָפטער...

אמת, ווען עס האָט געטראָפן, אַז ער איז אַמאָל נישט געקומען אין דעם באַשטימטן טאָג, האָט זי אים געמאַכט אַ סצענע, דאָס הייסט, זי האָט גאָרנישט געזאָגט, דאָס נישט, נאָר זי האָט פאַרביסן די זיסע ליפעלעך און געברוגזט זיך... אַזוי, אַז עס פלעגט אים אָנקומען שווער זי איבערצובעטן. ער האָט איר געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט שוין פון איצט אָן און ווייטער זיין *פינקטלעכער*—אָבער קיין געפאַר פאַר זיין בחורשאַפט האָט ער אויך אין דעם נישט געזען: אַ יונג מיידל, ער האָט זי נישט פיינט—נו, גיט ער איר נאָך... ער פאַרשטייט זי: אַ יונג מיידל, דעם ערשטן מאָל פאַרליבט, וויל זי פינקטלעכקייט. און ער? ער וועט זיין אַזוי *פינקטלעך*, ביז וואַנען ער וועט קענען, און נאָכדעם גאָרנישט—*קיינע פליכטן*! ווייל ווייס זי דען נישט, אַז ער מיינט עס נישט ערנסט? אמת, ער האָט איר וועגן זיין נישט ערנסטקייט קיין וואָרט נישט געזאָגט, אָבער דאָס איז דאָך אַזוי פאַרשטענדלעך: אַלע ווייסן, אַז ער איז נישט פון די, וואָס מען שטעלט אונטער דער חופה...

און ווען בעטי האָט אים איינגערעדט, אַז ער זאָל אויפהערן עסן אין די רעסטאָראַנען, און בעסער עסן מיט איר ביי איר באַלעבאָסטע, ווייל די באַלעבאָסטע אירע זעט זי צו, ווי אַן אייגן קינד, און דער עיקר, זי קאָכט זייער גוט, היימיש און פריש, און ער וועט אָפהיטן דאָס געזונט און עס וועט נאָך קאָסטן ביליקער אויך... האָט ער אויך דאַן נישט באַמערקט קיין געפאַר. און ער האָט צוגעשטימט. אַ מיידל וויל זיך זאָרגן פאַר זיין געזונט—זאָל זי! וואָס אַרט עס אים? און טאַקע גלאַט וועט זיין פריילעכער צו עסן צוזאַמען...

אמת, אָפט האָט ער זיך אַליין אָנגעהייבן אויסקוקן, ווי אַ פאַרהייראַטער: עסט אַלע טאָג פינקטלעך אין דער צייט און מיט אַ „ווייב" ביי דער זייט, און זי וואַרפט אים צו פון איר חלק הון, אַ שטיקל פופיקל, אַ לעבערל—אָבער וואָס איז דאָ די געפאַר?.. עס איז בלויז אַ שפאַס! עס איז זייער פריילעך צו שפילן אַ פאַרהייראַטן, נישט זייענדיק פאַרהייראַט.

קיין געפאַר! ווער ווייס עס נישט ברוכס בליק אויף הייראַט? מען ווייס, אַז ער האַלט נישט פון חתונה האָבן!

און ווען בעטיס באַלעבאָסטע פלעגט אַמאָל אַריינקומען, בשעת

זיי פלעגן עסן און אָנקוועלן פון זיי און זיי ווינטשן, אַז... האָט ברוך אויך דאָס בלויז אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס. ביי אָט די אַלטע פרויען איז אַלעמאָל, אַז... יעדן בחור און מיידל ווינטשן זיי, אַז... עס איז גאָרנישט !..

און אויך, ווען עס האָט פּאַסירט, אַז בעטי האָט מיט אים איינ-מאָל פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן שפּאָרן געלט: כלעבן, עס איז שוין צייט, אַז אַזאַ יונגערמאַן, ווי ער, זאָל האָבן אַ באַנקביכל, האָט ער עס אויך נישט גענומען ערנסט. ער האָט איר בלויז געזאָגט, אַז ער האַלט נישט דערפון, אַז שפּאָרן געלט איז נישט שיין... און גאָר-נישט—ער האָט גלייך פאַרגעסן אין דעם... קיין געפאַר!

אָבער איינמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: זיי האָבן ביידע זיך אומגעשלעפּט איבער ניו-יאָרק און זענען פאַרבייגעגאַנגען אַ גרויסע באַנק. רופט זי זיך אָן צו אים אַזוי שטיפעריש-קאָקעטיש, און דער-ביי איז זי אַזוי שיין:

—ברוך,—זאָגט זי,—ווייסט איר גאָר וואָס? לאָמיר מאַכן צוזאַמען אַ באַנקביכל, בשותפות. וויפל געלט האָט איר ביי זיך?—פינף און זיבעציק דאָלאַר?—גוט! לאָזט פינף און צוואַנציק דאָלאַר ביי זיך — און פופציק גיט מיר. איך האָב הונדערט דאָלאַר. נו, וועט עס זיין צוזאַמען הונדערט און פופציק... קומט אַריין!

וואָס זאָל אים איינפאַלן, אַז אין דעם שטעקט אַ געפאַר? אַ שטיפערקע אַ מיידל—שטיפט זי! און ער רופט זיך אָן:

—און וואָס וועלן מיר אויפטאָן מיט די געלט?

—מען וועט שוין אויפטאָן! — לאַכט זי. — אָט שטעלט זיך פאָר, ברוך, אַז מיר ביידע שפּאָרן אָפּ אַ זיבן, אַכט הונדערט דאָלאַר, און מאַכן צוזאַמען אַ רייזע אין איראָפּע? איר וואָלט געוואָלט מאַכן מיט מיר אַזאַ רייזע?

—מיט דיר, בעטי, אפילו אין עק וועלט!—לאַכט ער צוריק.

—אי, וועט עס זיין שיין!—פרייט זיך בעטי.

און בעטי הייבט אים אָן נאָכמער געפעלן: עס איז אַ מיידל מיט פאַנטאַזיע...

און זיי זענען אַריין אין באַנק, לאַכנדיק, געמאַכט אַ ביכל און געלאַכט, אַז אויך דער קאַסירער האָט געלאַכט. עס איז געווען זייער

פריילעך, אָבער קיין געפּאַר...

און אויך נאָכדעם, אַז ער האָט געזען, ווי זי מאַכט שוין אַזוי, אַז מען זאָל יעדע צוויי וואָכן אַוועקטראָגן אין באַנק אַ פּאָר דאָלאַר— האָט ער אויך אין דעם נישט געזען קיין געפאַר. אדרבה, עס איז אים געפעלן געוואָרן דער שפּאַס: ער קלייבט געלט צוזאַמען מיט אַ מיידל און נאָכדעם וועלן זיי צוזאַמען פאָרן. אינטערעסאַנט, ראָמאַנטיש... קיין געפאַר פון חתונה האָבן...

אי, ברוך האָט דאָך אָבער פאָרט חתונה געהאַט... איז דאָס געשען אָט אַזוי:

איינמאָל קומט אונזער ברוך צו זיין בעטין, ערשט זי ליגט אין בעט. בלאַס, קראַנק. וואָס איז, בעטי?—זי שווייגט! זעצט ער זיך לעבן איר: אפשר רופן אַ דאָקטאָר, בעטי? ניין! תּכלל, עס האָט נישט גענומען לאַנג און ער האָט ביי איר אַרויסגעקראָגן:

—איר איז נישט גוט... עס איז קיין תּכלית נישט... אַלע באַרעדן זי... זי עסט צוזאַמען מיט אַ בחור, קלייבט געלט מיט אים אויף איין ביכל און זי ווייס נישט, וואָס דער בחור איז צו איר! מאָדנע ווערטער... און דערביי האָט זי זיך צעוויינט.

—וואָס הייסט, וואָס איז ער צו איר?—ער האָט זי ליב!..

—ווען דו וואָלסט מיך געליבט, וואָלט אַנדערש געווען!—וויינט בעטי.—עס וואָלט געווען,—ווי ביי לייטן...

—וואָס ביי לייטן?—וויל ער וויסן, כאָטש ער שטויסט זיך אָן, וואָס דאָס מיינט...

—ביי לייטן, אַז אַ בחור איז אַזוי נאָענט מיט אַ מיידל,— זאָגט בעטי, — נעמען זיי אַרויס „פּאַפּירן". וויפל איז דער שיעור זיך אומצושלעפּן אַזוי? זעקס הונדערט דאָלאַר האָבן זיי שוין. מען קען שוין נעמען צימערן...

—„חתונה-פּאַפּירן", צימערן?!..

ער האָט דערשמעקט אַ שטיקל געפאַר.

ניין, דאָס נישט! אָבער איר האָט ער עס נישט געזאָגט. ווייל ווי קען ער עס? זיין ליבע בעטי וויינט דאָך... און אים הייבט זיך אָן דאַכטן, אַז עס איז שוין צו שפּעט איר צו זאָגן. ער איז שוין צו וויַיט אַוועק מיט איר... עס איז שוין אַ שטיקל געפאַר...

פּלוצלונג הייבט זיך בעטי אויף און רופט אויס:

—אַהער, אָדער אַהין, ברוך! מען מוז מאַכן אַ סוף!.. אלע

האַלטן אונדז פאַר חתן-כלה, מען האָט שוין אפילו מיינע עלטערן גע-שריבן וועגן דעם. מער קען מען שוין נישט. אַהער, אָדער אַהין !..

וואָס טוט מען ?—באמת האָט ברוך געוואָלט בעסער גיין „אַהין"... אָבער בעטי איז געווען זייער שיין אין איר שטרענגקייט. גאָר אַן אַנדער בעטי, אַ נייע—אַ שטרענגע, מיט פאַרווייינטע אויגן.

און ער ווייס נישט, ווי אַזוי, נאָר ער האָט געקושט אירע פאַר-ווייינטע אויגן און געזאָגט:

וויין נישט, בעטי! עס וועט אַלץ זיין גוט !..

— — — — — — — — — — — —

און אין אַ פאָר טעג אַרום האָבן זיי אַרויסגענומען „חתונה-פאַ-פירן". עס איז געווען זייער אַ שיינער טאָג, אַ פרילינג-טאָג, אַלץ האָט געבליט און גערופן צום לעבן. נאָר מער פון אַלץ האָט געבליט בעטי און גערופן, און זיי זענען אַרויף און גענומען די „פאַפירן..." וואָס איז דאָ די געפאַר? „פאַפירן" זענען נאָך אַלץ נישט קיין חופה,—מען קען נאָך חרטה האָבן.—האָט ער זיך געטרייסט, כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז ער נאַרט זיך.

און אין אַ פאָר וואָכן אַרום האָט בעטי באַשטימט די חתונה. און ערשט אין עטלעכע וואָכן נאָך דער חופה האָט ער זיך געכאַפט, אַז ער איז פאַרהייראַט...

# שוין איינמאָל א בהמה.

צו מיין שכן, פון דער רעכטער זייט טיר, זענען געקומען גרינגע טאַטע-מאַמע. עלטערע מענטשן, היימישע באַלעבאַטים.

קומט ער צו מיר אַרויף גאַנץ אָפט, דער גרינגער טאַטע. מיט מיר, זאָגט ער, פילט ער זיך, פונקט ווי אינדערהיים. זיין זון, זאָגט ער, זאָל געזונט זיין, איז אַ פיין קינד, געטריי ביז גאָר, און אויך זיין אַמעריקאַנישע שנור איז אַ וואויל ווייבל, אָבער רעדן מיט זיי האָט ער נישט וואָס... דאָס הייסט, זאָגט ער, רעדן האָט ער דווקא גענוג, נאָר, ערשטנס, רעדן זיין זון און שנור מער ענגליש, איידער יידיש, און, צווייטנס, איז זיין זון שטענדיק פאַרנומען. און דאָסזעלבע זיין שנור. מיט מיר, זאָגט ער, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש: ערשטנס, בין איך אַ היימענטש, און, צווייטנס, רעד איך יידיש, פונקט ווי אינדערהיים, און, דריטנס, קריגט מען ביי מיר, זאָגט ער, אַ צייטונג אויך...

אַלזאָ, דער גרינער ייד באַזוכט מיך גאַנץ אָפט, און איך נעם אים אויף זייער וואַרעם, הער אויס זיינע היימישע מעשיות, און ער איז, גלויב איך, פון מיר צופרידן.

נעכטן פאַרנאַכט קומט ער אַריין צו מיר, מיין גרינער שכן. איך האָב אים שוין נישט געזען אַ וואָך צייט.

—נו,—פרעג איך אים, —וואָס מאַכט איר? און וואָס מאַכט אייער פרוי? האָט איר זיך שוין צוגעוווינט צום היגן לעבן?

—יע,—מאַכט ער,—מען דאַרף זיך צוגעוויינען, אָבער עס קען זיך נישט... און, ווי אים דוכט, איז דאָ אַ פּיל שווערער לעבן, ווי אינדערהיים...

—אַ שווערער לעבן, ווי אינדערהיים?—פאַרוואונדער איך זיך.—ווי איז דאָס מעגלעך? אָט קוקט אָן, זאָג איך, מילך שיקט מען דאָ אַרויף אין הויז, וואַרעמקייט גיט מען גרייטע, עלעקטריע גיט די וואַנט, גאַז—דער אויוון, מיסט נעמט מען צו. מיר דוכט, אַז גרינגער, ווי דאָ, קען שוין נישט זיין.

—פון אויבן אויף קוקט עס טאַקע אַזוי אויס,—מאַכט דער גריבער שכן מיינער,—טאַקע מען קריגט דאָ פון אַלעם גרייטן, גרינג, לייכט, אָבער אָט נעמט פאַר אַ ביישפּיל, זאָגט ער, טאַקע די מילך. אמת מען ברענגט עס אַרויף פאַרטיקע און מען פאַרשפּאָרט אַרבעט, אָבער איך זאָג אייך, איך שענק אייך אַוועק גאַנץ אַמעריקע מיט אַלע אירע גליקן פאַר מיין איין בהמה!

—וואָס איז דאָס פאַר אַ בהמה אַזאַ?—פרעג איך.

דער ייד האָט אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ, זיך פאַרטראַכט און אַרויסגעלאָזט נאָך אַ קרעכץ און גענומען רעדן:

—איר, ליבער מענטש, וועט דאָך מיך פאַרשטיין, און ווען איך זאָג אייך, אַז איך שענק אייך אַוועק אַמעריקע מיט אַלע אירע גליקן פאַר מיין איין בהמה, רעד איך עס נישט אומזיסט... אי, ווען איר ווייסט, ווי עס בענקט זיך מיר נאָך דער בהמה! דאָס איז געווען שוין איינמאָל אַ בהמה! זי האָט אונז געגעבן די וועלט צו זען, זי האָט זיך שטענדיק געמאָלקן, און נישט גלאַט געמאָלקן זיך, נאָר מיט אַ ברייטקייט... זי האָט געגעבן מילך מיט שפע... אַזוי, אַז עס פלעגט סטאַיען פאַר זיך און נאָך צו פאַרקויפן אויך...

היינט, וואָס פאַר אַ מילך?!—האָט מיין שכן זיך צעלאָזט,—איך ווייס נישט, אפשר בין איך נישט געוווינט, נאָר ביי מיר האָט אייער מילך קיין שום טעם נישט. עס קוקט אויס, ווי אַ מעדיצין פון אַ פלעשל... קיין יידישן טעם... קאַלט... אָבער אינדערהיים ברענגט מען מילך מיט אַ „דאָיניצע”. איר געדענקט נאָך, וואָס דאָס איז? און די מילך איז וואַרעמע, ערשט אויסגעמאָלקן, עס גייט פון דעם אַ פּאַרע... אַ היות אין מויל צו נעמען... און דער עיקר: מען ווייס, פונוואַנען די מילך קומט. איר קענט די בהמה און די בהמה קען אייך, כמעט אייגענע... עס איז פּאָרט נישט פון אַ פרעמד קאַלט פלעשל!..

ער האָט זיך פאַרקוקט ווייט, ווייט, ווידער אַ קרעכץ געטאָן און ווייטער געזאָגט:

—עס איז שוין געווען איינמאָל אַ בהמה! איר וועט גלויבן, צי נישט? זי האָט געהאַט אַ שם אין שטאָט, ווי דער שענסטער באַלעבאָס... ווען זי פלעגט גיין פון פעלד, פלעגט מען אויף איר טייטלען מיט די פינגער: אָט גייט משה ברוכס בהמה!.. הלוואי אויף אונז געזאָגט געוואָרן אַזאַ בהמה!.. וואָס וועט איר מיר וועלן איינרעדן? עס איז פאָרט נישט גלייך מילך צו מילך! די לעבעדיקע באַשעפעניש איז פאָרט נישט קיין פלעשל... אמת, אַרום אַ בהמה איז דאָ אַרבעט: שלעפן די פּאָמוּיניצע צוויי מאָל אַ טאָג, זען, אַז איר זאָל זיין ווייך צו ליגן אין שטאַל, ווינטער באַזאָרגן זי מיט היי... אָבער איז דען דאָס אַן אַרבעט? דאָס איז דאָך אַ פאַרגעניגן! רעכנט דען אַ מוטער די אַרבעט, וואָס זי טוט פאַר אַ קינד... און אונזער בהמה, הערט איר, איז אונז געווען, להבדיל, כמעט ווי אַן אייגן קינד...

און ווער רעכנט זיך עס סתּם מיט אַרבעט? אָט טו איך דאָ גאָרנישט... נישטאָ, וואָס צו טאָן... אַרבעטן וועט דאָך מיין זון נישט לאָזן גיין, און אין הויז איז גלאַט נישטאָ, וואָס צו טאָן,—נו, איז דען בעסער? ניין! דאָס טויג גאָרנישט! ע, ווען מיין זון האָט אַ בהמה, דאַן וואָלט איך געווען דער גליקלעכסטער מענטש... יע, אונזער בהמה האָט מיר אַלעמאָל באַזאָרגט מיט אַרבעט, אָבער עס איז געווען גוט... אפילו ווען מען כאַפּט זיך אויף ביינאַכט, איז אויך געווען גרינגער, ווי דאָ... אינדערהיים, דו כאַפּסט זיך אויף ביינאַכט, דאָס הויזגעזינד שלאָפט, עס איז סמוטנע... אָבער גלייך דערמאָנסטו זיך אָן דער בהמה. דו ווייסט, אַז דאָרטן אין שטאַל איז דאָ אַ טרייע באַשעפעניש, וואָס מעלקט זיך און באַזאָרגט דיך כמעט מיט חיונה: מילך, קעז, פּוטער, סמעטענע, מאָשלינקע... אַך, געווען אַמאָל פיינע צייטן!

—ווי איך זע,—רוף איך זיך אָן,—בענקט איר גאָר דער בהמה?

—איר האָט געטראָפן,—מאַכט ער,—און די אויגן זענען ביי אים אַזעלכע ווייכע, פאַרבענקטע,—עס בענקט זיך!.. איר הערט, איך בין דאָך אַנטלאָפן פון דערהיים און איבערגעלאָזט דאָרט אַ שטוב... דאָס הייסט, כמעט ווי איבערגעלאָזט, אָבגעגעבן פאַר אַ גאָרנישט... איז דאָך אַ שטוב אויך אַן עבירה... אַ שטוב איז אויך נישט קיין קלייניקייט.. אָבער דאָך איז עס פאָרט נישט קיין לעבעדיקע זאַך... האָלץ בלייבט האָלץ! אָבער די בהמה איז מיר געווען שווער איבערצולאָזן. איך

האָב זי אַוועקגעשענקט מיינער אַן אָרעמער קרובה—זי דאַרף זי אוודאי האָבן—אָבער עס בענקט זיך און עס פאַרדריסט... עך, ווען מען וואָלט זי קענען נעמען אין אַמעריקע, מיינט איר וואָלט איך זי נישט גענו-מען? נישקשה, איך וואָלט זיך מיט איר דאָ אויך נישט געהאַט וואָס צו שעמען!.. אָבער מען האָט נישט געקענט!..

איר וועט גלויבן, צי נישט, איך בין שוין דאָ אַ האַלב יאָר, נו, האָב איך אפשר איין מאָל פאַרזוכט די היגע מילך? ווען מיין שנור דערלאַנגט מיר מילך, גיט מיר אַ צופּ ביים האַרצן. איך דערמאָן זיך אָן דער בהמה, און איך טרינק נישט. מיין שנור קען נישט פאַרשטיין און זי פרעגט מיך: „פאַרוואָס טרינקט איר ניט, שוועער?״ — עס ווילט זיך נישט! ענטפער איך... גיי דערצייל איר דעם אמת, אַז עס בענקט זיך מיר נאָך אַ בהמה, נאָך אַ שטומער באַשעפעניש, און דערפאַר טרינק איך נישט! מיין שנור וועט עס אַלצאיינס נישט פאַרשטיין... און איר מיינט, נאָר איך בין אַזוי?—האָט דער גרינער ייד צוגע-געבן.—מיין אַלטע איז אויך אַזוי!.. אויך מיין ווייב בענקט נאָך דער בהמה. איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה, אָבער איר זאָלט נישט לאַכן: איינמאָל, ביינאַכט—דאָס איז געווען, ווען מיר זענען געווען דאָ ערשט אַ פּאָר וואָכן אין לאַנד—כאַפּט זיך מיין אַלטע אויף און וועקט מיך:

—משה ברוך! משה ברוך! דו הערסט? אונזער בהמה מעקעט דאָך!

—וואָס רעדסטו, דיר חלומט זיך דאָס!—זאָג איך.— דו פאַר-געסט, אַז מיר זענען אין אַמעריקע!

זאָגט זי:

—אָט ליג שטיל, וועסטו אויך הערן!

ווער איך שטיל, און איר הערט?—איך דערהער טאַקע... אויף מיין וואָרט, אונזער בהמה האָט געמעקעט...

—געוויס האָט ערגעץ אַ שיף געפייפט,—זאָג איך.

—מעגלעך,—מאַכט דער ייד,—אפשר איז עס געווען אַ שיף, אָבער דאַן וואָלט איך געקענט שווערן, אַז דאָס האָב איך געהערט אונזער בהמה מעקען... יע, מיין פריינט, עס בענקט זיך נאָך דער בהמה... אָבער עס איז שוין צייט צו גיין דאַווענען מעריב!

ער האָט אויפסניי אַ קרעכץ געטאָן און איז אַרויסגעגאַנגען.

# דער פּאָרטרעטער.

איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט אין אַ רעסטאָראַן. ער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט:

—מר. האָלץ, פון פּאַלעסטינע, אַ פּאָרטרעטער— — —

—וואָס פּאָרטרעט איר?

ער האָט זיך גענומען טאַפּן ביים בוזעם-קעשענע:

—ליידער האָב איך פאַרגעסן מיינע דאָקומענטן און פּאַפּירן אין האָטעל, אָבער איר וועט דאָך מיר גלויבן?..

—איך גלויב אַזוי,—זאָג איך.

—איך פּאָרטרעט,—רעדט דער פּאָרטרעטער,—ערשטנס, דעם אוניווערזיטעט אין ירושלים... אויפן הר-הצופים. דר. מאַגנעס האָט מיר אליין געגעבן די פולמאַכט צו רעדן אין נאָמען פון אוניווערזיטעט... איר האָט שריפטן, איך מיין אייערע אייגענע? איז גיט עס מיר תיכף, איך וועל עס אָפּשיקן צו דער ביבליאָטעק פון אוניווערזיטעט... צווייטנס, פּאָרטרעט איך דעם ארץ-ישראלדיקן קונסט-טעאַטער. איר האָט דאָך מן הסתם געהערט פון אים... ארץ-ישראל האָט טאַקע אַ קונסט-טעאַטער, נישט איר דאָ, אין אַמעריקע... אינגאַנצן איז ער ערשט נאָך קיין יאָר נישט אַלט, און ער איז שוין גרויס!.. איר אינטערעסירט זיך דאָך מיט טעאַטער? וואָלט איך געוואָלט, אַז איר זאָלט מיר געבן אַן אַרטיקל פאַר דעם ארץ-ישראלדיקן טעאַטער-זשורנאַל. איר קענט אפילו שרייבן אין יידיש... איך וועל שוין איבערזעצן... אויך דעם טעאַטער-זשורנאַל פּאָרטרעט איך... אַ טייערער זשורנאַל... דריטנס, בין איך אויך דער איינציקער פּאָרטרעטער פון דער ארץ-ישראלדיקער

העבּרעישער אָפּערע... איך בין באַפולמעכטיקט צו זען זיך מיט אַטאַ קאַן וועגן שטיצע. די ארץ־ישראל־אָפּערע האָט אַ גרויסע צוקונפט... איך האָב שוין אָפּגערופן אַטאַ קאַן וועגן דעם. ער האָט צוגעזאָגט צו זען זיך מיט מיר...

דער פאַרטרעטער האָט ביי מיר געבעטן אַ ציגאַרעט און גענומען טאַפּן ביים בוזעם־קעשענע:

—אַ שאָד, וואָס איך האָב נישט מיט זיך מיינע „דאָקומענטן", אָבער איר וועט מיר גלויבן אַזוי אויך?

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און ער האָט דערציילט:

—חוץ די אויבנדערמאָנטע פאַרטרעט איך ביאַליקן...

—וואָס הייסט, איר פאַרטרעט ביאַליקן?—פרעג איך.—אַלס פּאָעט?

—אַלס פּאָעט,—מאַכט ער,—וואָלט איך אים אויך געקענט פאַרטרעטן... איך שרייב לידער אויך... און ביאַליק האָט מיר געזאָגט, אַז זיי זענען נישט ערגער פון זיינע. נאָר איך האָב נישט קיין צייט פאַר פּאָעזיע... איך פאַרטרעט ביאַליקן אין זיינע שטעלונגען צו העבּרעיש און יידיש, און צום ציוניזם... איר פאַרשטייט? און דערצו בין איך דער איינציקער, וואָס איז באַרעכטיקט צו דערציילן זיינע אַנעקדאָטן. דעם אַנעקדאָט פון ביאַליקן מיט די „מגיני השפה" האָט איר געהערט? יע. וועגן די „מגיני השפה"... אויך פאַר זיי בין איך אַ פאַרטרעטער אין אַמעריקע. איך האָב די „הרשאה" צו גרינדן דאָ אויך אַזעלכע חברות פון מגיני השפה... איך פאַרהאַנדל דאָ וועגן דעם מיט ריבאַלאָווען... אָבער מיינט נישט, אַז איך בין אַ העבּרעישער פאַנאַטיקער... איך האָב אויך אַ באַפולמאַכטונג פון די ארץ־ישראלדיקע יידישיסטן... זיי ווילן, אַז איך זאָל דאָ פאַרהאַנדלען מיט די יידישע שרייבער פון אַמעריקע וועגן אַ יידישן זאַמלבוך. צונויפשטעלן דאַרף מען אים טאַקע דאָ, און דרוקן אין ארץ־ישראל... איך האָב טאַקע דאָס רעכט צו זיין אויך דער רעדאַקטאָר דערפון... איך האָב זיך געזען וועגן דעם מיט רייזענען...

—מאָדנע,— זאָג איך.

—עס איז גאָרנישט מאָדנע,—מאַכט מר. קלאָץ,—וואָס קען איך זיך העלפן, אַז איך האָב צוטרויען פון אַלע, קלאַסן פאַרטייען און ריכטונגען?! אָט נעמט די תימנער יידן, איז אויך זייער פאַרטרעטער בין איך... איך האָב אפילו נישט געוואָלט, ווייל ווי קום איך, אַ פּוילישער ייד, צו זיי? נאָר זיי האָבן אויף מיר אַרויפגעצוואונגען... מר. קלאָץ,

איר זייט דער איינציקער, אויף וועמען מיר קענען בויען... איר פאַרט אין אַמעריקע, זעט, לאָזט אַרויס אַן אויפרוף פאַר אונז... אַ שאָד, וואָס איך האָב דאָ נישט מיט זיך דעם אויפרוף... איך האָב אים שוין אָנגעשריבן און איך זאַמל חתימות פון באַוואוסטע מענטשן... איר וועט דאָך אוודאי אונטערשרייבן?..

—אפשר פאַרטרעט איר אויך די אַראַבער?—מאַך איך אַ שפּאַס.

מיין יונגערמאַן ווערט זייער ערנסט:

—שפּאַסט נישט,—מאַכט ער,—איר האָט טאַקע געטראָפן... איר הערט אַ מעשה: עס איז געווען אַ טאָג, איידער איך האָב געדאַרפט אָפּרייזן קיין אַמעריקע, קומט צו מיר אַרויף אַ דעלעגאַציע פון אַראַבער... גאָלע עפענדיס... און זיי שטייען צו מיר צו: אַזוי ווי איך פאָר קיין אַמעריקע, וואָלטן זיי געוואָלט, איך זאָל זיין זייער פאַרטרעטער... און אַזוי ווי איך בין דער איינציקער פון די יידן אין ארץ-ישראל, וואָס רעדט גוט אַראַביש, לכן זאָל איך שרייבן אַלע זייערע רעזאָלוציעס פאַר דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט...

— און איר האָט אָנגענומען?

—ווי האָב איך געקאָנט נישט אָננעמען? איר פאַרשטייט? אין דעם שטעקט גרויסע פּאָליטיק... איך האָב גלייך טעלעפאָנירט צו דר. ווייצמאַן: אָננעמען, אָדער נישט אָננעמען? האָט ער מיר געענטפערט: אָננעמען! ווייל עס איז בעסער, איך זאָל זיין דער פאַרטרעטער פון די אַראַבער אין אַמעריקע, איידער אַ שונא פון ציוניזם... אַ שאָד, וואָס איך האָב דאָ נישט מיינע דאָקומענטן...

ער האָט זיך ווידער אַ כאַפּ געטאָן ביים בוזעם-קעשענע און ווייטער געזאָגט:

—און איר מיינט דאָס איז אַלץ?.. עס איז אַ טראָפּן אין ים!— רופט ער אויס מיט באַגייסטערונג.—פון די ים-המלח-ביליאָנדיקע קאָנצעסיעס האָט איר געהערט? בין איך פון זיי אויך אַ פאַרטרעטער!

—אָבער אַנטשולדיקט,—זאָג איך,—פון די קאָנצעסיעס האָט מען זיך דאָך ערשט דערוואוסט לעצטע וואָך?

—דאָס האָט איר זיך דערוואוסט ערשט לעצטע וואָך,—מאַכט ער מיט גרויס שטאָלץ,—אָבער איך ווייס שוין דערפון מער, ווי אַ יאָר... סער מאָנד האָט זיך מיט מיר באַראַטן נאָך לעצטן ווינטער... איר פאַרשטייט, ווען עס קומט צו פּאַלעסטינע, קען מען זיך אָן מיר נישט אַ דריי טאָן... איך ווייס אַלץ, איך האָב דורכגעשפּרייזט ארץ-ישראל

צופוס אפשר פופציק מאָל... איך קען דעם ים־המלח, ווי זיך אַליין... זיך נישט איינמאָל געבאָדן אין אים... איר הערט, איינמאָל האָב איך מיטן פוס עפּעס אָנגעטאַפּט... בין איך גלייך אַרויסגעשפּרונגען און אויסגערופן, אַז מיין פוס האָט אָנגעטאַפּט אַ קאַנצעסיע... איך בין אַ מבין אויף אַזעלכע זאַכן...

איך האָב געקוקט אויפן „פּאַרטרעטער" און געטראַכט וועגן גראַף פון מינכהויזן... ווער פון זיי איז גרעסער? אָבער ער האָט ביי מיר געבעטן נאָך אַ ציגאַר און ווייטער גערעדט:

—און איר מיינט, אַז נאָר ארץ־ישראל פּאַרטרעט איך?—איך פּאַרטרעט אויך חוץ־לארץ!.. למשל, ווייסט איר, אַז איך פּאַרטרעט שוואַרצבאַרדן?

—ווי אַזוי קומט איר צו שוואַרצבאַרדן? איר זענט דען געווען אין פּאַריז?

—נישט קיין סך,—זאָגט ער,—איך בין אויפן וועג קיין אַמעריקע אַרונטער אויף איין שעה בלויז אין פּאַריז.

—און אין איין שעה איז אייך געלונגען אָפּצוטאַכן מיט שוואַרצבאַרדן?—וואונדער איך זיך.

—יע, מיר איז עס געלונגען,—ענטפערט ער גאַנץ רויק. — איר פאַרשטייט? קומענדיק אין פּאַריז, האָב איך גלייך געכאַפּט לעווינען, האָט ער געכאַפּט זיין „קאָלאָמביע" און מיר האָבן געגעבן אַ פלי אַריבער צו טאָרעס, שוואַרצבאַרדס אַדוואָקאַט, און פון דאָרטן זענען מיר אַלע אַוועק צו שוואַרצבאַרדן אין תפיסה און אונטערגעשריבן די פּאַפּירן, אַז איך בין זיין פּאַרטרעטער אין אַמעריקע... איך מעג מאַכן דערקלערונגען אין זיין נאָמען... אַפילו גרינדן אַ פאָנד, אויב מען וועט דאַרפן... איר הערט, דער גאַנצער עסק האָט פונקט גענומען אַ שעה, און ווען איך בין צוריק געקומען צו דער שיף, האָט זי שוין געגעבן דעם לעצטן פייף...

—אָבער,—מאַך איך זיך תמעוואַטע,—ווי אַזוי איז אייך, מר. קלאָץ, געלונגען צו כאַפּן לעווינען גלייך ביי דער שיף?

—וואָס הייסט, ווי אַזוי?—ווערט מיין „פּאַרטרעטער" גאָרנישט נתפּעל.—לעווין איז אַרויס מיך מקבל־פּנים זיין צו דער שיף! איצט איז אייך שוין קלאָר?

—וואָס פאַר אַן עסקים האָט איר מיט לעווינען?

—כי, כי,—צעלאכט ער זיך,—אויך דאָס איז אייך נישט באַקאַנט? איך בין דאָך לעווינס פאַרטרעטער פאַר דעם גאַנצן מזרח: ארץ-ישראל, סיריע און מצרים!...

—אין וואָס פאַרטרעט איר לעווינען?

—עס איז ביזנעס!—מאַכט מר. קלאָץ.—לעווין פלאַנעוועט צו עפענען לופט-סטאַנציעס איבגאַנצן מזרח. נו, האָט ער מיך אויסגעקליבן פאַר זיין פאַרטרעטער. איך האָב אַ קאָנטראַקט מיט אים. אַ שאָד, וואָס אים האָב איך אויך פאַרגעסן אין האָטעל... מאָרגן וועל איך אייך זיי ווייזן... אַלע דאָקומענטן... איך וויל טאַקע, איר זאָלט זען מיט וועמען איר האָט דאָ וואָס צו טאָן...

* * *

איך וואַרט שוין אויף דעמדאָזיקן מאָרגן עטלעכע וואָכן. מיין פאַרטרעטער ווייזט זיך נישט. און דאָס איינציקע, וואָס איך שרעק זיך, איז, אַז דער חברה-מאַן זאָל נאָך ערגעץ נישט ווערן דער פאַרטרעטער פון "מיינע הומאָרעסקן...

# אין חלום.

קלאָגט זיך פאַר מיר אַ ייד פון דעם מין אייביקע ליידיקגייער:
— איך האָב אַ שלעכט ווייב. איך ווייס, עס איז קיין נייס נישט: אַלע יידן האָבן שלעכטע ווייבער, אָבער דאָס איז פאַר מיר אַ קנאַפּע טרייסט. ווען יענעם איז אויך נישט גוט, איז מיר דערפון בעסער? און דערצו גלויב איך, אַז מיין ווייב איז די ערגסטע.
ווייל שלעכט צו שלעכט איז נישט גלייך.

עס איז אפשר נישט שיין צו רעדן אויף אַן אייגן ווייב,—אָבער וואָס קען מען טאָן?! צו שווייגן איז זייער שווער. עס ווילט זיך פאַר עמעצן עפּענען דאָס האַרץ.

מיין ווייב לאָזט מיך פשוט נישט אָטעמען פריי.
אַזוי אַ ווייב האָט צוויי אויגן—מ יינע גאַנצע הונדערט!
און דערהויפּט איז איר רשעות שטאַרק בנוגע אַנדערע פרויען.

איר פאַרשטייט, איך בין דאָך נישט מער, ווי אַ לעבעדיקער מענטש. כאַפּ איך אַמאָל אַ קוק אין אַ זייט.
אַ מענטש האָט דאָך אויגן—יאָ, צי נישט?
און וואָס איז דאָ די עבירה, אַז איך קוק אויף שיינע ווייבלעך?
איך מיין דערביי, חלילה, גאָרנישט: אויף אַ שיין ווייבל קוקט זיך.

אָבער מיין ווייב ווערט מלא רציחה און באַגראָבט מיך צען מאָל אַ טאָג דערפאַר.

ביי איר איז רעכט מיר צו מאַכן אַ סקאַנדאַל פאַר פרעמדע מענטשן אין די אויגן.

איינמאָל זענען מיר ביידע געפאָרן אין אַ סאָבוויי. פאָרן מיר אַזוי ביידע, איז ווייס איך שוין, אַז ווען איך פאָר מיט איר, דאַרף איך קוקן אָדער אין פענסטער, אָדער דרעמלען.

דאָס בעסטע, זאָגט מיין ווייב, איז פאַר אַזאַ הונט, ווי איך, ווען איך פאָר, צו כאַפּן אַ דרעמל.

עס וועט מיר גאָרנישט שאַדן,—זאָגט זי.

פאָר איך מיט איר אַזוי און דרעמל.

מאַכט זיך, אַז פונקט אַנטקעגן אונז זעצט זיך אַ שיין ווייבל.

אָבער איך זאָג אייך טאַקע אַ שיינע! אַזעלכע באַגעגנט מען זעלטן.

און ווייבאַלד שיין,—איז אויך האַלב נאַקעט. אַזוי איז שוין די טבע פון שיינע ווייבלעך...

דרעמל איך,—אָבער גיי דרעמל, ווען עס זיצט אַנטקעגן דיר אַזאַ שיינהייט?

דרעמלט זיך שוין נישט.

כאַפּ איך מיט איין אויג אַ קוק אויף מיין ווייבל, צי זי קוקט נישט אויף מיר, איז, דאַכט זיך, אַז נישט.

כאַפּ איך גלייך און גיב אַ קוק אויף דער שיינהייט.

ערשט איך דערפיל אַ שטורך אין זייט, טאַקע פון מיינער, הייסט עס.

און וויסן דאַרפט איר, אַז מיינע קען זיך גאַנץ פיין שטורכען, כוח האָט זי, הלוואי וואָלט זי געווען אַזוי שיין און גוט.

מקבל געווען דעם שטורך, האָב איך קיין ברירה נישט און מאַך צו די אויגן.

איך דרעמל, הייסט עס...

אָבער איך פרעג אייך, ווי אַזוי קען מען שלאָפן אין אַ צייט, ווען אַזאַ שיינהייט זיצט אַנטקעגן אייך?

עס איז דאָך פשוט אַ פאַרברעכן.

דער יצר-הרע טאָרקעט: קוק!

עפן איך אַזוי לאַנגזאַם אַ האַלבן אויג און כאַפּ ווידער אַ קוקעלע.

און איך דערפיל שוין נישט קיין שטורך, נאָר אַ זעץ אין זייט.

שלעכט. וואָס טוט מען? עס איז דאָך פּשוט אַ שאַנדע פאַר לייטן! קוים, קוים, דערלעבט, אַז די נקבה זאָל אַרויס פון סאָבוויי, פּטור געוואָרן.

אָבער מיינט נישט, אַז דערמיט ענדיקט זיך די געשיכטע!

קומענדיק אַהיים, האָט מיר ערשט מיין ווייב געגומען דערלאַנגען פריער—קללות, דערנאָך—שיך אין קאָפּ.

מיין ווייב האָט אַ טבע, ווען זי איז אין כּעס, צו וואַרפן שיך אין קאָפּ.

הכלל, יענע וואָך בין איך אומגעגאַנגען אַ פאַרבונדענער.

און עס איז נאָך אַ גליק, וואָס עס איז דאָ אַ פּאָריער*)-שטרייק אין ניו-יאָרק.

פרעגן מיך מענטשן: מיסטער טשיזיק, ווער האָט עס אייך אַזוי צעשלאָגן? דאָס ווייב?

ענטפער איך: ניין, בויאַנעס, גאָרילעס.

פרעגן זיי: ווי קומט איר צו בויאַנעס?

זאָג איך: איך מיש זיך אין שטרייק.

פרעגן זיי: ווי קומט איר צו דעם, אַז איר אַרבעט דאָך גאָר קיינמאָל נישט?

זאָג איך: לעצטע וואָך בין איך אַוועק אַרבעטן ביי „פאָר"!**).

שאָקלען זיי מיט די קעפּ. גלויבן יאָ און גלויבן נישט...

דערגרייכט עס, ווי אַזוי ווייס איך נישט, צו מיין אשה רע.

נעמט זי מיך אויף אַ פאַרהער:

—גרויסער פאַרדינער מיינער! פון ווען אָן אַרבעטסטו שוין און נאָך דערצו ביי „פאָר"?

שווייג איך.

צעשרייט זי זיך: אַז דו וועסט מיר נאָכאַמאָל אויסטראַכטן, אַז דו אַרבעטסט ביי „פאָר", וועסטו זיך שוין אויסריכטן אַ פינסטערן יאָר!

מיין ווייב, ווען זי איז אין גוטן הומאָר, שילט זי אין גראַמען.

הכּלל שלעכט.

—וועט איר דאָך זאָגן, מענטש איינער, פון אַזאַ ווייב נעמט מען און מען אַנטלויפט און מען ווערט פריי, וויפל איז דער שיעור צו ליגן איינגעלייגט?

---

*) אַרבעטער ביי פוטערוואַרג.

**) פוטערוואַרג.

זאָג איך אייך, אַז איך האָב שוין דאָס אויך געפּרוּווט. שוין אַנטלאָפן אויך, און דווקא גוט אַנטלאָפן, אַזש אין שיקאַגאָ. אָבער איר קענט נישט מיין ווייב, וואָס פאַר אַ מרשעת דאָס איז. זי האָט מיך גלייך אויפגעזוכט. ווי אַזוי? זי האָט אַריינגעשטעלט מיין פאָטאָ-גראַפיע, אָנגעגעבן סימנים. און איינמאָל, איך שפּאַציר זיך אַזוי איבער שיקאַגאָ, פריי, ווי אַ פייגעלע, מיר איז גוט, גוט, ווי די וועלט, נישט איך דאַרף אַרבעטן און נישט איך דאַרף ליידן פון דעם ווייב, ערשט עס קומט צו צו מיר אַ יונגערמאַן, טאַקע אַ לאַנדסמאַן אויך און דער-קענט מיך, ווייזט מיר די פאָטאָגראַפיע און גיט מיך איבער אַ פּאָליס-מאַן. שלעכט, הכלל, איך בין צוריק אינדערהיים... און לייד ווידער...

— איר פרעגט, ווי אַזוי קען דאָס אַ מענטש איבערטראָגן? ענט-פער איך, אַז איך וואָלט עס שוין טאַקע נישט אַריבערגעטראָגן, ווען נישט דאָס ביסעלע שלאָף.

אין שלאָף, פאַרשטייט איר, חלום איך, און אין חלום בין איך פריי.

איך טו, וואָס איך וויל.

ערשטנס, קוק איך אויף שיינע ווייבלעך, וויפל מיין האַרץ גלוסט.

איך קוק און מיין ווייב קען מיר גאָרנישט טאָן.

צווייטנס: אַנטלויף איך אין חלום פון מיין מרשעת. איך לויף און קיינער כאַפּט מיך נישט...

אמת, עס טרעפט אַמאָל, אַז איך באַצאָל פאַרן חלום אויך. אָבער דאָס טרעפט איינמאָל אין אַ שמיטה.

איינמאָל, האָט זיך מיר געחלומט אַזאַ טייערער חלום, אַז איך האָב אָפּגעגעט מיין אומגליק און אַוועק אויף אַ „האָניק-רייזע" מיט אַ יונגער שיינער אלמנהטשקע...

און עס איז מיר אַזוי גוט געווען, אַז איך האָב אַזש אויסגע-שריגן אין שלאָף:

לאָמיר זיך גטן!

און דאַן האָט זיך מיין אשה אויפגעכאַפּט און מיר געגעבן אַזאַ זעץ מיטן עלנבויגן, אַז איך געדענק עס נאָך איצט.

— גטן... מיט וועמען גטן?.. ווער גט?.. איך וועל דיך גטן?!.. פריער וועסטו ביי מיר ליגן אין קאַסטן, אויסגעפּוצט אין תכריכים און נאָכדעם וועל איך דיך גטן...

הכלל, איך בין מיט יענעם חלום דורכגעפאלן.
און איצט היט איך זיך שוין צו שרייען אין חלום.
איך חלום שטיל... פאר זיך...
ווייל ווען איך זאל שוין נישט קענען חלומען אויך, דאן איז
פון בריק גלייך אין וואסער... איר פארשטייט?

# א גרינג לעבן.

אמעריקע איז א לאַנד נישט פון גיין, נאָר פון לויפן.

פאַר אַלץ לויפט מען דאָ, אפילו פאַר א פּרעזידענט. מען לויפט צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט. מען לויפט נאָך א מיידל און נאָך א טראַמוויי.

אָבער וואָס, א שטייגער, וועט איר זאָגן אויף אַזאַ מין לויפן?

איך האָב געהאַט א פריינט, אַן אַפּטייקער, אַן אַרבעטער ביי יענעם. נו, האָט אים גאָט געהאָלפן און ער האָט געקויפט אַליין אַן אַפּטייקל. נישט אין ניו־יאָרק, נאָר אין א שטעטל, אין ניו־דזשוירזי, דאָרט טאַקע חתונה געהאַט.

קום איך איינמאָל צו אים צו גאַסט.

עס ווילט זיך זען, ווי אַזוי א פריינט לעבט.

געקומען בין איך צו מיין פריינט גלייך אין אַפּטייק. נו, האָבן מיר זיך וואַרעם אַרומגעכאַפּט און ער רופט זיך אָן צו מיר:

—איצט, קום, לאָמיר גיין צו מיר אין הויז, און איך וועל דיך באַקענען מיט מיין פרוי און קינד.

—ווי ווייט איז עס?—פרעג איך.

—נישט ווייט, א פינף קוואַרטאַלן אינגאַנצן,—מאַכט ער.

מיר זענען ארויס.

אַרויסקומענדיק, זאָגט צו מיר מיין פריינט:

—אַזוי ווי איך לאָז איבער די אַפּטייק אַליין, מוז איך לויפן. אַז דו ווילסט, קענסטו נאָכלויפן.

מיר איז עס אויסגעקומען ווייער קאָמיש: אַ גאַסט זאָל נאָכלויפן — נאָר איך לאָז זיך לויפן.

לויפן מיר: ער פּאָרויס און איך נאָך אים. און געלאָפן איז ער שרעקלעך שנעל. איך האָב שוין לאַנג נישט געזען אַזאַ מין סאָרט לויפן...

צוגעלאָפן צום הויז, האָט ער גענומען לויפן אויף די טרעפּ, און איך נאָך אים.

לויפנדיק אויף די טרעפּ, איז אונז אַנטקעגן געקומען פון אַרונטער די טרעפּ אַ יונג ווייבל.

—פלאָרע! — האָט מיין פריינט, דער אַפּטייקער, אויסגערופן לויפנדיק. — איך פיר דיר אַ גאַסט, היימען!

איך ווייס נישט, צי פלאָרע האָט אויף מיר געכאַפּט אַ קוק — נאָר אָפּגעשטעלט האָט זי זיך נישט.

— גוט! — האָט זי אויסגעשריען, לויפנדיק.

— דאָס איז מיין פרוי! — רופט זיך אָן מיין פריינט, אַלץ לויפנדיק.

— טאָ פאַרוואָס האָט זי זיך נישט אָפּגעשטעלט? — פרעג איך אויך לויפנדיק.

— זי מוז לויפן! — זאָגט מיין פריינט, און לויפט נאָך אַלץ.

— וואָס איז דאָס פאַר לויפעניש אויף אייך? — לאַך איך און לויף פונדעסטוועגן אים נאָך.

— איך וועל דיר שוין שפּעטער דערציילן, — מאַכט ער און סאָפּעט, ווי אַ „פּאַרעוויק".

געוואוינט האָט מיין פריינט אויף דעם פערטן גאָרן. אָבער ענדלעך זענען מיר שוין געווען אין זייגע צימערן.

ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטול, איך אויך. ער האָט זיך אָפּגעסאָפּעט, איך אויך.

— דו ווילסט וויסן, וואָס מיר לויפן אַזוי? — האָט מיר מיין פריינט גענומען דערקלערן. — עס איז איינפאַך: קיין מענטשן אין אַפּטייק האָבן מיר נישט, עס לוינט זיך נישט צו האַלטן, עס טראָגט נישט... נו, טייל איך זיך מיט מיין פרוי, און מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז תיכף ווי זי דערזעט מיך לויפן אַהיים, זאָל זי זיך לאָזן לויפן אין אַפּטייק. און דאָסזעלבע, ווי איך דערזע זי לויפן אין אַפּטייק, לאָז איך זיך לויפן אַהיים. מען קען דאָך דעם געשעפט נישט לאָזן אַליין און אויך דאָס קינד קען מען נישט לאָזן אַליין...

אזוי רעדנדיק, איז ער אויפגעשטאַנען און גענומען לויפן איבער די צימערן.

—וואָס לויפסטו איצט ?—פרעג איך.

—די צייט איז דאָך קורץ,—מאַכט ער.—און איך דאַרף אַפּעסן אויף גיך, ווייל באַלד קען מיך מיין פרוי אָפּרופן אין טעלעפאָן, אַז זי דאַרף מיך אין אַפּטייק.

און כך הוה: איידער ער האָט נאָך גענומען עפּעס דערלאַנגען צום טיש, האָט גענומען קלינגען דער טעלעפאָן.

—דאָס איז זי!—האָט ער אויסגערופן און געכאַפּט דעם טעלע-פאָן. זי רופט מיך שוין,—און איך מוז לויפן!.. אָבער באַלד וועל איך זיין צוריק... דו, דערווייל, בייס דאָ עפּעס צו!

און ער האָט זיך געלאָזט לויפן.

דערווייל האָט דאָס קינד זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהייבן וויינען. איך בין געלאָפן צום קינד און גענומען עס איינשטילן. אָבער עס וויל נישט, און שרייט מיט שרעקלעכע קולות.

אין אַ ווײַלע אַרום, איך גיב אַ קוק אין פענסטער, מיין פריינט לויפט שוין צוריק. אַריינגעלאָפן—האָט ער געכאַפּט ביי מיר דאָס קינד און גענומען אַרומלויפן דערמיט איבערן הויז...

עסן האָט ער שוין קיין צייט נישט...

—אָט אַזוי, ווי דו זעסט, לויפט מען!—מאַכט מיין פריינט.—אַזאַ לעבן איז דאָס... קומט אַ גאַסט, קען מען מיט אים אַ וואָרט נישט אויסרעדן. מען מוז לויפן!..

—און דיין קינד לויפט נאָך נישט ?—לאַך איך.

—נאָך נישט!—לאַכט ער צוריק.—און לאַך נישט, דו ווייסט, אונזער גאַנצע האָפענונג איז, ווען דאָס קינד וועט אויסוואַקסן, וועט עס אונז העלפן.

—לויפן ?—פרעג איך.

—אוודאי!—לאַכט ער.—אין דרייען וועט מען דיך שוין אַן עצה געבן... האָסטו שוין צוגעביסן ?

דאָ האָט זיך ווידער דערהערט אַ טעלעפאָן.

—עס איז פון דער ווייב, פון דער אַפּטייק! נאַ דיר דאָס קינד, אַנטשולדיק!—האָט מיין פריינט געזאָגט, זיך איילנדיק.—איך מוז לויפן! אָבער דו אייל זיך נישט... באַלד וועט קומען צעלויפן מיין פרוי!..

ער האָט געענטפערט דעם טעלעפאָן און זיך געלאָזט לויפן.

און ווען איך האָב באַלד נאָכדעם ארויסגעקוקט פון פענסטער, האָב איך געזען צוויי מענטשן לויפן: דאָס איז מיין פריינט געלאָפן אין אַפּטייק און מיין פריינטס פרוי פון אַפּטייק. און איך בין דערווייל ארומגעלאָפן איבערן צימער מיטן קינד אויף די הענט...

# די אמתע קונדן.

(דערציילט אויפן אויער פון א באַלעבאָס
פון א ליטעראַרישער קנייפּע).

הערט איר, אויב אייך איז באַשערט צו גיין אמאָל אין קאווע־ביזנעס, אויב אייך איז אָנגעשריבן צו האַלטן א רעסטאָראַן, טאָ זאָל אייך גאָט אויסהיטן אריינצופאַלן אין די הענט פון ליטעראַרישע מענטשן. זאָל אייך דער אויבערשטער שומר ומציל זיין פון העברייער, פון יידישע אינטעליגענטן און יידישע פּאָעטן.

אָט אזוי, פון אויבן אָן, דוכט זיך, אַז איך ווער אָפּגעגאָלטן, ווער א ראָקעפעלער, שיט אָן גאָלד גאַנצע פעסער!

אַ קלייניקייט! די קנייפּע איז שטענדיק פול, געפּאַקט מיט מענטשן, ווי א בראָנזווילער טראַמוויי נאָך זעקס א זייגער פאַרנאַכט. מענטשן זיצן אויף מענטשן. מענטשן דריקן זיך אויף מענטשן. עס איז אָנגערויכערט, ווי אין א היימישן שענק. מען דעבאַטירט אפילו שטייענדיק. מיט איין וואָרט: עס איז אזוי ענג, אַז עס איז נישטאָ, וואו ארייַנצושטופּן א נאָדל.

אָבער דאָס איז אַלץ גאָרנישט... אינדערעמתן טו איך כמעט קיין ביזנעס נישט. איך האָב קונדן, אָבער לייַז לייַז איך פון זיי ווייניק. צוריק שמועסנדיק, גיט מען ביי מיר יע צו לייַזן, אָבער נישט קיין געלט, נאָר — —שעהן.

איר ווייסט, וואָס דאָס מיינט פאַר אַ לייזאַכץ? — איז וועט איר באַלד הערן:

ווען איך זאָג, אַז זיי גיבן צו לייזן שעהן, מיין איך עס נישט אין אַ וויץ.

דאָס איז אַ פאַקט. אַזוי זענען כמעט ניין און ניינציק פון מיינע קונדן.

איינער גיט צו לייזן צוויי שעה אַ טאָג, איינער—דריי, איינער—פיר. עס וועגדט זיך, ווי נאָך אַ קונד. עס זענען דאָ ביי מיר קונדן, וואָס גיבן צו לייזן פיר און צוואנציק שעה אַ טאָג. און נאָך מער אויך...

אָ, איר וועט פרעגן: און עסן? יע, איך האָב אייך טאַקע געוואָלט דערציילן וועגן עסן...

עס איז אַזוי: אייניקע עסן אינדערהיים ביי די פרויען, אייניקע ביי זייערע באַלעבאָסטעס אויף באָרג, אָבער די מערסטע עסן גאָרנישט, אָדער כמעט ווי גאָרנישט.

פון צייט צו צייט נעמט מען אַ גלעזל קאַווע און מען וואַרט אויף אַ מעצענאַט, וואָס זאָל קומען און אָפּצאָלן.

אַ סך טרינקען אויך אַ קאַווע בלויז, ווען מען איז זיי מכבד. דער גרעסטער טייל לעזט צייטונגען, רויכערט געליענע פּאַפּיראָסלעך, דעבאַטירט און שיט מיט וויצן...

אַנטקעגן דעם, וואָס מען זאָגט, עסען ערגעץ אַנדערש.

צו מיר קומט אַריין אַ יונגער דיכטער. ער איז שוין אַן אַלטער אַריינגייער, גיט צו לייזן יעדן טאָג אַ צען שעה, איז ער זיך נוהג אַזוי:

ער קומט גאַנץ פרי, זיצט אָפּ ביז האַלבן טאָג, פאַרבויגט ער דעם שטול און זאָגט צום קעלנער—מיט אַ ברייטקייט פון אַ מענטשן, וואָס שרייבט אויס יעדן טאָג אַ צוויי-דריי הונדערט טשעקעס:—סעי, קעלנער! זע, אַז קיינער זאָל נישט פאַרנעמען מיין פּלאַץ. איך גיי נאָר צו מיין באַלעבאָסטע אויסטרינקען אַ גלעזעלע קאַווע און איך קום גלייך צוריק.

פאַרנאַכט, איידער ער גייט אַהיים מיטאָג עסן, ווידערהאָלט ער דעמזעלבן באַפעל.

איר לאַכט? —דאָס איז נאָך גאָרנישט!

אַ צווייטער פּאָעט קומט אַהער בלויז טעלעפאָנירן צו זיין געליבטע. נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט בשעת מעשה קיין ניקל, באָרגט ער ביי מיר אַ ניקל און טעלעפאָנירט.

אַ דריטער קומט אַהער אַריין יעדן טאָג בלויז אויף צו נעמען אַ קעשענע ציין-שטעכערס. ער זאָגט, אַז אַזעלכע איידעלע, צאַרטע

און פיקאַנטע שטעכערס קען ער אין ערגעץ נישט קריגן...

אַ פּערטער לעזט דאָ זיינע ביכער און מאַנוסקריפּטן; אַ פּינפטער דערהאַלט דאָ זיין „פּאָסט"...

נאָר דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט. דער עיקר קומט ערשט: דאָ קומט אַריין איינער, אַ מין מענטשל, וואָס דרייט זיך אַרום ביי יידישע צייטונגען. ער טראָגט זיך אום שטענדיק מיט אַ פּעקל יידישע צייטונגען אונטערן אָרעם און דערפון מאַכט ער אַ לעבן...

איז אָט דער מאַן קומט אַהער יעדן טאָג—חלשן...

מיינט נישט, אַז איך מאַך דאָ שפּאַס! טאַקע חלשן ממש, ווי גאָט האָט געבאָטן... אָט אַזאַ טבע האָט ער.

און מיינט איר, אַז ער איז מיינער אַ קונד? חס וחלילה! עסן, עסט ער אין אַן אַנדער רעסטאָראַן, ערגעץ אין אַ פּופּצן-סענטיקן—אָבער חלשן קומט ער צו מיר.

דעם ערשטן טאָג, ווען דער צופאַל האָט געטראָפן, איז געוואָרן אַזאַ מהומה אין רעסטאָראַן, ווי ביי אַן ערדציטערניש, ממש אַן איבער-קערעניש!.. איך און מיין פרוי זענען אומגעגאַנגען, ווי טויטע...

איר פאַרשטייט דאָך: אַ מענטש חלשט, איז דאָך נישט גוט און בפרט נאָך אין אַ רעסטאָראַן... וואָס רעכנט יענער: דאָס עסן האָט אים פאַרשאַדט, נישט געווען פריש... איר ווייסט דאָך...

כאָטש אין גרונט גענומען, ווייס איך, אַז פאָעטן חלשן—עסן, אָבער נישט פון עסן.

אָבער, צוריק שמועסנדיק, ווער ווייסט...

ווען מיר האָבן אים אָפּגעמינטערט, פרעג איך אים, איך און מיין ווייב: מר. פויגעלזאָן (אַזוי הייסט ער, דער מאַן, וואָס חלשט), וואָס האָט איר אַזוינס ביי אונז געגעסן, וואָס עס האָט אייך אַזוי פאַרשאַדט?

ענטפערט ער: איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך עס גאָרנישט ביי אייך.

רוף איך זיך אָן צו אים, איך און מיין ווייב: געוואַלד, גזלן איינער! עסן, עסט איר ביי אַ פרעמדן און חלשן קומט איר צו מיר? דאָס איז ביי מיר אַ חלשות-שטיבל, אַ שול, אָדער אַן אַפּטייק? וואו איז יושר, וואו איז „גערעכטיקייט", ווי עס זאָגן די יידישע אַקטיאָרן.

ענטפערט ער: ער קען גאָרנישט העלפן. ער מוז דאָ חלשן, ווייל דאָ איז זיין עולם און עס איז היימלעכער...

איצט האָבן מיר זיך שוין צו אים צוגעוויינט. עס איז שוין ביי-

אונז דאָס אייגענע, ווי עס פֿעלט אַ שטול... ער חלשט—זאָל ער חלשן !..

דאָס איז שוין ביי מיר אַזאַ אַטראַקציע אין רעסטאָראַן: מען ווייס, אַז כמעט יעדן טאָג קומט מר. פויגעלזאָן און חלשט און מען דאַרף אים מינטערן.

וואָס זאָל מען טאָן, אַזאַ געשעפֿט איז דאָס...

אַי, איר וועט געוויס פֿרעגן: פונוואַנען זשע לעב איך? וועל איך אייך צוריק פֿרעגן די אייגענע פֿראַגע: טאַקע פונוואַנען לעב איך?

סך הכּל: מען מוטשעט זיך, מען איז אויף צרות און מען שלאָגט זיך ווי עס איז דורך !..

עס פּאַסירט אַמאָל, עס פֿאַלט אַריין אַ ייד פון גאַס און עסט אָפּ אַ פולן מאָלצייט.

און אַמאָל פֿאַרבלאָנדזשעט אויך אַ גוי.

עס פּאַסירט אַמאָל. דער עיקר, איר זעט דאָך: מען לעבט !..

# א מעשה מיט א פוטער.

דערציילט מיר מיין פריינט: אַ פוטער איז אַ גוטע זאַך, אַ גוצלעכער מלבוש, אַזוי מיינען אַלע, וואָס האָבן נישט קיין פוטערס. אָבער איך גלויב, אַז די מעשה איז נישט אַזוי. אַט הער, וואָס מיט מיר האָט געטראָפן, און אורטייל אַליין.

איך, ווי דו ווייסט, בין געווען אַ גאַנץ רויקער־יונגערמאַן, אַ פרייער בירגער אויף גאָטס וועלטל, אַ שטיקל הוליאַק בטבע, אַ באַר־דער פון נאַטור, אַ בחור אַ טרעמפּ. איך האָב זיך געטראָגן אַ צע־קנייטשט מאַנטל, ווי אַלע מיינע חברים, און בכלל געווען צופרידן. ביז איינמאָל, אין אַן אָוונט, קום איך צו גאַסט צו מיינעם אַן אָנקל, און ער הייבט מיר אָן איינשמועסן, אַז איך זאָל זיך מאַכן אַ פוטער.

—איך ? אַ פוטער ?!—קוק איך אים אָן, ווי משוגע.

—פאַרוואָס נישט !—פרעגט מיין אָנקל.—וואָס ? עס פּאַסט דיר נישט ?

—איך דאַרף נישט קיין פוטער ! — שנייד איך אָפּ.—צו וואָס דאַרף איך אַ פוטער ?!

—עס איז נישט אַזוי שרעקלעך, ווי דו מיינסט,—טענהט מיין אָנקל.—אַז דו וועסט האָבן אַ פוטער, וועסטו זען, אַז מען דאַרף אים... און ווידער,—האָט ער צוגעגעבן,—ער וועט דיר קיין סך געלט אויך נישט קאָסטן, אַלנפאַלס נישט קיין סך מער, ווי אַ מאַנטל. פאַרשטייסט, איך בין איצט אַריין אין די פוטער־ביזנעס. איך ביי אַליין פוטערס,

וועל איך דיר מאַכן אַ פּוטער אויף קרן. איך דאַרף דאָך אָן דיר נישט פאַרדינען!

—איך האָב נישט קיין חשק! — האָב איך זיך געפּרואווט ווערן.

—חשק, שמיישיק! אַ מענטש, ווי דו, האָט שוין אַמאָל געמעגט אַ טראַכט טאָן וועגן אַ תכלית אויך! דו ביזט שוין, דוכט זיך, נישט קיין ייִנגעלע! — האָט מיין אָנקל מיך געמוסרט.

—ווער קוקט אויף תכליתים? — האָב איך געזאָגט. — מיר איז אַזוי אויך גוט!

—דאָס איז די מעשה, וואָס דו קוקסט נישט, — האָט מיין אָנקל מיר גענומען דעם לעבער. — איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, אַז איצט האָסטו די געלעגנהייט זיך צו באַזאָרגן מיט אַ גוטן מלבוש. וועסטו זיך מאַכן דעם פּוטערל, וועסטו זיין באַזאָרגט, פאַרשפּאָרן יעדן ווינטער צו טראַכטן וועגן אַ מאַנטל. עט, מאַך זיך נישט נאַריש, קום, נעם אַ מאָס!

איך האָב זיך מער נישט געקענט ווערן קעגן מיין אָנקלס טענות און ער האָט מיר גענומען אַ מאָס און אויפגענייט אַ פּוטער, און פון דאַן אָן הייבן זיך אָן מייגע צרות.

אַ פּאָר מאָנאַטן האָב איך זיך געשעמט ווייזן צווישן חברים אין מיין פּוטער. וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך ביי זיי האָבן? וואָס וועלן זיי אויף דעם זאָגן?

און איך פלעג זיך נוהג זיין אַזוי: אין פּוטער האָב איך זיך בלויז געוויזן צו דער משפּחה און מיט די חברים האָב איך זיך באַגעגנט אַלץ אין מיין אַלטן צעקנייטשטן מאַנטל.

אָבער מיט אַ פּוטער קען מען, הפּנים, לאַנג קיין סוד נישט האַלטן. דער סוד פון פּוטער איז אַרויס פאַר דער וועלט.

עס מאַכט זיך איינמאָל אַזוי: איך גיי צו מיין משפּחה, און טאָקע אין פּוטער. ערשט עס קומט מיר אָן אַנטקעגן מיינער אַ חבר.

שטעלט זיך יענער אָפּ, קוקט מיך גוט אָן, ווי ער וואָלט מיך נישט דערקענט, גיט אַ שפּיי און שרייט ענדלעך אויס:

—דאָס ביזטו גאָר אין אַ פּוטער? טפו זאָלסטו ווערן!

וואָס האָב איך אים געקענט ענטפערן אויף אַזאַ באַגריסונג? איך בין רויט געוואָרן, ווי אַ רויטער קראַוואַט, און געשוויגן.

—אַזוי? דיר שטייט שוין גאָרנישט אָן צו רעדן מיט מיר? דו דערקענסט מיך שוין אפשר נישט?! — האָט מיין חבר געליאַרעמט. — ביזט געוואָרן אַ גאַנצער בורזשוי! קוק אים נאָר אָן!

איך האָב אים געמוזט דערציילן דעם גאַנצן אמת מיטן פוטער, און דער בחור איז אַוועק... אַוועק און צוגעשיקט פאַר אַלע מיינע פריינט און חברים וועגן מיין פוטער און נאָך צוגעגעבן, אַז איך אַליין האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב פאַרן פוטער באַצאָלט הונדערט און פופציק דאָלאַר מזומן!

מילא, וואָס טוט מען? פאַרפאַלן! האָב איך געמוזט זיך אָנטאָן אַ כוח און זיך שוין ווייזן צווישן די חברים אין פוטער.

אָבער דערמיט האָבן זיך אָנגעהייבן נייע צרות:

וויבאַלד, אַז אַ מאַן, ווי איך, האָב זיך אַזוי אַרויפגעאַרבעט צו טראָגן אַ פוטער, האָט מיך חברה אָנגעהייבן האַלטן פאַר דעם בורזשוי אין דער משפחה, און ממילא אויך פאַר דעם גביר, און דער רעזולטאַט: מען האָט מיר מכבד געווען אַלעמאָל צו צאָלן פאַר טיי, פאַר קאַווע, פאַר ציגאַרעטן און סתם פאָמפּען ביי מיר אַ גמילות חסד.

—נישקשה,—האָט חברה געטענהט,—דו מעגסט צאָלן! אַ מענטש האָט אַזאַ פוטער!

—נישקשה, דו מעגסט מיר לייען אַ דריי̆ערל. אַ מענטש, וואָס קען זיך פאַרגינען אָנצוטאָן אַזאַ פוטערל, איז שוין מן הסתם אָנגעשטאָפּט מיט געלט.

בקיצור: איך האָב נישט געוואָלט פאַרשעמען מיין פוטערל, און איך האָב געצאָלט, געליען און אַליין אָפטמאָל אַרומגעגאַנגען אָן אַ ניקל...

נאָר דאָס איז נאָך נישט אַלץ. איך האָב געהאַט נאָך צרות פון דעמדאָזיקן פוטער. און דאָס איז געווען מיט דעם היטן אים.

אַזוי, איידער איך האָב געהאַט דעם פוטער, פלעג איך זיך קומען אין רעסטאָראַן, אויפהענגען מיין מאַנטל צווישן אַלעמענס מאַנטלען— און גאָרנישט... אַ פרייער מענטש, ווער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אים? וועמען האָט גאָר געקענט איינפאַלן, אַז מען קען אַזאַ זאַך גנבענען. אָבער מיטן פוטער איז עפּעס אַנדערש... עס איז דאָך עפּעס אַ פוטער, אָן אייגנס מיט געלט, אַזוי צו זאָגן. אַלע זאָגן דאָך, אַז ער קאָסט הונדערט און פופציק דאָלאַר! פלעג איך אים שוין אויפהענגען באַזונדער און ביים עסן האַלטן אין איין קוקן אין דער זייט, וואו דער פוטער איז געהאָנגען. דענקט איר, אַז מיר איז שוין איינגעגאַנגען דאָס עסן?

נאָר דאָס זענען נאָך אַלץ קלייניקייטן, „דראָביאַזקעס" קעגן דעם הויפּט-אומגליק, וואָס האָט מיר געטראָפן צוליבן פוטער.

זינט איך האָב געמאַכט דעם פוטער, האָט זיך די משפחה צו־

משפחהט, אַזוי צו זאָגן, זיך אויף מיר אָנגעזעצט מיט איר גאַנצער גע־וויכטיקייט: מומעס, קוזינעס און סתם קרובים, אַז אַזוי ווי איך בין שוין איצט אַ באַקליידטער, בין באַזאָרגט מיט אַ פוטער, טאָ פאַרוואָס זאָל איך שוין טאַקע נישט חתונה האָבן?!

—וויפל איז דער שיעור באַסיאַקעווען?—האָט די משפחה געטענהט.

זיי האָבן אַזוי לאַנג געטענהט, גערעדט פון פוטער און חתונה האבן, חתונה האָבן און פוטער, ביז מיר האָט די זאַך דערעסן און איך האָב טאַקע חתונה געהאַט.

און זאָגן אייך דעם אמת: דער פוטער אַליין האָט אויך אַ סך צוגעהאָלפן אין דער זאַך. זינט איך האָב אים אָנגעטאָן, בין איך געוואָרן פיל שווערער, פיל ערנסטער, האָב איך דערפילט דעם יאָך פון לעבן, האָבן זיך מיינע פלייצעס ווי אַראָפּגעבויגן.

און איצט איז די מעשה אַזוי: איך בין פאַרהייראַט, צי אין שפּאַן, מאַך אַ לעבן, אָבער צווישן פריינט רעכנט מען מיך אַלץ פאַר אַ שטיקל עושר און טאַקע אַלץ צוליבן פוטער.

און ער, דער פוטער אַליין? ער איז שוין לאַנג האַלב אויסגע־קראָכן. אַ זכר פון אַ פוטער, נישט מער!

## ווי פילט איר זיך אין געזונט?

דערציילט אַ יונגער יידישער קריטיקער:

מען וואונדערט זיך אַמאָל, פאַרוואָס אַ קריטיקער רייסט מיט כעס אַרונטער אַ בוך. אָט הערט אַ מעשה:

איך האָב זיך מיט דעם יונגן שרייבער טומלמאַן געקענט פון חייטן.

גוט מאָרגן—גוט יאָר. זייער קאַלט. און אַמאָל דאָס אויך נישט. ווי מיר האָט זיך געדאַכט, איז גאָר טומלמאַן אויף מיר געווען ברוגז־לעך, און טאַקע אויך נישט געהאַלטן פון מיר אַלס קריטיקער.

נאָר אָט האָט דער יונגער שרייבער טומלמאַן אָפּגעדרוקט אַ ביכל לידער, האָב איך גענומען און אָנגעשריבן אַ קריטיק אויפן ביכל,— און דווקא אַ ביסל געלויבט.

וואָס וויים אַ מענטש, וואָס אים דערוואַרט? אויף מאָרגן זיץ איך אזוי אין קנייפּע, ערשט עס לויפט צו מיר טומלמאַן און דריקט מיר פעסט די הענט. דאַנקט מיר:

—איר האָט אָנגעשריבן אַ גוטע קריטיק. זייער גוט אָנגעשריבן. גרויס. איך דאַנק אייך. און ווי פילט איר זיך עפּעס אין געזונט? איך האָב געהערט, אַז איר זייט עפּעס נישט מיט אַלעמען... אַ פיינע קריטיק. איר פאַרשפּרייט ליטעראַטור... אָבער דאָס געזונט דאַרף מען היטן...

ווער איך אַ ביסל צעטומלט און זאָג:

—וואו האָט איר עס געהערט, אַז איך בין נישט געזונט? איך פיל זיך געזונט,—זאָג איך.

ער גייט אוועק, מיר ווידער דריקנדיק פעסט די האַנט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום באַגעגנט מיך טומלמאַן אין גאַס. יאָגט מיך אָן שטעלט מיך אָפּ, באַגריסט מיך זייער וואַרעם און פרעגט:

—נו, וואָס מאַכט איר? ווי פילט זיך איר אין געזונט? שוין בעסער?

ענטפער איך אים: אַז איך פיל מיך אַלעמאָל ביים בעסטן געזונט, און באַדאַנק אים פאַר זיין אינטערעסירן זיך מיט מיר. אָבער ער לאָזט מיך נישט אָפּ.

—אַ מענטש,—זאָגט טומלמאַן און האַלט מיך דערביי פעסט צו ביי אַ קנעפּל,—דאַרף היטן זיין געזונט, און בפרט אַזאַ מענטש, ווי א י ר (ער דריקט אויפן איר). אפשר וואָלט איר גאָר געפאָרן אין לייקוואוד? איר אַרבעט דאָך אַזוי שווער, שרייבט אַזויפיל און אַזוי געניאַל, אַלץ געניאַל, כסדר געניאַל, אַלץ, וואָס קומט אַרויס פון אייער פעדער, איז געניאַל, טאָ פאַרוואָס זאָלט איר נישט פאָרן קיין לייקוואוד?

פאַרזיכער איך אים, אַז איך אַרבעט גאָרנישט אַזוי שווער...

—וואָס רעדט איר?—מאַכט טומלמאַן.—איר ווייסט גאָר אַליין נישט, ווי שווער איר אַרבעט!.ווייל,—אַנטוויקלט ער אַ געדאַנק,—שרייבן שטענדיק געניאַל איז זייער אַ שווערע אַרבעט... דאָס קאָסט געזונט, און דאָס געזונט דאַרף מען היטן. איך בעט אייך, פאָרט קיין לייקוואוד!

איך האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ. דאָס האָט געקאָנט הייסן, אַז אי איך בין איינשטימיק מיט אים, אי איך שרייב געניאַל און אי אַז דאָס געזונט דאַרף מען היטן—און מיר צעגייען זיך.

מיט אַ וואָך שפּעטער זיץ איך אין אַ טעאַטער, און מיט אַ מיידל. ערשט פּלוצלונג גלייך ביים ערשטן אַנטראַקט—טומלמאַן איז דאָ, און ער ציט מיר אויס אַ מאָגערע האַנט און ער רעדט:

נו, וואָס מאַכט איר עפּעס? ווי פילט איר זיך אין געזונט? זייט איר געוועזן אין לייקוואוד?—ניין? אי, אי, זייט איר אַ גזלן אויף זיך אַליין! באמת, איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס זאָל אַ מענטש נישט פאָרן קיין לייקוואוד? אַזאַ געניאַלער קריטיקער, ווי איר, מוז היטן דאָס געזונט... ווייל דאָס געזונט באַלאַנגט דאָך אייגנטלעך נישט צו אייך, נאָר צו אונז אַלעמען...

האָב איך זיך אַביסל פאַרשעמט פאַרן מיידל, זי קען נאָך מיינען, אַז איך בין גאָר אַ קראַנקער...

און דאָס מיידל פרעגט מיך טאַקע:

—וואָס, איר פילט זיך נישט גוט?

וואָס זאָל איך טאָן? ענטפער איך:

—יע... געוויס... אַ ביסל... מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק... אָבער איצט פיל איך זיך געזונט, ווי נאָך קיינמאָל.

אָבער טומלמאַן שלאָגט אונז איבער:

—דאָס מיינט איר נאָר אַזוי, אַז איר זייט איצט שוין אינגאַנצן געזונט, אָבער איך זאָג אייך, אַז איר קוקט אויס נישט גוט!.. און אַ מענטש, ווי איר, טאָר עס נישט פאַרלאָזן... האָט איר געלייענט בערנזאָנס קריטיק אויף מיר?—אַי, איז דאָס אַ גאָרנישט... אַ טאַלאַנטלאָזקייט, אַ שוסטער!.. מיר האָבן בלויז איין קריטיקער, און דאָס זייט איר... אָבער דאָס געזונט דאַרפט איר היטן...

ער וואָלט מן הסתם גערעדט נאָך אַ סך, נאָר דערווייל האָט זיך אויפגעהייבן דער פאָרהאַנג און איך בין פון אים פטור געוואָרן.

צום צווייטן אַנטראַקט—אַהאַ, ער איז ווידער דאָ. און ער רעדט ווידער פון מיין געזונט. און דאָסזעלבע צום דריטן אַנטראַקט. איך האָב קוים דערוואַרט זיך, אַז דאָס שפּיל זאָל זיך ענדיקן.

געוואַלד, וואָס וויל דער מענטש פון מיין געזונט? אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ:

אין אַ פּאָר טעג אַרום דערהאַלט איך אַ בריוו פון טומלמאַנען, וואו עס שרייבט זיך אַזוי:

——נו, ווי פילט זיך עפּעס דער גרויסער קריטיקער אין געזונט? הוסט איר נישט? האַלט איר אָפן אייער פענסטער? שלאָפט איר מיט אַן אָפן מויל? עסט איר אַ סך גרינס? עסט, עסט, איך בעט אייך!.. קאָלעגע און חשובער קריטיקער, איר מוזט היטן אייער גאָלדענעם געזונט. ווייסט איר, אַז אין אַ מאָנאַט אַרום דערשיינט מיינס אַ נייביכל מיט לידער און טויזנט מאָל געניאַלערע, ווי די ערשטע?.. דאָס שרייב איך נאָר צוליב אייך! צוליב אייער געניאַלער קריטיק און דערפאַר זעט, היט דאָס געזונט און אַזוי ווייטער...

דער מענטש דערגייט מיר די יאָרן... וואָס וויל ער פון מיין געזונט?

אָבער מיט דעם איז נאָך די מעשה נישט געשלאָסן.

אַנומלט זיץ איך אין רעסטאָראַן און עס אַ ביפשטיק מיט ציבעלעס (איך האָב זייער ליב מיט ציבעלעס).

ערשט פלוצלונג דערפיל איך הינטער זיך אַ האַנט, וואָס כאַפּט אַוועק דעם טעלער.

איך גיב אַ קוק—טומלמאַן!

—גאָט איז מיט אייך!—איז ער כּמעט אויסער זיך. — דאָס איז דאָך סם! און מיט ציבעלעס?—דאָס איז דאָך שרעקלעך! אַזאַ געניאַ-לער מענטש, ווי איר, דאַרף איבערהויפּט נישט עסן קיין ציבעלעס! ווייסט איר שוין די נייס? קומענדיקע וואָך דערשיינט דאָך שוין מיט מזל מיין נייער בוך! פּרימע, זאָג איך אייך! און ווי פילט איר זיך אין געזונט די לעצטע צייט? שלאָפט איר רויק? כ'בעט אייך,—גיט ער צו זייער ליריש,—עסט נישט קיין פלייש!.. איך בעט אייך... עסט בעסער סמעטענע מיט קאַרטאָפל... דאָס היילט דעם מאָגן, פאָלגט מיך!

אַ ברירה האָב איך געהאַט: איך האָב געמוזט באַשטעלן סמע-טענע מיט קאַרטאָפל—עס איז ביטער!

און אויף מאָרגן, איך בין אינדערהיים, זיץ און שרייב, ערשט אַ גאַסט—טומלמאַן איז דאָ. דריקט מיר פעסט די האַנט און נעמט שיטן:

—נו, ווי פילט איר זיך אין געזונט?.. אָט ביי אַזאַ ליכט שרייבט איר?—אַ שרעק! איר פּטרט דאָך די אויגן! אי, אי! ווי איז עס ביי אַ מענטשן, ווי איר, אַזוי הפקר דאָס געזונט... איך האָב אייך געבראַכט מיין נייע ביכל... איר וועט דאָך אוודאי גלייך שרייבן... ווי דען? און וואָנעס נעמט איר? דאָס איז זייער געזונט צו די נערוון... און וואַ-סער, וואָס איז מכוח וואַסער, איר טרינקט וואַסער?.. דאָס איז זייער געזונט צום מאָגן... אַלזאָ, איר וועט דאָך געוויס גלייך שרייבן... און וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַ פרישטשיק אַרום דער נאָז.. שלעכט, איר זייט קראַנק... ליידט איר אָפט נישט פון נירן-קראַנקייט? פאַרוואָס גייט איר נישט אַריין צו אַ דאָקטאָר? גזלן, וואָס איר זייט!.. איז, הייסט עס, שרייבט איר וועגן מיין בוך גלייך... אַ גוטן טאָג, היט דאָס גע-זונט, איך בעט אייך... אַזאַ געניאַלער קריטיקער, ווי איר, טאָר נישט פטרן דאָס געזונט!

— — — — — — — — — — —

ווען ער איז אַוועק, בין איך געווען אַ מינוט צו חלשות. און טאַקע דאָ איז ביי מיר געבוירן געוואָרן אַ באַשלוס אַרונטערצורייסן טומלמאַנס נייע ביכל לידער! אַרונטעררייסן... און איך האָב זיך גלייך געזעצט שרייבן די קריטיק...

# אַן איטאַליענערקע.

(דערציילט פֿון אַן עלטערן בחור).

איר פֿאָרט דאָך אין טראַמוויי—איז היט זיך! דערהויפּט היט זיך, אַז אַ זייט פֿון אַ פֿרוי זאָל נישט אָנרירן אייער זייט... און דערהויפּט פֿון אַ פֿרוי, וואָס פֿאָרט מיט קינדער... דאָס שמעקט מיט סכּנה. נאָר לאָמיר אייך בעסער דערציילן, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט:

איך פֿאָר זיך אַזוי איינמאָל אין טראַמוויי, ווי אַלעמאָל, צו מיין אַרבעט. אין טראַמוויי איז, ווי שטענדיק, ענג און איך פֿאָר אָפּ עטלעכע סטאַציעס, קוק, ווי מיין טבע איז, אין אַ צייטונג, און דערשפּיר אַ פֿרוי האַרט אַרום מיר. איך קוק זיך אום—לעבן מיר זיצט אַן אויסגעהאָרעוועטע פֿרוי פֿון די אָרעמע פֿרויען. זי זיצט זייער שטייף צוגערוקט צו מיין זייט און אויף די הענט האַלט זי אַ קליין קינד, אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אַרום איר שטייט אַ גאַנצע משפּחה קינדער, איינס קלענער פֿון צווייטן... מיידעלעך און יינגעלעך... כּמעט אַלע מיט קרומע פֿיסלעך און לויפֿעדיקע אייגעלעך... בין איך דאָך אַ דזשענטלמען, גיב איך זיך אַ דריק און מאַך פּלאַץ פֿאַר אַ קליין מיידעלע לעבן מיין צווייטער זייט. הייסט עס, האָב איך שוין פֿון איין זייט—די מוטער מיטן קלייניעם קינד, און פֿון דער צווייטער זייט—אייערס אַ טעכטערל.

גאָרנישט, זיץ איך זיך אַזוי מיט מיינע שכנים, אָבער דאָ גיט זיך דער טראַמוויי אַ שאָקל, און פּלוצלונג דערפֿיל איך צווישן מיינע קני אַ יינגעלע, אויך פֿון מיין שכנהס פֿאַמיליע. מילא, קלער איך זיך,

אַז ער איז שוין ביי מיר צווישן די קני — זאָל ער! דאָ אָבער גיט זיך דער טראַמוויי אַ צווייטן שאָקל, און אָט האָב איך שוין ביי מיינע קני נאָך צוויי קינדער. איינס האָט זיך צוגעדריקט צו מיין רעכטער קני און דאָס צווייטע — צו מיין לינקער קני. און אָט אַזוי האָב איך שוין אַרום זיך די גאַנצע פאַמיליע: די מוטער מיטן קליינעם קינד פון איין זייט, אַ טעכטערל פון דער צווייטער זייט, אַ יינגעלע צווישן מיינע קני און אַ מיידעלע מיט אַ יינגעלע לעבן מיינע קני. עס איז נאָך געבליבן בלויז איין יינגעלע, האָט ער זיך דערווייל אָנגעהאַלטן אָן דער שוועסטערקע.

און — איר דערהערט, פלוצלונג דערפיל איך זיך, ווי דער פאָטער פון דערדאָזיקער גרויסער פאַמיליע... איך כאַפּ אַ קוק אויף די פּאַסאַזשירן, וועלכע הענגען איבער מיר, און מיר דוכט, אַז אַלע שמייכלען... וואָס קען מען טאָן? זאָלן זיי שמייכלען! אַ ווײַלע שפּעטער פיל איך, ווי דאָס מיידעלע פון מיין רעכטער זייט האָט צוגעשפּאַרט איר קעפּעלע צו מיר, און זי דרעמלט אַזוי קינדיש־פאַרטרויליך. און דאָס יינגעלע, צווישן מיינע פיס, האָט זיך אויך איינגעוואָרעמט און מיר דוכט: ער דרעמלט שוין אויך.

האָב איך זיך דערפילט זייער מאָדנע: מיר האָט זיך שוין גענומען דוכטן, אַז אַלע פּאַסאַזשירן פון טראַמוויי קוקן אויף מיר: קיין עין הרע נישט, אַ בעל־מטופּל!

איך 'כאַפּ אַ קוק אויף דער מאַמען פון מיין לינקער זייט — ערשט זי זיצט אַזוי רויק, שטרענג, גאָר מעשה ווייב... און מיר ווערט וואַרעמפּון צופיל פאָטערלעכקייט — כמעט הייס. אָבער איך בין אַ דזשענטלמען און אַ ליבהאָבער פון קינדער, זיץ איך רויק, ריר זיך נישט... איך האָב מורא צו שטערן די דרעמלענדיקע קינדער...

און דערווייל טשוכעט זיך דאָס קליינע מיידעלע אויף דער מאַמעס הענט אויס און זי הייבט אָן שמייכלען צו מיר אַזוי זיס, אַזוי קינדיש באַטעמט. און זי ציט צו מיר די הענטלעך — נו, שמייכל איך צוריק... ווי שמייכלט מען נישט צו אַ קינד, וואָס שמייכלט צו אייך?

און פלוצלונג — דערהער איך אַ פּלאַפּלען: פּאַ, פּאַ! און דאָס קינד ווערט מיר נאָך היימישער. זי וויל שוין כאַפּן מיין הוט — פּאַ, פּאַ!

איך ווער רויט, כאַפּ אַ קוק אויף די פּאַסאַזשירן, וואָס הענגען איבער מיר, און מיר דוכט, זיי קוקן עפּעס אַזוי מאָדנע אויף מיר:

— זאָל עס טאַקע זיין דער פאָטער פון די קינדער, צי נישט?

און דערווייל כאַפּט דאָס קליינע מיידעלע אויף דער מאַמעס הענט

אַראָפּ מײַן הוט און שפּילט זיך דערמיט, לאַכט און בויגט עס, קנײטשט עס, און די מאַמע־גאָרנישט, זי שטערט נישט. אדרבה, מיר דוכט, זי איז גאָר צופרידן.

און די זאַך הייבט אָן אויסצוזען אַ ביסעלע טראַגיש: מיר איז שרעקלעך וואַרעם אין די זײַטן, אין די קני, אָבער וואָס טוט מען? און איך וואַרט שוין מיט אומגעדולט אויף דער מינוט, ווען זי, די פרוי מיט איר משפּחה וועט פאַרלאָזן דעם טראַמוויי.

ערגעץ מוז זי דאָך אַראָפּשטײַגן...

אָבער די פרוי פאָרט אַלץ ווײַטער און ווײַטער. סטאַציעס שווינדן און קומען, און זי זיצט פעסט אויף איר פּלאַץ און די קינדער אַרום מיר באַפעסטיקן זיך נאָכמער... און דאָס קליינע מיידעלע שפּילט זיך נאָך אַלץ מיט מײַן הוט. איך זע, אַז פונעם הוט וועט שוין קיין תּכלית נישט זײַן, אָבער וואָס זאָל איך טאָן?..

און דאָ גיט זיך מיטאַמאָל דער טראַמוויי אַ שטאַרקן שאָקל, אַזוי אַ ריכטיקן בויג—און דאָס קליינע מיידעלע גיט אַ פאַל אַרײַן צו מיר אין די הענט—און איך כאַפּ זי... אַ ברירה האָב איך... איך וועל דאָך נישט לאָזן אַ קינד פאַלן?.. און אָט געפינט זי זיך שוין אויף מײַנע הענט און—

—פּאַ! פּאַ! פּאַפּאַ!—האָט זיך דאָס קליינע אַזוי ליבלעך צעפּלאַפּלט.

איך קוק אויף דער מאַמען, אָבער יענע אײַלט זיך נישט צו־צונעמען פון מיר דאָס קינד... זי קוקט גאָר אין פענסטער... און איך דערפיל זיך שלעכט. מײַן גאַנצער קערפּער און מײַנע קני און זײַט פאַרקערן... און איך קען זיך נישט רירן, מײַנע הענט זענען פאַרנומען מיטן קינד...

וואָס זאָל איך אײַך אַ סך ציען? מיר זענען געפאָרן זייער לאַנג. קיינמאָל האָט זיך אַ נסיעה אין טראַמוויי מיר נישט אויסגעצויגן אַזוי לאַנג... און די פרוי מיט די קינדער גייט נאָך אַלץ נישט אַרונטער... און דאָס מיידעלע איז נאָך אַלץ בײַ מיר אויף די הענט און דאָס ייִנגעלע דרעמלט נאָך אַלץ צווישן מײַנע קני, און דאָס מיידעלע בײַ דער רעכטער זײַט טוט אויך דאָסזעלבע און די קינדער בײַ מײַנע קני האַלטן מיך נאָך אַלץ... עס איז אַן אידיליע. איך שפּיל אַ פאָטער־ראָליע— אָבער מיר איז שלעכט, ביטער! איך ציטער: און וואָס וועט זײַן, אַז אַ באַקאַנטער וועט מיך דערזען אין אַזאַ פּאָזע? און אפשר נאָך גאָר אַ באַקאַנט מיידל?

נאָר אָט, דאַנק גאָט, דאַרף איך שוין אַרונטערגיין, עס קומט די מינוט פון דער גרויסער באַפרייונג פאַר מיר, און איך מאַך אַ באַוועגונג אויפצוהייבן זיך און אָפּגעבן דער פרוי איר קינד—ערשט די פרוי הייבט זיך אויך אויף און די קינדער אויך, און זי קוקט גאָר־נישט אין מיין זייט.

—מיסיס!—גיב איך אַ רוף.

אָבער זי הערט נישט. זי גייט פאָרויס, און די קינדער שלעפּן זיך נאָך איר פון הינטן און איך ווייס נישט, וואָס צו טאָן... הכלל, איך יאָג איר נאָך און וויל איר אָפּגעבן דאָס קינד...

אָבער דאָ ווערט אַ טומל, אַ געשריי. די פרוי הייבט עפּעס אָן שרייען אין איטאַליעניש: „קאַטשאַמאַראַ מעלאַמאַראַ"... וואַרפט מיט די הענט, ווייזט אָן אויף מיר, און פון דעם גאַנצן טומל נעם איך אַרויס: זי וויל מאַכן דעם איינדרוק, אַז איך בין איר מאַן און אַז זי האָט מיך, הייסט עס, געכאַפּט... אין אַמעריקע טרעפן אַזעלכע זאַכן...

און באַלד ווערט אויפן סטאַציע אַ רעדל, און גלייך קריכן שוין אייניקע מיך שלאָגן... און איך שטיי מיט אַ צעקנייטשטן הוט, אַ פאַר־שוויצטער, מיט אַ קינד אויף די הענט און וויל דערקלערן—אָבער מען הערט מיך נישט... מען שרייט מיך איבער—און דאָ קומט אַ פּאָליס־מאַן און מען פירט מיך מיט דער גאַנצער משפחה אין דער באַגלייי־טונג פון אַ היבשן עולם—אין פּאָליצײ־הויז...

— — — — — — — — — — — — —

אויסגעלאָזט האָט זיך גאָר אַן אַנדער זאַך: די איטאַליענערקע האָט געמיינט, אַז איך וויל גאָר צוגנבֿענען איר קינד... אָבער איך האָב דערקלערט די געשיכטע און מען האָט איינגעזען דעם טעות. אַלע אין פּאָליצײ־הויז האָבן געלאַכט, איך אויך—אָבער ביז וואָס, ווען האָט עס מיר געקאָסט געזונט און אַ הוט.

איצט, ווען איך פאָר אין טראַמוויי און זע לעבן מיר אַ פרוי מיט קינדער, אייל איך זיך גלייך אין אַ צווייטן וואַגאָן... איך וויל זיין זיכערער.

# די האָט רחמנות.

דערציילט מיר אַ באַקאַנטער:

—איך האָב אַ ווייב, איז זי, ווי אַלע ווייבער: אַמאָל שלעכט, אַמאָל שלעכטער און אַמאָל גאָר שלעכט... אָבער אַ גרויסער בעל־רחמנות...

און איר רחמנות האָבן איז עפּעס אַזאַ מאָדנער, אַ מערקווירדי־קער.

נאָר צו באַוואונדערן, אויף וועמען און וואָס זי קליבט אויס צו רחמנות האָבן.

עס פּאַסירט, ווען מיין ווייב פאַרטיקט זיך אָפּ פון דער אַרבעט, אין הויז איז שטיל, די קינדער שפּילן זיך אין גאַס, פאַרלייגט זי די הענט אויפן הויכן בוזעם און זאָגט אַרויס מיט אַ טיפן קרעכץ:

—דו ווייסט, יאָסל, עס איז, נעבעך, אַ רחמנות...

—אויף וועמען?—פרעג איך.

—אויף די, וואָס האָבן געשעפטן אין קוני־איילענד.

—וואָס איז?—פרעג איך גלאַט אַזוי אָן שום סימן פון מיטגע־פיל.

—וואָס הייסט, וואָס איז? מאָרגן, שרייבן די צייטונגען, וועט רע־גענען. אַ מאָדנע מעשה,—קרעכצט מיין פרוי ווייטער.—אַ גאַנצע וואָך איז שיין, נאָר ווי עס קומט זונטיק, רעגנט. און אויף די קוני־איילענ־דער ביזנעס־לייט איז אַ גרויסער רחמנות. מען וואַרט אַ גאַנצע וואָך,

אויפן זונטיק, און ווען עס קומט שוין זונטיק—רעגנט.

—האסטו שוין מער נישט וועגן וואס צו זארגן, — רוף איך זיך אן,—נאר וועגן די קוני־איילענדער ביזנעס־לייט?

און דא כאפט איך א מפלה, ווי דער שטייגער איז.

מיין ווייב צעשרייט זיך:

—אט דאס, וואס איך שריי דאך אלעמאל, אז דו ביזט אן עגאיסט. דו האסט נאר אין זינען זיך און זיך... דיר גייט דען עפעס אן? דיר ארט ד'ען עפעס? אבי דו האסט גוט אפגעגעסן און זיך גוט אויס־געשלאפן—און פארטיק! איך האב נאך נישט באגעגנט אזא רשע, ווי דו. מענטשן לייגן אריין א קאפיטאל אין ביזנעס און האפן אויף זו־מער און אויף זונטיק, און דיר ארט עס גארנישט. ביזט דען אויך א מענטש?.. אוי!..

מיין ווייב פארקרימט זיך, גיט מיך א ברען דורך מיט א קוקע־לע און גייט אוועק צו זיך אין צימער און לייגט זיך א ביסל צו, און אין א ווײַלע ארום הערט זיך שוין איר כראפען...

אן אנדערש מאל זיצט מיין ווייב און לייענט א צייטונג. פלוצ־לונג צעקרעכצט זי זיך:

—וואס איז שוין ווידער?—גיב איך א פרעג.

—עס איז שרעקלעך! — מאכט זי, און מאלט שיער פיסקעס. — האסט געלייענט: אין האליוואוד האט א מואווי־אקטיאר זיך געשאסן.

—איז וואס איז דיין דאגה?—מאך איך.—דו קענסט אים דען?

—מען דארף אים דען קענען?—צעשרייט זיך תיכף מיין ווייב.— אז אן אקטיאר נעמט זיך דאס לעבן, מן הסתם מוז דאך זיין פאר עפעס... ער האט געוויס נישט געהאט, וואס צו עסן... נאר גיי, טענה זיך אויס מיט דיר, מיט דעם רוצח... אזא מיאוסער מענטש, ווי דו, האט דאך די וועלט נישט!.. דיר ארט דען פאר עפעס? ביי דיר איז דאך רעכט, אז די גאנצע וועלט זאל אויסגיין פון הונגער, אבי דו ביזט זאט און אנגעפרעסן! גאט, פארוואס קומט עס מיר! מיט וועמען האב איך זיך עס פארבונדן? מיט וועמען דארף איך עס אפפיגסטערן א לעבן! מיט א מענטשן אן א הארץ... מיט א מענטשן, וואס היט נאר אפ זיין קישקע...

איך ענטפער גארנישט... ווייל איך ווייס שוין די טבע פון מיין ווייב, אז ביי איר צעשפילט זיך דער רחמנות. וועט זיך עס מן הסתם באלד אוסלאזן צו א הינדל... און אזוי איז עס: מיינע גיט נאך א טיפן קרעכץ און לאזט זיך גיין צום אויוון, נעמט ארויס א האלבע

הון און זעצט זיך בײַם טיש קײַען אויף אַלע באַקצײנער...

און אַמאָל טרעפט, אַז מײַן בעל־רחמנותצע צערעדט זיך אַזוי מיט אַ פּרום קרעכצעלע:

— װײסט, איך האָב הײַנט באַגעגנט מר. קאַפּוסטע, אוי, װי ער זעט אויס!.. אַ שענערן פון אים לײגט מען אין קבר! װאו איז אַהינגעקומען זײַן בויך? ס'איז אַ גרויסער רחמנות אויף אים.. און אין דעם איז אַלץ שולדיק זײַן װײַב... אַזאַ מרשעת! זי עסט אים אויף! אַ רחמנות, נעבעך, אויף מר. קאַפּוסטע, אַזאַ פֿײַנער מענטש און איז אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון אַזאַ מערזאַװקע און אוסװאָרף... זי עסט אים, זאָגט מען, לעבעדיקערהײט...

— װײַב, — זאָג איך, — פֿאַרװאָס דהאָסטו בעסער קײן רחמנות נישט אויף דײַן אײגענעם מאַן? גיב נאָר אַ קוק, װי ער זעט אויס!

—אויף דיר זאָל איך רחמנות האָבן? — צעפּיסקלט זיך מײַן װײַב.—פֿאַראַן אויף װעמען רחמנות צו האָבן?! דו ביזט דען אויך אַ מענטש?.. ס'איז דאָ פֿון װעמען צו רעדן?.. װאָס גלײַכסטו זיך צו מר. קאַפּוסטע... ער איז דאָך אַ מענטש!.. אַזאַ חכם! און אַזאַ ביזנעסמאַן! אַנומלט דהאָט ער געקויפֿט אַ הויז ריעל עסטײט און גלײַך גענומען אַפּטרעט-געלט טװיזנט דאָלאַר... װאָס, דו חאָלסט עס אויך געקענט? אויף אים איז אַזאַ רחמנות!

און מײַן װײַב גיט נאָך אַ פֿײַנעם קרעכצעלע, אײנעם פֿון אירע קרעכצעלעך, װאָס קענען רירן אַ שטײן — נאָר נישט מיך... װײַל איך קען דאָך מײַן װײַב מיט איר רחמנות...

## „צער-בעלי-ביימער".

דער צייטונגסשרייבער, דער געוועזענער דיכטער, מענדל פלאַקס, האָט געהאַלטן פאַר זיך אַן אויסשניט פון אַ צייטונג, און געלייענט אפשר שוין צום צענטן מאָל:

„צוליב די גרויסע אַמעריקאַנישע צייטונגען, וועלכע פאַרנוצן אַזויפיל פּאַפּיר, וועט אַמעריקע באַלד בלייבן אָן וואַלד. עס איז אויסגערעכנט געוואָרן, אַז אַמעריקע פאַרנוצט יעדן טאָג פּאַפּיר, פאַר וועלכן עס ווערן אויסגעהאַקט פינף טויזנט ביימער".

אַמעריקע וועט באַלד בלייבן אָן וואַלד!

איז דאָס נישט קיין רציחה? און איז ער, מענדל פלאַקס, נישט קיין שותף צו דער רציחה?

שוין פון עטלעכע טעג זינט ער האָט אַליין אויפגעשריבן אין זיין צייטונג דאָס מערקווירדיקע שטיקל נייס וועגן דעם, וויפל די אַמעריקאַנישע צייטונגען עסן אויף ביימער אַ טאָג — קאָן ער, מענדל, קיין רו נישט געפינען.

און דער געוויסן פרעגט אים:

יע, אויך ער איז אַ שותף צום מאָרד! געוויס!

אַמעריקע וועט באַלד בלייבן אָן וואַלד. און ווער האָט אין דעם געהאָלפן? — ער, מענדל פלאַקס!

ווייל... לאָמיר אַקאָרשט אַ רעכן טאָן? וויפל, דענקט איר, האָט מענדל פלאַקס פאַר דער צייט, וואָס ער איז געוואָרן אַ צייטונגס-שרייי-

בער, געהאָלפן פאַרניכטן וועלדער?

וויפל וועלדער?...—ווער קען עס גאָר אויסרעכענען!..

און מענדל פלאַקס מאַכט צו די אויגן און פאַרטרוימט זיך:

ער האָט דאָך אַזוי ליב וואַלד און דעם ריח פון וואַלד. ער איז דאָך אַמאָל געווען אַ פּאָעט, באַזונגען דעם וואַלד, די ביימער... די גרינע בלעטלעך...

און איצט, וואָס איז ער?—אַ שמירער! און ווינציק? איז ער דערצו נאָך אַ וואַלד-גזלן! ער העלפט אַנדערע גזלנים און רוצחים צו מאַכן אַמעריקע וואַלדלאָז.

אַ ציטער גייט דורך איבער מענדל פלאַקסעס ביינער.

און ער פאַרטראַכט זיך און זעט אַמעריקע—אַ לאַנד אָן ביימער, אַ טרוקן לאַנד, אַ מדבר, און אים דוכט, אַז אַמעריקע וועט דאַן האָבן דער פּנים פון אַן אַלטן בעל-עבירה מיט אַ פּליכעוואַטן קאָפּ...

פוי, ווי ניסט שיין!

און אַ רחמנות כאַפּט אָרום אונזער מענדלען צו דער פּליכעוואַטער אַמעריקע...

אָבער דער עיקר טוט אים וויי דאָס האַרץ אויף די ביימער...

ביימער—דאָס זענען דאָך לעבעדיקע נפשות.

זיי האָבן אַ וואָרצל, אַ האַרץ, הענט... זיי רעדן, מורמלען... טוען תפילה...

ער האָט דאָך אַזוי ליב ביימער!..

ער דערמאָנט זיך, ווי מיט צען יאָר צוריק, דוכט זיך, פלעגט ער זיצן מיט זיין געליבטער רחל אונטער אַ בוים, און זיי האָבן שוין אפילו געהאַט ז ײ ע ר בוים.

און דאָ איז געווען אַזוי גוט אונטער דעם אָפּדאַך פון זייער בוים.

און וואָס וועט ווערן פון זיין בוים—דאָס, וואָס עס איז געוואָרן מיט זיין געליבטער!

אַלץ גייט פאַרלאָרן. די נאַטור ווערט פאַרניכטעט מיט דער ליבע צוזאַמען.

נאָר, מילא, ער האָט כאָטש געזען וואַלד, אָבער וואָס וועלן טאָן די אָרעמע צוקינפטיקע דורות?

וואו וועט דאַן זיצן אַ פאַרליבטער מיט זיין געליבטע?

די וועלט אָן וואַלד וועט דאָך ווערן טרוקן, און מיט דער וועלט— אויך די ליבע...

ליבע אָן אַ בוים איבער איר איז אַזוי טרוקן, וואָכעדיק און אומבאַשיצט...

ליבע אָן אַ בוים איבערן קאָפּ קען נישט באַרוישן דאָס האַרץ...

אָט אַזוי טראַכט איצט מענדל פלאַקס.

און אין דעם האָט ער אויך אַ חלק. ער,—דער אַמאָליקער דיכטער, העלפט מיט זיין אַרבעט צו פאַרניכטן די שיינקייט פון דער נאַטור?

און מענדל דרעמלט איין און אים חלומט זיך: ער שפּאַצירט אין אַ פלאַך לאַנד. קיין סימן פון אַ בוים, פון אַ גרעזעלע,—און פּלוצלונג קומט אָן אַ ווינט און ברענגט צעטראָגן אַ וואַלד מיט ביימער...

און די ביימער זעען אויס גאָרנישט ווי ביימער, נאָר ווי לעבעדיקע מענטשן און די ביימער וואַרפן זיך אַרויף אויף אים מיט גרויס כעס:

—אָט איז ער, דער רוצח אונזערער!

—אָט איז דער, וואָס צוליב אים האָט מען אונז אויסגעהאַקט אין דער פּריסטער יוגנט!

און די ביימער שמייסן אים מיט נאַסע צווייגן...

און אָט צעוויינען זיך גאָר אַלע ביימער און עס ווערט אַ גרויס געוויין...

אַ וואַלד וויינט... וועלדער וויינען...

און אונזער מענדלען באַפאַלט אַ שרעק... אַ גרויסע מורא. ער צעוויינט זיך אויך...

אַ טעלעפאָן קלינגט—און ער כאַפּט זיך אויף...

אפשר, פאַלט אים איין, זאָל ער גאָר פאַרלאָזן זיין שטעלע?

אָט וועט ער קומען אין רעדאַקציע און זאָגן דעם רעדאַקטאָר!

—איך רעזיגניר!

—פאַרוואָס?

און ער וועט אים דערקלערן: ער קען נישט מער... ער וויל נישט זיין מער קיין רוצח...

—וואָס פאַר אַ רוצח ביזטו? אַ פליג קען דאָך דיך אַוועקלייגן!— וויצלט זיך דער רעדאַקטאָר.

—און דאָך בין איך אַ רוצח. איך הרגע װעלדער!...—זאָגט מענדל.

—װעלדער?—קוקט אים אָן דער רעדאַקטאָר.

—יאָ, װעלדער, ביימער,—זאָגט מענדל,—און איך װיל נישט מער... עס איז אַ צער!..

און דאָ פּלוצלונג פאַלט אים איין דאָס ריכטיקע װאָרט:

—צער-בעלי-ביימער...

—כאַ-כאַ-כאַ!—לאַכט דער רעדאַקטאָר.

—לאַכט נישט... אַז עס איז דאָ צער-בעלי-חיים, פאַרװאָס קען נישט זיין קיין צער-בעלי-ביימער!—רופט אויס מענדל.—ביימער לעבן אויך, אַ װאַלד איז אַ לעבעדיק װעזן... איך רעזיגניר!

— — — — — — — — — — — —

אַזוי פאַנטאַזירט מענדל, אַז ער װעט טאָן... אָבער מיט אַ שעה שפּעטער איז שוין אונזער מענדל אין רעדאַקציע און אַנשטאָט גיין צום רעדאַקטאָר, זעצט ער זיך ביי זיין שרייבטיש און שרייבט װיי־דער. שרייבט שנעל, שנעל...

און װעלדער קרעכצן, און ביימער פאַלן... אַ צער-בעלי-ביימער...

## ווען מען קריגט שוין...

דערציילט מיר א קאָלעגע:

איך בין געזעסן אין קנייפּע א פאַרטראַכטער. פון וואָס טראַכט א שרייבער?—פון שרייבן!..

מען שרייבט און מען שרייבט—און גאָרנישט! בישט די לעזער קומען מיט בלומענקראַנצן... בישט מען גיט קאָמפּלימענטן... מען שרייבט און מען עלטערט זיך—און די פראַגע „צו וואָס" און „פאַרוואָס" ווערט אלץ גרעסער און גרעסער?.. דער באַרג אָנגעשריבענע פּאַפּיר וואַקסט און וואַקסט און מען פילט, ווי ער פאַרשטעלט פאַר דיר די וועלט, דאָס לעבן... ער איז אומזיסט. צו אַלדי שוואַרצע יאָר זאָל עס גיין! חבר קעלנער דערלאַנג נאָך א שוואַרצע קאַווע!..

און פּלוצלונג, ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן, דערזע איך פאַר זיך שטיין א יונגנמאַן, א בלאַסלעכער, א ווייך־טריטיקער, א שטיל־רעדנדיקער.

ער רוקט מיר אַריין א וואַרעם-ווייכע האַנט.

—שלום עליכם!

ער זעצט זיך לעבן מיין טישל, ציט אויס דעם האַלז אין מיין ריכטונג, ווי וועלנדיק פאַרטרוימען מיר א סוד:

—איר ווייסט, אַז איר זייט א גרויסער שרייבער?

איך רויטל זיך און שמייכל.

—פונוואַנען זאָל איך וויסן?

—איר האָט עס יע געדאַרפט וויסן,—רעדט זייער ווייך דער יונ־

גערמאַן.—איר זייט עס! און נישט נאָר אַ גרויסער שרייבער, נאָר גאָר אַ גרויסער!

איך ווייס נישט, וואו אַהינצוטאָן מײַנע אויגן.

—יע, יע, שעמט זיך נישט. איר זייט גאָר אַ גרויסער שרייבער! איר מעגט עס וויסן... אײַערע זאַכן זענען גרויס... שטענדיק גרויס און גוט...

—איך הייב די אַקסלען:

—שטענדיק? הלוואי זאָגן עס מײַנע רעדאַקטאָרן!

—אײַערע רעדאַקטאָרן?—וואָס ווייסן זיי? איר מיינט אײַנדעראַמתן, אַז אַ רעדאַקטאָר ווייס? און אויב ער ווייס, איז אָט וועט ער אײַך גיין זאָגן?.. עס איז דאָך געשעפט!.. ער וועט אײַך זאָגן, אַז איר זייט גוט און גרויס, און איר וועט בעטן אַ העכערונג... עס איז דאָך אַ פּשוטע זאַך...

איך שטים נישט אײַן, אָבער מיר געפעלט עס, און דער יונגער-מאַן רעדט אַלץ ווײַטער און ווײַטער:

—וואָס דאַרפט איר די רעדאַקטאָרן? איך בין בעסער פאַר אַלע רעדאַקטאָרן, איך ווייס! וואוהין גייט אַ רעדאַקטאָר? ווער זעט אַ רעדאַקטאָר? איך קום אָבער צווישן לעזער און איך ווייס... און איך זאָג אײַך, אַז איר זייט פון אונזערע גרויסע, געציילטע...

איך פאַרטיף זיך אין דער קאַווע און מייד אויס צו קוקן דעם יונגנמאַן אין פּנים אַרײַן.

—הייגט אײַער שאַרפזין? איר האָט אַ באַגריף, וואָס אײַער שאַרפזין איז?

—און אײַער חכמה! שוין איינמאָל אַ חכמה! מיר האָבן נישט קיין סך, ווי איר.

—און דער עיקר, אײַער שטעלונג צו זאַכן—זיי זענען דאָך גע-ניאַל! עס איז ממש אַ חידוש, ווי אַזוי געלינגט עס אײַך צו נעמען תמיד אַזעלכע ריכטיקע שטעלונגען צו זאַכן!

—נישט תמיד,—וואַרף איך אַרײַן אַ שטיקל צווייפל.

—אַי, זייט נישט קיין עניו,—בעט זיך דער יונגערמאַן בײַ מיר און זײַן שטים ווערט ממש האָניק.—תמיד! שטענדיק! וואָס איז דאָ צו רעדן? איך לייען דאָך אײַך! איך ווייס דאָך, וואָס איך רייד!

—און ווייסט איר כאָטש, אַז מען האָט אײַך ליב?

—מיך ליב?—קוק איך אים אָן.—מיך?

—אייך! אוודאי אייך!—מאַכט מיין יונגערמאַן.—מען האָט נאָך קיינעם אַזוי נישט ליב, ווי אייך... וואָס רעדט איר? איר זייט דאָך דער ליבלינג פון פאָלק! איר גייט צווישן פאָלק, וועט איר הערן... דאָס פאָלק האָט אייך ליב! גייט אויס ממש נאָך אייערס אַ וואָרט... וואָרט אויף יעדער זאַך אייערער מיט האַרצקלאַפּעניש... און קריגט ער עפּעס פון אייך, שלינגט ער עס ממש, ווי אַ הונגעריקער...

ביי מיר האָט זיך געטרייסלט אַ קני.

—און פאַרוואָס גיט איר נישט אַרויס אַ פּאָר ביכער?

—איך האָב שוין אַרויסגעגעבן!—זאָג איך זייער אומעטיק.

—אַרויסגעגעבן?—וויפל האָט איר אַרויסגעגעבן? איך ווייס, וויפל האָט איר אַרויסגעגעבן אינגאַנצן צוויי ביכער!.. דאָס איז גאָרנישט... ווינציק... זייער ווינציק!

—אָבער...—וויל איך באַמערקן.

—וואָס אָבער?—מאַכט דער יונגערמאַן.—קיין אָבער!.. פון אייך דאַרפן מיר האָבן צען, צוועלף—פיר און צוואַנציק ביכער! איר פאַרשטייט? וואָס מער איר וועט אַרויסגעבן, אַלץ בעסער... מיר האָבן דען אַ סך שרייבער, ווי איר?

—אָבער,—רוף איך זיך אָן,—די ביכער, וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן, ליגן נאָך...

—ווייס איך, וואָס איר רעדט?—ווערט דער יונגערמאַן אַזש רויט.—ווער האָט עס אייך געזאָגט, אייער אַרויסגעבער? גלויבט אים נישט! אייערע ביכער פאַרקויפן זיך... וואָס רעד איך פאַרקויפן זיך, מען צוכאַפּט זיי... אייערע ביכער זענען נישט קיין פאַרלעגענע סחורה... און איר פאָלגט מיך, גיט אַרויס דערווייל נאָך אַ דריי, פיר בענד...

—אָבער די אַרויסגעבער ווילן נישט,—באַמערק איך.

—וואָס דאַרפט איר די אַרויסגעבער? גיט אַליין אַרויס!.. איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט רייך ווערן! אייערע ביכער וועט מען צוכאַפּן... איר האָט אַ ביסל געלט, לייגט עס אַריין אין אייערע ביכער... דרוקט זיי אָפּ און איר וועט זען, אַז איך ווייס, וואָס איך רעד...

—און ווער זייט איר?—נעם איך זיך ענדלעך אָן מיט מוט און פרעג אים.

—איך בין אַן אַלטער יידישער לעזער און איצט האָב איך געקויפט אַ דרוקעריי!..

# מען מאכט א לעבן.

## I

דער קוואַל פון יידישע פרנסות איז אַזוי טיף, אַז עס איז אים שווער אויסצושעפּן.

—פון וואָס מאַכן יידן אַ לעבן? דער בעסטער ענטפער איז:

—פון וואָס מאַכן יידן נישט קיין לעבן?

יידן פון דער גאַנצער וועלט און אויך אין אַמעריקע זוכן פרנסה, און ווען זיי געפינען נישט, טראַכטן זיי אויס.

יידן האָבן פאַנטאַזיע...

אַז יידן שפּייזן זיך איינער פון צווייטן—איז נישט קיין נייס.

אָבער אַז יידן שפּייזן זיך פון גאָרנישט—איז אַ פאַקט.

ווען מען זאָל דערציילן אַ גוי פון וואָס אַ ייד קאָן מאַכן אַ לעבן—וואָלט ער בשום אופן נישט געגלויבט. אַזוי ווילד וואָלט עס אים אויסגעקוקט.

איך קאָן פאַרשידענע יידן מיט די פאַרשידנסטע פרנסות.

איך קאָן אַ יידן אויף אָרטשאַרד סטריט.

שטייט ער כמעט שטענדיק מיט אַ ליידיקן פושקאַרט*). אויפן פושקאַרט געפינט זיך בלויז אַ שטיק האָלץ און אַן אַלטער קאַפּעליוש.

פון וואָס זשע מאַכט דערדאָזיקער ייד אַ לעבן?

איך האָב אויסגעפונען, אַז דער ייד מאַכט אַ לעבן פון שטופּן זיך. פראָסט און פשוט: ער איז אַ געזונטער ייד, אַ געפּאַקטער, מיט

*) שטופּ-וועגעלע.

אַ פּאָר שאַרפֿע שפּיציקע עלנבויגנס, שאַרפֿע, ביסטרע אויגן און אַ שטים, וואָס קלינגט, ווי אַ גלאָק, און דער ייִד טוט אַזוי: אַלע אינדערפֿרי איז ער זיך מקדים און קומט מיט זײַן פּושקאַרט פֿריִער פֿאַר אַלעמען, פֿאַרכאַפּט דעם בעסטן פּלאַץ און שטייט, און נאָכדעם נעמט ער אָפּטריטגעלט בײַ אײַנעם, וואָס דאַרף עס נייטיקער פֿון אים... ווײַל ער דאַרף עס דאָך נישט. ער האָט דאָך גאָר קיין סחורה נישט...

אָט אַזוי קריגט ער אינדערפֿרי 40—50 סענט פֿאַרן פּלאַץ. און נאָכדעם נעמט ער זײַן פּושקאַרט און שטופּט זיך אַרײַן אין אַן אַנדער פּלאַץ—ווערט אַ געשריי, נאָר זײַן שטים שרײַט העכער פֿון אַלעמענס. שרײַט מען אַזוי לאַנג, ביז מען גיט אים אָפּטריטגעלט און ער גייט אַוועק...

און אָט אַזוי שטופּט זיך אונזער ייִד דורך.

נאָך אַ ייִדן קאָן איך, טוט ער „ביזנעס” דווקא אין שול.

ווי אַזוי?—פּשוט!

ער זיצט שטענדיק אין שול און היט די קדיש-זאָגער.

גלײַך ווי עס קומט אַרײַן אַ ייִד אַן אבֿל, אָדער אַ יאָרצײַטניק, גייט ער צו צו אים און פֿרעגט:

—איר ווילט זאָגן קדיש?

—אוודאי!

—ווילט איר, אַז איך זאָל ענטפֿערן אמן?

—אוודאי!

—איז,—מאַכט דער ייִד,—דאַרפֿט איר מיר באַצאָלן. אַלע באַצאָלן מיר דערפֿאַר, ווײַל איך מאַך דערפֿון אַ לעבן...

און דער גרעסטער טייל אבֿלים נעמען עס אָן פֿאַר געוויינלעך, דינגען זיך נישט און מען רוקט אים אַרײַן אַ מטבע.

אָבער עס זענען אויך דאָ האַנאָריסטע ייִדן, פֿרעגן זיי:

—און אַז איך וועל נישט באַצאָלן, איז וואָס וועט זײַן?

—וועל איך נישט ענטפֿערן אמן,—מאַכט דער ייִד.

—וועל איך אויסקומען אָן אײַער אמן!

—אָן מײַן אמן האָט דער קדיש קיין ווערט נישט,—פּסקנט דער ביזנעסמאַן,—ווײַל עס איז אַ געציילטער מנין...

און יענער זעט, אַז עס איז שלעכט, באַצאָלט ער אויך.

אַמאָל האָט שוין אפֿילו דער ייִד אָרגאַניזירט אַ שטרייק פֿון „אמן-זאָגער”. די מעשה איז געווען אַזוי: עס איז געקומען אַ ייִד אַ

בעל־יאָרצייט, אַ ייד מיט אַ בייכל און „פּרינציפּן”, און ער האָט זיך איינגעשפּאַרט נישט צו צאָלן. ער צאָלט נישט פאַר אַזעלכע זאַכן. ביי איבם איז אַ פּרינציפּ אַזאַ, נישט צו צאָלן פאַר אַזעלכע זאַכן. וואָס זשע האָט אונזער ביזנעסמאַן געטאָן? ער האָט גלייך אָרגאַניזירט אַ שטרייק פון אַלע „אמן־זאָגער”, און דער סוף איז געווען, אַז דער ייד, דער עקשן האָט געדאַרפט באַצאָלן טייערער: 9 מענטשן צו 10 סענט יעדן... אַ סענט, נישט ווייניקער...

און אַ יונגנמאַן קאָן איך, מאַכט ער אַ לעבן פון גאָר אַ מאָדנער פּרנסה:

ער איז אַ צוקוקער אין אַ רעסטאָראַן, וואו חברה שפּילט אין קאָרטן. ער אַליין שפּילט נישט. אַ ביסל, ווייל עס לוינט זיך אים נישט, און אַ ביסל ווייל ער האָט ליב די קונסט פון צוקוקן, אַריינמישן זיך און געבן עצות...

אָבער אַזוי ווי חברה שפּילער האָבן עס נישט איבעריק ליב, האָבן זיי פון אים געליטן און געליטן, ביז זיי האָבן אָפּגעמאַכט: „בערקע! דו קריגסט צען סענט פון יעדן גאַנג, אָבער מיש זיך נישט — קוק און שווייג.”

און פון דאַן אָן מאַכט אונזער בערקע א לעבן בכבוד גדול.

עס זענען דאָ טעג, וואָס ער מאַכט פון דריי ביז פיר דאָלאַר אַ טאָג...

אַ פּאָר מאָל בלויז האָט געטראָפן און אונזער געשעפטסמאַן האָט נישט אויסגעהאַלטן...

ער האָט געקוקט און זיך אַריינגעמישט, דהאָט מען אים שטראָפירט: פון גאַנצע דריי גאַנגען קריגט ער קיין סענט נישט...

און פון דאַן איז אונזער בחור שטום, ווי אַ פיש. ער היט די ביינער: קוקט, שווייגט און קריגט באַצאָלט.

און איר הערט, ער האַלט זיין פּרנסה שוין אַזוי פאַר איינגעפונדעוועט, אַז ער קלייבט זיך אפילו חתונה צו האָבן...

## II

אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק. אַ יאָר צען אין אַמעריקע, מיט אַ קלוג פּנים און לעבעדיקע אויגן.

מיר האָבן זיך צערעדט פון דאָס, פון יענס. ביז מיר זענען אַרויפגעקומען אויף אַ לעבן מאַכן.

—און פונוואַנען מאַכט אַ ייד אַ לעבן?—גיב איך אים אַ פרעג.

—פון אַגיטאַציע,—לאַכט ער.

—פאַר ציוניזם, סאָציאַליזם, יוניאָניזם, אָדער לעבנספאַרזיכערונג?—לאָך איך אויך.

—ניין,—מאַכט ער,—אַמאָל האָב איך דאָס אויך פּרובירט, שוין געאַרבעט פאַר אַלץ צו ביסלעך, אָבער ס׳לוינט זיך נישט, ס׳טראָגט נישט.

—פאַרוואָס זשע אַגיטירט איר איצט?

—איך אַגיטיר פאַר אומגליקן,—לאַכט ער ווידער

—כ׳פאַרשטיי נישט.

—איר וועט באַלד פאַרשטיין,—מאַכט ער.—ווייסט איר, אַז אין אַמעריקע איז דאָ אַ שטענדיקער עסק מיט אומגליקן?

—כ׳ווייס.

—אַלזאָ, ווייסט איר דאָך געוויס אויך, אַז אין אַזאַ שטאָט, ווי ניו-יאָרק, זענען שטענדיק דאָ הונדערטער מענטשן, וואָס קלאָגן אָן די קאַר*)-קאָמפּאַניעס, די עלעווייטערס און סאָבוויי-קאָמפּאַניעס—און קריגן געלט אויך.

---

*) טראַמוויי.

—זייט איר, הייסט עס, אַ לאָיער?

—הלוואי בין איך עס,—אָבער דערווייל אַרבעט איך בלויז פאַר אַ לאָיער.

—איצט פאַרשטיי איך שוין אַ ביסל, אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט אַגיטאַציע?

—עס האָט שוין יאָ וואָס צו טאָן! וואָס מיינט איר?—מאַכט דער יונגערמאַן.—מען קען זיצן און וואַרטן אויף באַטירלעכע אומגליקן? דערפון קען מען לייגן די ציינער אויפן פאָליציע!

—וואָס זשע טוט איר?

—איך אַגיטיר! איך רעד צו, רעד איין... איך שטיי יעדן טאָג שעהנלאַנג אַרום קאַרס*) און אַגיטיר פאַר אומגליקן...

—ווי טוט איר עס? קען מען נישט אַריינפאַלן?

—אוודאי קען מען, נאָר מען דאַרף האָבן שכל, מען דאַרף וויסן וועמען צו אַגיטירן... מען דאַרף האָבן אַ חוש פאַר מענטשן, איר פאַרשטייט?—מאַכט ער.—אין נוי־יאָרק וואַרטן שטענדיק צענדליקער מענטשן אויף דער קאַר—נו, שטיי איך און וואַרט אויך. זע איך, צום ביישפיל, אַ גרינעם יידן, נישט קיין איבערגעשפיצטן,—איך דערקען זיי שוין,—צערעד איך זיך מיט אים: אויף וואָס פאַר אַ קאַר וואַרט אַ ייד? ענטפערט ער: אויף דער און דער קאַר. זאָג איך: איך וואַרט אויך אויף דערזעלבער קאַר און דערביי גיב איך אַ קרעכץ: קאָלומבוס מיט זיינע קאַרס, אַז פאַרברענט זאָל ער ווערן! איר פאַרשטייט, אוך קען מיינע גרינע! אַלע גרינע האָבן ליב, אַז מען שילט אַמעריקע... אַזוי־אַרום ווערט מען מיט זיי גלייך אַן איי־ענער מענטש... נו, דאַן דערפרייט זיך מיט מיר דער ייד, צעוואַרעמט זיך, ביז מיר קומען אַרויף אויף פרנסה: נישטאָ פון וואָס צו מאַכן אַ לעבן... ער איז שוין דאָ אַ האַלב יאָר אין לאַנד און צו וואָס זאָל ער זיך נעמען?—טרייסט איך אים און זאָג: נישקשה איר וועט נאָך מאַכן אַ לעבן... אין אַמעריקע זאָג איך, דאַרף מען נאָר וויסן, ווי אַזוי... אָט הערט, זאָג איך, מיינער אַ לאַנדסמאַן, אויך אַ גרינער, האָט לעצטע וואָך געמאַכט זעקס הונדערט דאָלאַר פאַר גאָרנישט...—פאַר גאָרנישט?—פרעגט דער ייד.—ווער גיט עס געלט פאַר גאָרנישט? דערצייל איך אים, אַז מיין לאַנדסמאַן איז אַרויף אויף אַ קאַר, זיך אויסגעגליטשט, געפאַלן, זיך צעקלאַפט אַ האַנט...

---

*) טראַמווייען.

—איז ווער גיט עס געלט דערפאַר ?—פרעגט דער ייד.

—זייט איר דאָך טאַקע אַ גרינער,—מאַך איך.—וואָס הייסט, ווער גיט ?—די קאַר־קאָמפּאַניע ! מען שטעלט עדות, מען פאַרשרייבט דעם נומער פון דער קאַר, מען לייגט זיך אַריין אין בעט, מען רופט אַ דאָקטאָר, אַ לאָיער, אַן אַדוואָקאַט, הייסט עס, — און מען קריגט געלט.—טשיקאַווע,—מאַכט דער ייד און די אויגן צעבערענען זיך ביי אים,—און איער קוזין האָט זיך עפּעס שטאַרק צעקלאַפּט ?—ווייס איך וואָס,—זאָג איך אים,—גאָרנישט שבגאָרנישט !.. זיך צעדראַפּעט אַ ביסל... נאָר, איר פאַרשטייט, ס'איז דאָך אַמעריקע : מען רופט אַ דאָקטאָר, מען לייגט זיך אַריין אין בעט, מען נעמט אַן אַדוואָקאַט — נו, קריגט מען שוין געלט. אין אַמעריקע דאַרף מען נאָר האָבן שכל און אַן אַדוואָקאַט,—זאָג איך,—און פאַראַן מענטשן, וואָס וואַרטן גאָרנישט, ביז זיי גליטשן זיך אויס, נאָר זיי מאַכן שוין אַזוי, זיי זאָלן זיך אויסגליטשן... יע, יע,—מאַך איך, עס זענען דאָ אַזעלכע... אָט, למשל, שטעלט זיך פאָר,—זאָג איך שוין שטיל,—איר זייט נישט קיין נאָר אַ ייד, און אַרויסגייענדיק פון קאַר, גיט איר זיך פּלוצלונג אַ גליטש אויס, צעקלאַפּט זיך און מאַכט זיך כּלומרשט, ווי איר וואָלט געחלשט, און דאַן קריגט איר גלייך געלט...—וויפל קען מען קריגן ?—פרעגט דער ייד אויך זייער שטיל.—וויפל ? עס ווענדט זיך אָן דעם לאָיער און אָן די עדות. קריגט מען אַ גוטן לאָיער און גוטע עדות, איז אָל־רייט. אָט, למשל, זאָג איך, פאַר מיין שוועסטערקינד האָב איך געקראָגן דעם לאָיער, טאַקע מיינער אַ גוטער פריינט, אַ ברילייאַנטענער אַדוואָקאַט. ער גיט זיך טאַקע בלויז אָפּ מיט אַזעלכע זאַכן, אַ ספּעציאַליסט... ער קריגט די גרעסטע געלטער פאַר זיינע קאַסטימער, קונדן, הייסט עס,—און דער עדות בין איך געווען... אַזאַ עדות, ווי איך, איז שווער צו קריגן... לויב איך זיך אַליין אַריין.—אָבער,—זאָגט דער ייד,—איך קען דאָך נישט רעדן, אַ מענטש אָן אַ לשון ? און ווען איך וועל פאַלן, איז ווער וועט זען, אַז מען זאָל פאַרשרייבן ?.. עס איז גאָרנישט...—זאָג איך.—עס געפינען זיך מענטשן, וואָס פאַרשרייבן ! אַ וועלט שלאָפט נישט ! און אויב איר ווילט,—זאָג איך,—קען איך דאָס טאַקע טאָן. איך וועל דאָ שטיין און וואַרטן, ביז איר וועט זיך אויסגליטשן און דאַן שוין פאַרשרייבן און רופן דעם דאָקטאָר און באַשטעלן דעם לאָיער. אַלצדינג...

—פאַרוואָס ווילט איר עס ? איר זייט דען מיין טאַטנס משרת ?—מאַכט דער ייד.—גאָרנישט,—ענטפער איך,—איך האָב ליב טאָן טובות

און אַרויסהעלפן גרינגע, און בפרט,—זאָג איך,—אַז איך אַרבעט סיי ווי סיי איצט נישט, „סלעק“ ביי מיר... עס איז נישטאָ קיין אַרבעט, הייסט עס—איז וואָס דערלייג איך? און, איבעריקנס, ווען איר וועט זיין אַ פיי-נער מענטש און וועט נאָכדעם, ווי איר וועט אָפּנעמען די הונדערטער, מיר אויך געבן אַ פּאָר צענערלעך, איז מהיכא תיתי...

—אָט אַזוי,—פאַרענדיקט דער יונגערמאַן, דער אַגיטאַטאָר,—רעד איך און אַגיטיר און טו „ביזנעס“.

—איר קריגט מאַקע בעלנים?—פרעג איך.

—עס פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַזוי גרינג... מערסטע גרינגע גלויבן נישט, שרעקן זיך פאַר מיין אַגיטאַציע... אָבער איך טרעף אָבער אויך אויף אַזעלכע, וואָס גלויבן און נעמען אָן און אָט אַזוי מאַך איך אַ לעבן. פון צייט צו צייט פאַלן אַריין „נאַטירלעכע אומגליקן“ אויך...

—אַ מאָדנע פרנסה,—מאַך איך,—דעם ערשטן מאָל באַגעגן איך אַזאַ מין אַגיטאַטאָר.

—און איך אויך,—לאַכט דער יונגערמאַן.

# III

איך האָב אַנומלט געטראָפן אַ יידן אין בראָנקס - פּאַרק, אַ ייד, ווי אַלע יידן, פון דעם מין האַלב געגאָלט און האַלב באַבערדלט, אין אַן אָפּגעטראָגן אַלפּאַגא - רעקל, נאָר דאָך עפּעס נישט ווי אַלע. עס איז געווען אַ מיטנוואָך-טאָג, און אונזער ייד איז זיך געזעסן אויף אַ באַנק און געלייענט אַ בוך. האָט עס מיך פאַראינטערעסירט: אַ ייד, נישט קיין יונגער און נישט קיין אַלטער, נאָר אַ מיטל-יאָריקער, זאָל האָבן צייט צו זיצן אין אַ מיטנוואָך אין פּאַרק און לייענען ביכער? האָב איך אים אַזוי אָנגעקוקט און אַלץ געוואָלט זען, וואָס ער לייענט עס אַזוינס... האָט דער ייד דערזען, אַז איך קוק אים אָן, האָט ער זיך מיט מיר גלייך צעשמועסט:

—איר ווילט אוודאי וויסן, וואָס איך לייען? איך לייען אַ ראָמאַן... זייער אַ שפּאַנענדיקער ראָמאַן! „דער רויטער פּרינץ” הייסט ער. איר האָט עס אַמאָל געלייענט?—לייענט עס, אויב איר האָט צייט!.. און איר וואונדערט זיך מן הסתם, ווי אַזוי אַ ייד, ווי איך, האָט צייט פאַר אַזעלכע נאַרישקייטן? טאָ וואונדערט זיך נישט: אָט, ווי איר קוקט מיך אָן, זיץ איך דאָ און מיינע געשעפטן גייען... אין אַמעריקע מוז מען האָבן שכל, קען מען מאַכן אַ גרינג לעבן... פון אָנפאַנג האָב איך זיך אויך געפּלאָגט, ווי אַלע, אָבער איצט, אַ דאַנק גאָט, מאַכט זיך אַ לעבן, און מען שפּאָרט נאָך אָפּ אַ פּאָר דאָלאַר אויך... וואָס איז מיין געשעפט, ווילט איר וויסן?—איך האָב אַ טראָסט... דאָס

הייסט נישט טאַקע ממש אַ טראָסט, נאָר כמעט ווי אַ טראָסט... געווײנלעך מאַכט ראָקפעלער פון זײַן טראָסט מער, ווי איך... נאָר ווער קען זיך גלײַכן צו ראָקפעלערן? ער איז שוין אַזוי לאַנג אין אַמעריקע... ווען איך בין אַזוי לאַנג, ווי ער, אין אַמעריקע, בין איך אויך אַ ראָקפעלער... אַלזאָ, הייסט עס, איך האָב אויך אַ שטיקל טראָסט... איר וועט קיינעם נישט אויסזאָגן, וואָס איך טו, וועל איך אייך זאָגן... ווייל אין אַמעריקע דאַרף מען מורא האָבן פאַר קאָנקורענטן... דאָ האָט מען זייער שטאַרק ליב אויסכאַפּן ביי אַ צווייטן דעם ביסן... אָבער איך זע אָן אייך, אַז איר זייט נישט פון די מענטשן... איך דערקען שוין מיינע מענטשן!.. נו, איז וועל איך אייך זאָגן.

איך האָב אַ געשעפט פון קופּאָנעס... וואָס איז דאָס פאַר אַ געשעפט? און ווי קום איך צו אַזאַ געשעפט?—וועל איך אייך דערקלערן.

יעדער גוטער געשעפט קומט פון אַ צופאַל... איינמאָל גיי איך אַזוי פאָרן אין די בראָנקס, פאַרווילט זיך מיר אַ טרונק—גיב איך אַ קוק, ערשט לעבן דער סטאַציע פאַרקויפט מען סאָדע-וואַסער, עפּעס אַ נייעם מין וואַסער... גיי איך צו, בעט אַ גלאָז סעלצער, טרינק אויס און באַצאָל, נעמט מען און מען רוקט מיר אַריין אַ קופּאָן... און איר הערט? איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אַ קוק צו געבן, וויפל דער קופּאָן איז ווערט, שפּרינגט אונטער אַ ייִנגל און בעט:

„מיסטער, גיט מיר דעם קופּאָן!”—נעם איך און גיב אים אָפּ... ווייל צו וואָס דאַרף איך עס?.. אָפּגעגעבן, בלייב איך פונדעסטוועגן שטיין אַ ביסל, און איך זע, ווי דער ייִנגל בעטלט קופּאָנעס ביי אַלע די, וואָס קומען דאָרט טרינקען וואַסער, און כמעט אַלע גיבן אים אַוועק. און דאַן איז מיר איינגעפאַלן: דאָס קען דאָך זיין אַ גוט געשעפט...

„איר פאַרשטייט, איך בין שוין דאַן אַרומגעגאַנגען אפשר אַ האַלב יאָר אָן ביזנעס, ווייל מיין מילך-געשעפט, וואָס איך האָב געהאַט אין האַרלעם, האָב איך געמוזט פאַרקויפן צוליב קאָנקורענץ. עס איז געווען דווקא אַ גוט געשעפט, איז געקומען אַ ייד, אַ גנב, אַ רוצח, אַ פּאָסקודניאַק, און געעפנט פונקט אַנטקעגן מיר אַ מילך-געשעפט און גענומען קאָנקורירן... און איר ווייסט דאָך, די אַמעריקאַנער ווייבער זענען אַזאַ פאָלק, וואָס האָבן ליב אַלע ווילן פרישע זאַכן: גיב זיי פרישע מענער, פרישע פיש, פרישע ביזנעס... אַלץ

פריש! הכלל, איך האב געמוזט דעם געשעפט פארקויפן און צוגעלייגט דעם קאפ... און ארומגעגאנגען אן א ביזנעס... קורץ: צוקוקנדיק, ווי דער יינגל מאכט געשעפטן מיט די קופּאנעס, איז מיר איינגעפאלן, עס איז א גוט געשעפט... מען דארף דערצו נישט קיין סך געלט און קיין סך ארבעט, מען קאן נעמען און אנשטעלן א צען, צוועלף יינגלעך פאר צען סענט א טאג און זיי צעשטעלן אין אלע עקן שטאט, און זיי לאזן בעטלען די קופּאנעס... ווייל איר פארשטייט, אזא געשעפט מוז מען אוועקשטעלן אויף א פעסטן יסוד, כדי עס זאל טראגן... הכלל, איך בין אוועק אהיים און גענומען רעכענען, אז די צען יינגלעך וועלן מיר קאסטן א דאלאר א טאג. און ווען יעדער פון זיי זאל מיר אריינברענגען בלויז צוויי הונדערט קופּאנעס א טאג, איז דאס א קימאלן פון צוויי טויזנט קופּאנעס א טאג, און דאס איז שוין א געשעפט. די קופּאנעס וועל איך נאכדעם אויסבייטן אויף זאכן און די זאכן וועל איך פארקויפן, אדער איך וועל מאכן א געשעפט פון קופּאנעס... כך הוה: איך בין אויף מארגן אוועק צום יינגל, וואס איך האב געטראפן ביי דער סטאציע, און אים געפרעגט, צי ער וויל ארבעטן פאר מיר און צי ער קען מיר נישט קריגן נאך א צען חברה־לייט... האט יענער גלייך איינגעשטימט, און איך וועל אייך מאכן בקיצור: איצט ארבעטן פאר מיר זעקס און צוואנציק יינגלעך אין אלע טיילן שטאט, מיט פיר אויפפאסער, וואס גיבן אכטונג, אז עס זאל נישט געשען קיין גניבה. איך האב אויסגעארבעט א געזעץ, אז יעדער יינגל מוז מיר ברענגען נישט ווייניקער ווי 250 קופּאנעס א טאג. די, וואס ברענגען מער,—קריגן עקסטרע... און אזוי האב איך איינגעארדנט א געשעפט. וויפל טראגט מיין געשעפט?—פרעגט איר. עס טראגט: אמאל מאך איך פופציק דאלאר א וואך און אמאל מער אויך!.. עס הענגט זיך אן דעם וועטער... איז דער וועטער שיין, טרינקט מען וואסער, זענען דא א סך קופּאנעס. איז דער וועטער נישט שיין, טרינקט מען נישט... אבער אין סך הכל מאך איך א לעבן... ווייל קיין גרויסער בעל־הוצאה בין איך נישט... איך בין אן אלמן און אן קינדער... און חתונה האבן נאכאמאל, אייל איך זיך נישט... עס לוינט זיך נישט. ווען א ווייב וואלט געווען, ווי א קופּאן, וואס מען זאל עס קענען אויסבייטן אויף עפּעס בעסערס, וואלט זיך עס געלוינט,—אבער אזוי, צו וואס?.. איז אט ווי איר קוקט מיך אן, האב איך גענוג צייט. מיין חברה ארבעט פאר מיר... און מיין גאנצע ארבעט באשטייט אין צוזאמענלייגן די קופּאנעס... עס איז אן ארבעט.

אָבער אַ מענטש מוז דאָך עפּעס טאָן!.. און דעם ראָמאַן האָט איך אייך צו לייענען... עס איז אַ פיינער ראָמאַן, זייער שפּאַנענד... זייער!

דער ייד האָט געענדיקט און זיך ווידער פאַרטיפט אין ראָמאַן.

און איך בין געזעסן און געקלערט: איז עס אַן אמתע זאַך דאָס, וואָס דער ייד האָט מיר ערשט דערציילט, צי דער געשעפט עקזיסטירט בלויז אין דער פאַנטאַזיע פון דעם יידן? ער האָט אים נאָך נישט, נאָר ער פּלאַנעוועט אים ערשט צו מאַכן?

עפּעס קלינגט עס מאָדנע: אַ טראָסט פון קופּאָנעס! אָבער ווי זאָגט איר,—יידישע געשעפטן.

# IV

מיינט נישט, אַז דער מאַן, וועלכן איך וויל דאָ אייך פאָרשטעלן, איז אַ שווינדלער.

ניין! פון אויבן אויף קען זיך עס אַזוי דאַכטן, אָבער ער איז עס נישט. בשום אופן נישט.

ער איז בלויז אַ מענטש, וואָס זוכט פּרנסה און וויל מאַכן אַ לעבן.

און אַז מען קען נישט מאַכן אַ לעבן אין דער ווירקלעכקייט, מאַכט מען עס אין פאַנטאַזיע.

ער איז אַ פאַנטאַזיאָר, מיין העלד, און ער האָט זיך אַזוי פאַרפאַנטאַזירט, אַז ער גלויבט שוין אַליין אין דעם...

מיין העלד האָט געזוכט פּרנסה, איז דאָס אוודאי קיין עוולה נישט. אַ ייד דאַרף האָבן פּרנסה. איז ער אָבער אַ לא יוצלח און האָט נישט געקאָנט געפינען.

זיך געוואָרפן אומעטום, ווי אַ פיש, און נישט געקענט... איז וואָס זשע טוט אַזאַ מענטש?—לייענט ער צייטונגען. די גרעסטע לעזער פון צייטונגען זענען מענטשן, וואָס קענען קיין לעבן נישט מאַכן...

אָט דער מין מענטש זוכט... נישטערט שטענדיק... אַזוי איז שוין די טבע פון דעם מין מענטשן...

האָט מיין העלד גאַנץ אָפט געלייענט אין די צייטונגען וועגן

פעטערס און שוועסטערקינדער, וועלכע לאָזן איבער גרויסע ירושות צו קרובים—איז דאָס אים זייער געפעלן געוואָרן... זייער א וואוילע זאַך א ירושה.

א טייערע זאַך! מיר נישט, דיר נישט, ווערט א מענטש א גביר! היינט אַן אָרעמאַן און אויף מאָרגן א מיליאָנער!

און פאַרוואָס זאָל מיט אים נישט קענען טרעפן אַזאַ נס? האָט ער אַזוי לאַנג געלייענט און געטראַכט וועגן דעם, ביז ער האָט זיך דערטראַכט פון א פעטער ערגעץ אין טעקסעס... א לאַנדסמאַן האָט אים דערציילט, אַז זיין מוטער האָט געהאַט א ברודער, איז ער אַלס יינגל נאָך אַוועק אין אַמעריקע. איז ער דאָך מן הסתם געוואָרן א גרויסער גביר, א מיליאָנער...

וואו דער אָנקל געפינט זיך, האָט ער נישט געוואוסט... זיין מאַמע איז שוין אויך טויט... האָט ער אָבער געלייענט, אַז די מערסטע אַזעלכע פעטערס געפינען זיך אין טעקסעס, האָט ער באַשטימט אַז זיין פעטער מוז אויך זיין אין טעקסעס...

האָט ער שוין א פעטער אין טעקסעס!

איז ווי זשע קומט מען צו דער ירושה? פונוואַנען ווייסט מען, אַז דער פעטער האָט קיין קינדער נישט!—האָט ער ווידער געטראַכט און גערעכנט און באַשטימט, אַז אַזוי ווי ער וויל דאָך קריגן פון זיין פעטער א גרויסע ירושה, מוז דאָך יענער קיין קינדער נישט האָבן!..

נו, איז ביי אים געבליבן, אַז דער פעטער איז א קינדערלאָזער...

איז די זאַך שוין באַלד געווען אויפן וועג: צוויי זאַכן ווייס ער דאָך שוין אויף באַשטימט: וואו דער פעטער געפינט זיך און אַז ער איז א קינדערלאָזער...

איצט בלייבט נאָר זען צו קריגן די ירושה... איז ער געפאַלן אויף אַזאַ פּלאַן:

ער האָט אַליין אַריינגעשטעלט אַן אַנאָנס אין א צייטונג: א פלימעניק מיט דעם און דעם נאָמען (טאַקע זיין נאָמען...) געזוכט צוליב אַ ירושה-אַנגעלעגנהייט. זיינער א פעטער, וועלכער איז געשטאָרבן מיט צוועלף יאָר צוריק, האָט איבערגעלאָזט א גרויסע ירושה. נאָכפרעגן אויף דעם און דעם אַדרעס אין טעקסעס.

איר מיינט, אַז דאָס איז א שווינדל?—ניין! איר פאַרשטייט, א פעטער האָט ער דאָך שוין געוויס געהאַט! א קינדערלאָזער—איז ער דאָך שוין אויך באַשטימט... די ירושה דאַרף ער דאָך קריגן—איז איצט

בלויז די פראַגע, צי דער פעטער לעבט ?—נו, האָט ער זיך צוגעאיילט און אים באַגראָבן ! וואָס קומט אים דערפאַר ?

אָפּגעדרוקט דעם אַנאָנס, האָט ער זיך גענומען אַרומטראָגן מיט אים צווישן לאַנדסלייט און באַקאַנטע : זעט נאָר, זעט !

און אַזוי האָבן שוין אַלע זיינע לאַנדסלייט געוואוסט, אַז מענדל-בעריש, יידל דעם מלמדס, האָט ערגעץ אַ ירושה אין טעקסעס, פון אַ מיליאָנער אַ פעטער !..

. און וואָס איז דאָ דער וואונדער, אַז אונזער מענדל-בעריש האָט דערפון גענומען מאַכן אַ לעבן ?

איר פאַרשטייט ? אַ ירושה וואַרט דאָך אויף אים, אַ בטוח איז ער דאָך שוין, וואָס זשע דען ? עס דאַרף בלויז נעמען צייט און ער האָט נישט קיין געלט אויף אַדוואָקאַטן—איז פאַרוואָס זאָל מען אים נישט באָרגן ?

און אַזוי האָט אונזער מענדל-בעריש פּרנסה שוין אַ קימא לן פון זיבן יאָר.

ער האָט עטלעכע אַדוואָקאַטן, וועלכע אַרבעטן אויף דער זאַך, שיקן פּאַפּירן אַהין קיין טעקסעס...

און מענדל-בעריש מאַכט דערווייל אַ לעבן... איין לאַנדסמאַן האָט שוין אין דעם ירושה-געשעפט דרייצן הונדערט דאָלאַר; אַ צווייטער—עלף, אַ דריטער—ניין, אַ פערטער—זעקס, אַ פינפטער—דריי, אַ פערטער — הונדערט און פופציק און אַזוי ווייטער. און אַלע העלפן מענדל-בערישן אין דעם ענין, ווי פאַראינטערעסירטע.

און מענדל-בעריש טוט דערווייל גאָרנישט. ווייל ער איז דאָך פאַרנומען: ערשטנס, מיט אַדוואָקאַטן... און, צווייטנס, מיט קריגן געלט פאַר די אַדוואָקאַטן.

און אָט אַזוי מאַכט אַ ייד אַ לעבן שוין זיבן יאָר און ער וועט מן הסתם מאַכן אויך ווייטער...

ווייל עס איז זייער אַ פאַרפּלאָנטערטער ענין.

און דער עיקר איז: נישט נאָר די אַדוואָקאַטן און לאַנדסלייט, וועלכע שטעקן מיט געלט אין דעם „געשעפט“, נאָר אויך מענדל-בעריש אַליין גלויבט, אַז ער האָט אַ ירושה און ער וועט סוף כל סוף קריגן...

## V

איך האָב גלייך דערקענט אָן דעמדאָזיקן יידן, אַז ער מוז מאַכן אַ לעבן נישט ווי אַלע. ווייל דער ייד האָט אויסגעקוקט מאָדנע: דער אַלטער שטרוי־קאַפּעליוש פאַררוקט און אויסגעבויגן אין אַ זייט און די קעשענעס אָנגעשטאָפּט מיט צייטונגען.

איך האָב זיך מיט אים באַקענט אויף אַ קאַר, פאָרנדיק קיין בראָנזוויל. איך בין געזעסן האַרט לעבן אים, און כאָטש איך בין נישט פון יענע יידן, וואָס האָבן ליב אַריינצוקוקן אין אַ פרעמדער צייטונג, האָט מיין שכן מיר דאָך באַמערקט:

—מיסטער, וואָס דאַרפט איר קוקן? אי־ ווילט לייענען, נאַט אייך אַ צייטונג!—און דערביי האָט ער מיר דערלאַנגט אַ צייטונג.

איך האָב אים באַדאַנקט:

—אַ דאַנק, איך האָב שוין געלייענט!

—איז וואָס זאָגט איר צו אונזערע לופטפליער אַרום דער וועלט?—פאַרפירט דער ייד מיט מיר גלייך אַ שמועס.

—וואָס קען מען זאָגן?—ענטפער איך.—זיי קענען פליען!

—קענען צו קענען איז נישט גלייך,—פאַסמאַקעוועט זיך דער ייד,—אָבער ווי דענקט איר, זיי קריגן כאָטש גוט באַצאָלט?

שמייכל איך.

—ווער ווייסט? נאָר מען קען זיך משער זיין, אַז נישט שלעכט.

—וואָס מיינט ביי אייך נישט שלעכט?—ציט ביי מיר דער ייד.

—נישט שלעכט? — זיי מאַכן מן הסתם אַ לעבן! — ענטפער איך.

—איר זייט אַ גרינער! — גיט מיר מיין שכן אַ זאָג אָפּ. — זיי מאַכן אַ לעבן? אַ לעבן מאַכט איר דאָך אויך, און איך אויך... אָבער דאָ שמועסט זיך וועגן רייך ווערן... וואָס מיינט איר? — מאַכט דער ייד אין אַ זייער זיכערן טאָן. — אַזאַ זאַך טוט מען אומזיסט? מענטשן וועלן אייך גיין איינשטעלן דאָס לעבן פאַר גאָרנישט... איז מן הסתם ווערן זיי דערפון מיליאָנערן...

—מעגלעך, — שמייכל איך.

—נישט מעגלעך — נאָר געוויס! — פסקנט דער ייד אָפּ אָן קיין שום צווייפל. — איך שטעל זיך אויף זייער פּלאַץ: איז, ערשטנס, וואָלט איך נישט געפלויגן, ווען מען גיט מיר אפילו אַ שטוב מיט געלט!.. ווייל צו וואָס דאַרף איך געלט אויף יענער וועלט?.. און ווען איך וואָלט שוין אָבער יע געפלויגן, וואָלט איך זיך געהייסן גוט באַצאָלן.

—וואָס מיינט ביי אייך גוט? — וויל איך וויסן.

—גוט? — פאַרבויגט זיך דער ייד פריער איין פינגער און נאָכדעם אַ צווייטן. — גוט, מיינט ביי מיר, ראשית: אַז מען לייגט אַוועק אויף מיין נאָמען אַ מיליאָן... אַ גאַנצן מיליאָן. איז מילא: בלייב איך לעבן פון אַזאַ נסיעה, איז דאָך מה טוב, ווייס איך, אַז איך בין פאַרזאָרגט אויפן גאַנצן לעבן און דאַרף שוין מער נישט פליען... און אויב, חס וחלילה, נישט, טאָ זאָל כאָטש מיין ווייב און קינדער הנאה האָבן... זאָלן זיי וויסן, אַז זיי האָבן געהאַט אַ גוטן מאַן און טאַטן!.. כאָטש, צוריק שמועסנדיק, זענען היינטיקע קינדער דאָס נישט ווערט... פון אַ ווייב איז דאָך אָפּגערעדט... ווי דענקט איר, האָב איך נישט רעכט? ווי ווייט פאָרט איר? — האָט מיר דער ייד פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

—ביז פּיטקין עוועניו, — זאָג איך.

—טאָקע גוט, — דערפרייט זיך דער ייד, — איך פאָר אויך ביז דאָרטן. איר פאָרט עפּעס זוכן אַ ביזנעס?

—ניין, — זאָג איך, — אַזוי זיך, צו גאַסט, צו אַן אַלטן פריינט.

—הפנים, אייך גייט גוט אין אַמעריקע, — שאָקלט דער ייד מיטן קאָפּ, — אַז איר קענט זיך פאַרגינען אין אַ מיטנוואָך-טאָג פאָרן צו גאַסט... אָט, זעט איר, איך קען עס נישט... כאָטש אַז מען וויל זאָגן, בין איך גאָרנישט אַזוי פאַרנומען...

—וואָס איז אייער באַשעפטיקונג?—שטעל איך זיך שוין איין און גיב אַ פרעג.

—באַשעפטיקונג?—גיט דער ייד אַ קנייטש דעם שטערן.—איר מיינט, איך ווייס?—אַז מען וויל זאָגן, איז דאָס אַ באַשעפטיקונג און אַז מען וויל זאָגן—איז עס גאָרנישט... שוין זעקס יאָר, אַז איך פאָר ארום מיטן קאַר.

—איר אַרבעט פאַר יענעם?—ווער איך שוין נייגעריק.

—ניין, איך בין פאַר זיך אין ביזנעס,—מאַכט דער ייד.

—אין וואָס פאַר אַ מין ביזנעס?—וואַרף איך אריין א פראַגע.

—אין אַלערליי,—שמייכלט דער ייד און גיט אַ כאַפּ אַרונטער דעם קאַפּעליוש און טאַקע תיכּף טוט ער אים אָן צוריק.

—וואָס מיינט איר אין אַלערליי?—ווער איך נאָך נייגעריקער.

—דאָס מיינט, דערקלערט מיר דער ייד,—אַז איך זוך ביזנעס. שוין זעקס יאָר זוך איך, און קיין באַשטימטעס האָב איך נישט. ביי מיר איז רעכט אַ גראָסערי, אַ מילך-סטאָר, אַן אַפּטייק, קענדי סטאָר, אַ גאַראַזש, אַ סיגאַר-סטאָר, אַן אייזנקראָם, אַ סטיישאָנערי, אַ דזשענטס פאָרנישינג, אַ בעקעריי און אפילו אַ מואווינג פּיקטשור...

—און די גאַנצע זעקס יאָר האָט איר גאָרנישט געפונען?—וואונדער איך זיך.

—זייט נישט אַזאַ חכם,—באַליידיקט זיך דער ייד,—איר האָט שוין אמאָל געפּרואווט זוכן אַ ביזנעס אין אַמעריקע? ניין? טאָ רעדט נישט! דאָ, אין אַמעריקאַ, קענט איר זוכן אַ ביזנעס דעם גאַנצן לעבן און נישט געפינען... דאָס הייסט, ביזנעסן פעלן דאָ נישט און אַלע ווילן פארקויפן, אָבער עס איז אַלץ גנב און גזלן... אַלע ווילן דיך אָפּנאַרן. באַשווינדלען, אָפּשינדן די הויט... סיידן מען זאָל צומאַכן די אויגן און זאָגן: מיסטער, שינדט מיך אָפּ! אָבער ווען אַ מענטש איז פּייבּלאָרן זין און מיט אָפענע אויגן, ווילט זיך נישט לאָזן אָפּשינדן. איז אָט ווי איר קוקט מיך אָן, מוטשע איך זיך שוין אַזוי זעקס יאָר...

—איז פון וואָס זשע, דערלויבט מיר צו פרעגן,—פרעג איך,—מאַכט אַ ייד אַ לעבן?

—אַ לעבן?—גיט דער ייד אַ כיטרען שמייכל.—אָט דאָס, זעט איר, איז אַ פראַגע. אָבער מען מאַכט אַ לעבן! און טאַקע פון זוכן די ביזנעס, פון ארומפאָרן אויף דער קאַר.

—ווי אַזוי?—ווער איך שוין אָנגעצויגן.

—איר זייט אַ גרינער, — מאַכט דער ייד און גיט צו מיר אַ וואונק מיט איין אויג און דערביי פאַרמאַכט ער דעם צווייטן.—אין אַמעריקע, וויבאַלד מען איז אין ביזנעס, קריגט מען שוין געלט, ביזטו שוין אַ בעל-בטות... און איך בין דאָך אין ביזנעס... דאָס הייסט, איך וועל ביזנעס... איך דינג... און בין יעדן טאָג גרייט צו קויפן... הכלל: איך באָרג און ליי און פאָר אַרום און זוך ביזנעס... און אַמאָל הייבט זיך מיר אָן דאַכטן, אַז דאָס אַליין איז שוין מיין ביזנעס.... איבעריקנס גוט איז מיר נישט, אָבער זינדיקן קען מען אויך נישט. מען שטופּט זיך דורך. נו, אָט איז שוין פיטקין עוועניו! היינט גיי איך אָנקוקן אַ וואוישט-סטאָר.

—גוד ביי!

# VI

איר זאָגט: עס איז שווער צו מאַכן אַ לעבן אין אַמעריקע? הערט מיך אויס: פאַר אַנדערע איז דאָס שוין גאָרנישט שווער...

עס זענען דאָ פּיקע מענטשן, וואָס גראָבן זיך אויס פּרנסות ממש פון אונטער דער ערד און מאַכן זיך אַ לעבן, שפּילנדיק און פייפנדיק...

אָט הערט! איך האָב אַ לאַנדסמאַן, אַ בחור, הייסט ער קאָפּל-יאָסל פּעשעס. מאַכט ער אַ לעבן פון שטרייקן.

דאָס הייסט נישט, חס ושלום, אַז ער איז אַ שטרייקברעכער. דאָס גראָדע נישט! ער איז אַזוי אַ גאַנץ פיינער מענטשל און פון אַ פיינער משפּחה אויך, און דערצו האָט ער סתּם נישט ליב צו אַרבעטן.

אַרבעטן איז ביי אים טריף, ווי חזיר...

אַלזאָ, ווי אַזוי מאַכט ער פאָרט אַ לעבן פון שטרייקן? הערט זשע: ער איז אַ שטרייקער נאָר אין נאָמען.

איר ווייסט דאָך: אין ניו-יאָרק ברעכט אויס יעדע וואָך אַן אַנדער שטרייק. וואָס, וואָס, שטרייקן פעלן דאָ נישט!...

נו, איז מיין קאָפּל-יאָסל פּעשעס אויך אַ שטרייקער! און דערפון מאַכט ער טאַקע אַ לעבן...

ווי אַזוי, וועט איר פרעגן? אָט ווי אַזוי: ערשטנס, צאָלט ער קיינמאָל נישט קיין דירה-געלט פאַר זיין צימער.

ווען עס קומט דער ערשטער און די באַלעבאָסטע קומט נאָך

דירה-געלט, דערקלערט ער איר מיט היץ און פייער, אַז אַזוי ווי ער איז איצט אַ שטרייקער, דערום קען ער נישט צאָלן און זי מוז אים אָפּוואַרטן נאָכן שטרייק, וועלכער וועט זיך זיכער ענדיקן מיט אַ זיג פאַר דער יוניע, וועט ער איר באַצאָלן ביז אַ סענט...

און וואָס זאָל, נעבעך, אַ באַלעבאָסטע טאָן? זי גיט אַ קרעכץ און לאָזט אים אָפּ... זי וועט דאָך נישט נעמען אַרויסזעצן אַן אָרעמען שטרייקער אין סאַמע ברען פון שטרייק! איר מאַן שטרייקט דאָך אויך גאַנץ אָפט...

און כדי צו פאַרקרעפטיקן זיין לאַגע און כדי צו דערוועקן מיט-לייד צו זיך, טוט מיין קאָפּל-יאָסל פּעשעס נאָך אַ זאַך: ער קומט איינמאָל אַ פאַרנאַכט אַהיים מיט אַן אַרומגעבונדענעם קאָפּ, עס זאָל הייסן כלומרשט, אַז ער איז געווען אַ „פּיקעט"*), און פּאָליציי האָט אים צעבלוטיקט, ווי אַ חזיר...

דאַן פאַרגעסט די באַלעבאָסטע נישט נאָר אַן דירה-געלט, נאָר זי דערלאַנגט אים נאָך אַ גלאָז טיי מיט אַ צובייסן...

אָט אַזוי לעבט זיך מיין קאָפּל-יאָסל פּעשעס אַלס שטרייקער. קיין דירה-געלט צאָלט ער נישט, און אויף דעמזעלבן חשבון באָרגט ער אויך אין רעסטאָראַן, לייט אַ גמילות-חסד ביי באַקאַנטע, ראַזירט זיך אויף באָרג און פּוצט אַפילו אויף באָרג די שיך ביים איטאַליענער.

מיט איין וואָרט: ער מאַכט אַ לעבן פון שטרייקן. און וואָס טוט ער נאָכן שטרייק, פרעגט איר?

כלעבן, איר זייט אַ גרינער! גלייך ווי דער שטרייק ווערט גע-ענדיקט, קלויבט ער זיך אַרויס אין אַן אַנדער געגנט, און דאָרטן איז ער שוין ווידער אַ שטרייקער ביי אַן אַנדער פאַך.

אָט דער לאַנדסמאַן מיינער קען אין איין האַלבן יאָר זיין אַ קלאוק-מאַכער, אַ קאָנדוקטאָר, אַן אייזנאַרבעטער, אַ באַרבער, אַ וויי-טער, אַ פּיינטער, אַ רעגס-פּיקער און אַ מילך-מאַן...

---

*) אַ שטרייקער, וואָס באַוואַכט אַ פאַבריק פון שטרייקברעכער.

# VII

איך האָב באַגעגנט אַ מאָדנעם ייִדן. ער האַלט אַ קליין שניידער-קרעמל אין אַ קעלער, מיט צעבראָכענע טרעפּ, אַ סכנה אַהין אַרייַנצוגיין. אינווייניק איז פינסטער, נאַס... די סטעליע איז שוואַרץ, ווי אַ קוימען. זי הענגט און סטראַשעט: אָט וועל איך אַרונטערפאַלן!

דער שניידער אַליין, אַ קורץ ייִדל, מיט לאַנגע הויזן און אַ פאַרשטויבט פּנים, זיצט אויף אַ הינקענדיק בענקל און שטעפּט אויף אַ צעבראָכענער, פאַרשטויבטער, כריפּעדיקער מאַשינקע.

ווי קום איך צו אים? —איך האָב געדאַרפט אײַננייען אַ קנעפּל אין מיין אויבעררעק... געזוכט אַ שניידער-קראָם און נישט געקענט געפינען, דערזען אָט דאָס קרעמל, אין דער ערד, און אַרייַנגעלאָזט זיך אַהין...

מיר האָבן זיך צערעדט. אויף מיין פראַגע: ווי אַזוי ליגט עס, היינטיקע צייטן, אַ ייִד אַזוי טיף אין דער ערד? האָט דער שניידער דווקא זייער מונטער און פאַרטרוילעך מיר דערקלערט:

—ווי אַזוי מען ליגט, פרעגט איר? מען ליגט שוין! אַז מען מאַכט אַ לעבן, ליגט מען שוין... נישט נאָר אַרבעט איך דאָ, נאָר איך וואוין דאָ אויך מיט ווייב און קינדער... דאָ הינטן וואוין איך... איר זייט גערעכט: על פּי שכל האָב איך דאָ נישט געדאַרפט וואוינען... עס איז דען אַ וואוינונג? —עס איז דאָך אַ חורבה!.. אָבער איך וואוין דאָ, ווייל איך מאַך דאָ אַ לעבן... איר מיינט פון שניידעריי? —כאַ-כאַ

פונוואַנען? ווער וועט עס קומען צו מיר? אויספרעסן אַ פּאָר הויזן גייט מען היינט אין די אמתע „סטאָרס" מיט די מאַשינעס... איך האָב נישט אַזאַ מאַשין... און פון קנעפּלעך איינניייען קען מען אויך נישט נתעשר ווערן... נישטאָ קיין באָרדערס מער... פון וואָס מאַך איך אַ לעבן? איר וועט נישט אויסזאָגן?.. עס וועט בלייבן צווישן אונז? — איך מאַך אַ לעבן פון „סילינג", סטעליע! איך לאַך נישט... פון סטעליע טאַקע, פון סטעליע... איך אַרבעט, מיינט איר, ביי סטעליעס?.. ע, ווען איך וואָלט עס געקענט, וואָלט גאָרנישט געווען שלעכט... אָבער איך קען נישט... איך בין גאָר אַ שניידער... און איך מאַך אַ לעבן פון סטעליעס גאָר אויף אַן אַנדער אופן... איך מאַך אַ לעבן פון פאַלנ־דיקע סטעליעס... פון סילינגס, וואָס פאַלן איין... איר פאַרשטייט? האָבנטלעך, אַז עס וועט ביי אייך בלייבן אַ סוד: ווען איך גיי נעמען אַ דירה פאַר זיך און פאַר דעם געשעפט — זוך איך נאָר אַ דירה אין אַ חורבה... אַ ביי הויז טויג פאַר מיר נישט... ווען איך קום אַריין אינעווייניק, כאַפּ איך פריער פון אַלץ אַ קוק אויף דער סטעליע... ביי מיר מיינט אַ גוטע סטעליע דווקא אַזאַ, וועלכע הענגט אויף סכנות... איר פאַרשטייט? איך מאַך אַ לעבן פון דעם...

אַמאָל פּאַסירט, אַז מיר טראָגט עפּעס אַריין אויך אַ שלעכט טרעפל... מען גליטשט זיך אויס און מען קלאָגט אָן דעם לענדלאָרד... אָבער דאָס איז אַלץ אַ זייטיקע זאַך, דערהויפּט צי איך חיונה פון סטעליעס... ביי מיר פאַלן צוויי, דריי מאָל אַ יאָר אַרונטער די סטעליעס.

סכנות? — אוודאי... אָבער אָן דעם קען מען דאָך נישט מאַכן קיין לעבן אין אַמעריקע... און מיט וואָס איז זיין אַ פאַרבער ווינציקער סכנה?!.. ער קען אַרונטערפאַלן און אויף מיר קען אַרויפפאַלן... איין שוואַרץ יאָר... און זיין אַ קוילן־גראָבער איז דען בעסער? יענער ליגט אויך אין דער ערד און וואַרט אויף אַן אומגליק!.. און אפילו „אינשורענס", וואָס דאָס איז דאָך שוין אַ לייכטע מלאכה, איז אויך פאַרבונדן מיט סכנה. מען דאַרף גיין מאָנען, איז קען מען דאָך אַלע־מאָל איבערפאָרן... און אַמאָל פאַרהאַקט מען אייך די טיר אונטערן נאָז... שיער, שיער, און מען בלייבט אָן אַ נאָז... אַזוי האָט מיר דער ציילט מיינער אַ לאַנדסמאַן, וועלכער איז אין די ביזנעס...

איך, ווען איך הייב אָן רעכענען, שטעל ווינציקער איין, ווי זיי, ווייל מיר איז געננג צו מאַכן אַ לעבן, אַז די סטעליע זאָל ביי מיר

אַרונטערפאַלן בלויז צוויי, דריי מאָל אין יאָר...

פאַראַיאָרן האָב איך געהאַט אַ גוטן יאָר... איינמאָל, נישט דאָ, נאָר אין אַן אַנדער קעלער, איז אויף מיר אַרונטערגעפאַלן די סטעליע גלייך אויפן קאָפּ... געכאַפּט אַ פיינעם קלאַפּ און מען האָט מיך געמוזט צונעמען אין האָספּיטאַל... דאָרט, בין איך אָפּגעלעגן, ווי אַ פּריץ, זעקס וואָכן און אָפּגענומען דערפאַר ביים לענדלאָרד צוויי הונדערט און פופציק דאָלאַר... עס איז אַ מטבע...

און מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז אַ שטיקל סטעליע אַרונטערגעפאַלן מיין ווייב אויפן אַקסל... שיער נישט דערהרגעט און אויך בעקראָגן אַ הונדערטער... דאָס יאָר גייט מיר נישט... איר קוקט אָן די חורבה... די סטעליע, דאַכט זיך, הענגט אויף נסים, אָבער עס פאַלט נישט...

בלויז אַ שטיקל סטעליע האָט זיך אָפּגעקלאַפּט און געטראָפן מיין קינד אין פּיסל. קוים אַרויסגעקריגן פון די רוצחים אַ פינף און צוואַנציקער...

אַ שלעכט יאָר.

און די צרה מיט די סטעליעס איז אויך, וואָס מען דאַרף זיך טיילן מיט די לאָיערס...

דאָס זענען גלאַט אומזיסטע פרעסער...

זיי נעמען צו העלפט פאַר גאָרנישט...

פון דעם קבר וועל איך זיך מוזן אַרויסקלייבן... איך קען נישט וואַרטן אַזוי לאַנג... איך מוז זוכן אַ נייע דירה, אַן ערגערע, הייסט עס, אַ בעסערע, קען מען זאָגן...

אָט איר קוקט אָן אָט די סטעליע, הענגט עס און הענגט און עס פאַלט נישט...

איך ווינטש איר די „פאַליקע” און זי וויל נישט...

איך מוז האָבן אַן „אַנשטענדיקע” דירה. איר פרעגט: צי איז מיין ווייב פון דעם צופרידן? וואָס הייסט, נישט צופרידן? אַ ווייב מוז צופרידן זיין מיט דעם מאַנס פּרנסה... אַמאָל צעטענהט זי זיך: יאָסל-פּסח, פאַרוואָס זאָלסטו נישט זען אָנהייבן לעבן, ווי אַלע מענטשן, עפּענען אַ לייטיש געשעפט און נעמען צימערן, ווי אַלע! וויפל איז דער שיעור זיך צו שפּילן מיטן לעבן? — אָבער איך שריי אויף איר אָן: יידענע, מען טאָר נישט זינדיקן! אַ דאַנק גאָט, מען מאַכט אַ לעבן. איז וואָס זינדיקסטו? סכנות? און אונזער לאַנדסמאַן בערלען איז דען

בעסער? עס איז אַ סעלצער-מאַן, נו, איז אָט האָט פאַראיאָרן ביי אים געפּלאַצט אַ סעלצער-פלעשל און ער האָט פאַרלאָרן אַן אויג... און פאַר אומזיסט אויך... ווייל ער האָט נישט ביי וועמען צו מאָנען... ער איז אליין דער באַלעבאָס... יידענע, אַלץ איז אַ סכנה...

און מיין יידענע איז נישט קיין בהמה... זי הערט מיך אויס און פאַרשטייט, אַז איך בין גערעכט...

דער שניידער האָט מיר ענדלעך איינגעניייט דעם קנעפּל און איך האָב זיך אָפּגעזעגנט מיט דעמדאָזיקן מאָדנעם יידן...

# VIII

איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט אין אַ קנייפּע. עס איז געווען שפּעט אין דער נאַכט. מיין נייער באַקאַנטער איז געזעסן ביי אַ טישל און געדרעמלט. מיר האָבן זיך צערעדט.

ער איז נאָך אַ בחור. קיין באַשעפטיקונג האָט ער נישט, קיין מלאכה קען ער אויך נישט. ער האָט אַמאָל, זאָגט ער, געשריבן פּאָעזיע, אָבער ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אַלע שרייבן פּאָעזיע און דאָס שטייט אים נישט אָן... ער האָט אַלעמאָל געוואָלט זיין אַנדערש, ווי אַנדערע און טאָן זאַכן נישט ווי אַלע... ווי אַזוי זשע לעבט ער זיך דורך?—איז ער טאַקע אַמאָל געווען אויף גרויסע צרות—אונטערגעהונגערט! אָבער איצט שוין נישט מער. דעם לעצטן האַלבן יאָר איז ער כמעט פאַרזאָרגט. ער האָט אַ מאָדנע פּרנסה. גאָר אַ מאָדנע. טאַקע אַן אויסערגעוויינלעכע. אים געפעלט עס. וואָס איז דאָס פאַר אַ פּרנסה, וויל איך וויסן. אָבער מיין נייער באַקאַנטער איילט זיך נישט. רופט צו דעם קעלנער, הייסט אים ברענגען אַ ווינער שניצל, אויב עס איז דאָ... ער האָט זייער ליב ווינער שניצלעך, זאָגט ער. ער איז טאַקע אַליין אויך אַ ווינער. דאָס הייסט, נישט פון ווין גופא, נאָר פון גאַליציע, אָבער ער איז געווען אין ווין. זייער אַ שיינע שטאָט ווין. ווי קומט ניו-יאָרק צו ווין? כאָטש אויך ניו-יאָרק פעלט גאָרנישט... אַלזאָ, אַ ווינער שניצל, און אויב עס איז נישטאָ, איז אַ בראַטן אויך גוט...

יע, אַנטקעגן דעם, וואָס איז מיין פּרנסה, ווילט איר וויסן?—עס

איז אַ מאָדנע פּרנסה, זאָג איך אייך, אַן אייגנאַרטיקע אין איר מין אפשר... אָבער וואָס איז דער חילוק, אַבי מען מאַכט אַ לעבן... און עס איז נישט קיין שווערע אַרבעט אויך... די פּרנסה האָט איך געקראָגן זינט מיינער אַ פריינט, אויך אַ בחור, האָט געקויפט אַ מאַשין... אַ גוטע מאַשין... מיין פריינט איז אַ בחור, אַ גרויסער פאַרדינער, מאַכט אַ סך געלט. האָט זיך אים פּלוצלונג פאַרוואָלט טרייבן אַליין אַ מאַשין... איר פאַרשטייט? ער האָט ליב צו פירן ראָמאַנטשיקעס, און ווען קאָן מען נאָך אַזוי פירן ראָמאַנטשיקעס, ווי אַז מען האָט אַ מאַשין?.. מיידלעך און ווייבלעך קלעפּן זיך ממש צו אייך; אַלזאָ, די האָט מיין פריינט אַ מאַשין... אַ גוטע מאַשין און פירט ראָמאַנען. האָט ער אָבער געהאַט אויך צרות פון דער מאַשין... נישט ווייל ער טרייבט צו שנעל. ניין, דאָס נישט! ער איז נישט פון יענע... ער איז גראָד אַ געזעצטער מענטש, אַן אַקוראַטנער, האָט פיינט לויפן און יאָגן זיך. און טאַקע, צו וואָס לויפן?—אַז געלט פעלט נישט, מיידלעך אויך נישט?—נאָר וואָס זשע דען? ער האָט צרות ביים פאַרקירעווען זיך... איר פאַרשטייט? אַלעמאָל, ווען מען דאַרף זיך פאַרקירעווען, דאַרף מען געבן אַ צייכן מיטן האַנט, אַז מען פאַרקירעוועט זיך... האָט אָבער מיין פריינט נישט מער ווי צוויי הענט, זענען זיי ביידע פאַרנומען: איין האַנט אויפן רעדל פון מאַשין און די צווייטע, איר ווייסט דאָך שוין מיט וואָס... אַז מען פאָרט מיט שיינע מיידלעך פעלן אַלעמאָל אויס הענט, פונקט ווי ביי קאָרטן. הכלל, וואָס זשע קומט אַרויס? מען שטראַפירט אים, מען שלעפּט אים אַלעמאָל אין געריכט... נו, איז מיין פריינט אויף צרות. אמת, עס האָט ביי אים נישט קיין גרויסן ווערט, ווייל איך זאָג אייך, דער מענטש איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט, אָבער איר פאַרשטייט?—עס איז נישט אָנגענעם דאָס שלעפּעניש... עס איז נישט אָנגענעם!.. מאַכט זיך איינמאָל אַזאַ מעשה: מיין פריינט נעמט מיך צו זיך שלאָפן. ער האַלט צוויי צימערן, רייכע צימערן. פאַרן שלאָפן גיין פאָרן מיר זיך אַ ביסל דורך. פאָרן מיר אַזוי געווײַנלעך. חוץ מיר, האָט ער נאָך עפּעס אַ נקבהלע אויך, און עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען עס קומט צום פאַרקירעווען זיך, כאַפּ איך און שטעל אַרויס די האַנט. נו, מען קען דאָך נישט זיין קיין חזיר. און בפרט, ווען איך זע, אַז מיין פריינט פעלן הענט... נו, פאַרשטייט זיך, אַז יענעם אָוונט האָט מען אים נישט שטראַפירט.

געקומען אהיים פון דער „יאזדע" און איבערגענעכטיקט, גייען מיר,

איך און מײַן פֿרײַנט, אַרונטער אין קנײַפּע עסן פֿרישטיק, שוין לאַנג נישט געגעסן אַזאַ פֿרישטיק, און פּלוצלונג רופֿט זיך אָן צו מיר מײַן פֿרײַנט: דו ווייסט, בערקע, — ער רופֿט מיך אויף מײַן היימישן נאָמען, ווײַל מיר קענען זיך נאָך פֿון דערהיים, — דו ווייסט, בערקע, איך דענק, אַז דו זאָלסט גאָר בלײַבן מיט מיר אויף שטענדיק. קיין באַשעפֿטיקונג, זאָגט ער, האָסטו דאָך אַלצאײַנס נישט. אַרבעטן פֿילסטו זיך דאָך, נו, און בײַ מיר וועסטו האָבן אַ לײַכטע מלאכה...

פֿרעג איך אים, וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אַרבעט... צעלאָזט ער זיך: עס איז אַ זאַך, וואָס איז מיר אָט ערשט אײַנגעפֿאַלן... דו ווייסט דאָך, מאַכט ער, אַז איך האָב צרות מיט די פּאָליסלײַט און פֿאַרוואָס? — ווײַל איך פֿאַרגעס אַרויסצושטעלן די האַנט בײַם פֿאַרקירעווען זיך. איז, נו, אַזוי ווי נעכטן האָב איך געזען, אַז דו אַרבעטסט אויסגעצייכנט, גלויב איך, אַז דאָס איז פֿאַר דיר די בעסטע שטעלע... דו וועסט וואוינען מיט מיר, עסן מיט מיר, אויף קליידן און קעשענע־געלט וועט דיר אויך נישט פֿעלן, און דײַן גאַנצע אַרבעט וועט זײַן פֿאָרן מיט מיר אין מאַשין, ווען איך פֿאָר, און אַרויסשטעלן די האַנט בײַם פֿאַרקירעווען זיך... אָבער כּי־כּי־כּי, — האָט זיך מײַן פֿרײַנט צעלאַכט, — איין זאַך רעד איך מיט דיר אויס, דו זאָלסט נישט צופֿיל קוקן אין מײַנע געשעפֿטן. מאַך זיך, ווי דו וואָלסט גאָרנישט געזען, וואָס איך טו אין מאַשין. דו האַלט די האַנט אַרויסגעשטעלט און פֿאַרטיק... נו, דו נעמסט אָן?

צעלאַך איך זיך און זאָג: אוודאי נעם איך אָן! און זאָל זײַן מיט מזל! און וואָס שייך, זיך מאַכנדיק נישט זען, מעגסטו זיך פֿאַרלאָזן אויף מיר... אַ בלינדער וועט נישט זען מער פֿון מיר... אַזוי זאָג איך אים און נעם אָן די שטעלע.

און פֿאַרוואָס זאָל איך אַזאַ שטעלע נישט אָננעמען? — אי אויף אַלעם גרייטן, אי אַלעמאָל פֿאָרן פֿרײַ אויף אַ גוטער מאַשין, אי דערצו גרינג אַרבעטן? אַ סך אַזעלכע שטעלעס וואַלגערן זיך? הײַנט, ווי איר זעט, האָב איך אַ טאָג פֿרײַ, מײַן פֿרײַנט פֿאָרט הײַנט נישט. ער איז פֿאַרנומען. נו, זיץ איך אין קנײַפּע און אײַלן זיך איז נישטאָ וואָס... מײַן פּענסיע גייט אַלצאײַנס... פּרנסה איז דאָ...

דערווײַל האָט מען געבראַכט דעם בראָטן און מײַן נײַער באַקאַנטער האָט זיך מיט גרויס חשק אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף אים.

# אינהאַלט:

זייט





# א פּעדלער אזא.

שטייט אַ פּעדלער אין אָרטשאַרד סטריט, אַרום אַ פּושקאַרט מכּל טוב. אויפן פּושקאַרט געפינען זיך: אַ קופּערנער טשייניק, אַ סטאַטוע פון שעקספּיר, אַ זיידענער שירעם, עטלעכע פּאונטיין פּענס, געפלאָכטענע קערבלעך, אַ טעדי בער אויף דריי פּיס, אַ הענריס, אַ סקיצן־בוך, אַ צעבראָכענע פידל, עטלעכע פלעשלעך אָדעקאָלאָן, און וואָס נישט? שטייט דער פּעדלער, וואַרפט אויגן אויף אַלע זייטן, קוקט צו, ווי פאַרשידענע קונדן באַטראַכטן און באַשמעקן זיין סחורה... ענטפערט די קונים, זידלט און שילט און דערביי פירט ער אויך אַ געשפּרעך מיט אַ לאַנדסמאַן וועגן דער היים. דאָס אַלץ מישט זיך אויס אין איין קאשע און אָט וואָס עס קומט דערפון אַרויס:

—וואָס? וואָס זאָגט איר, רב לייב?—ווענדט זיך דער פּעדלער צום לאַנדסמאַן.—מען האָט געהרגעט רב שאיע־מרדכין, דעם מלמד? אַי, אַי! אזא רציחה!—מיסטער, איר קאָנט גיין! מיר קאָנען אזעלכע סוחרים! צי האָב איך געקענט רב שאַיע־מרדכין?

אוודאי האָב איך אים געקאָנט! אַ טייערער ייד געווען! דער בעסטער מלמד אין שטאָט! פּעטער! לייגט שוין אוועק שעקספּירן! איך האָב פּיינט די ביזנעס!.. אז מען וויל קויפן, רעדט מען, ווי אַ מענטש! יע... ביי רב שאיע־מרדכין האָב איך אַליין אויך געלערנט.. אַ פּאָר זמנים, דוכט זיך... אַי, איז דאָס געווען אַ ייד אַ למדן!—א רוח אין אייער טאטנס טאטן אריין! וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף דער

פידל, אז איר ווייסט דאָך גאָרנישט, ווי צו האלטן אזא זאך אין האנט! זשוליק, איר לאָזט אָפּ די פידל, צי נישט? איך צעפּלעט אייך שוין דעם קאָפּ, איר הערט?!

—איך זאָג אייך, רב לייב, אז איך פארשילט זיך דעם טאָג, וואָס איך בין געקומען אין אַמעריקע... יע, אַ קוואָדער*)! אַ קוואָדער! יאַכנע, וואָס איר זייט? עס לוינט זיך אייך נאָך נישט? אַזאַ פלאַש אָדעקאָלאָן פאַר אַ קוואָדער, דינגט איר זיך נאָך? איר קענט גיין! אַלץ וויל נאָר מציאות! גיב זיי אַוועק פאַר אומזיסט, גיב זיי אַוועק! די פאונטיין פּען וועט ווייניקער ווי פינף און זיבעציק סענט נישט גיין! וישא יעקב את רגליו... איר קענט עס אַוועקלייגן און גיין! צו אַלדי שוואַרץ יאָר אפילו! אַזוי, הייסט עס, רב לייב... מען האָט רב שאַיע-מרדכין געהרגעט... און זיין ווייב שרה-ברכהן אויך? טאַ, טאַ, טאַ! אָט דאָס הייסט צרות... און וואָס שרייבט מען נאָך פון דערהיים? אַז איך בין דאָך שטענדיק, ווי איר זעט, צוגעבונדן צום פּושקאַרט... איך האָב דען צייט צו זען אַמאָל אַ לאַנדסמאַן?.. אַז מען האָט דאָ דען וואָס צו טאָן מיט מענטשן, מיט יידן? דאָס זענען דאָך באַנדיטן! זיי ווילן דיר דען געבן צו פאַרדינען?—ווייניקער ווי אַ דאָלאַר וועל איך נישט נעמען! איר קענט אייך גיין אפילו אויף קוליעס... אַזאַ לאַפּיטוט! האָט אַ העזה צו באָטן אַ ניקל פאַר אַ פאונטיין פּען! ער מיינט, הפּנים, אַז ביי מיר וואקסן זיי אויפן בוידעם! יע, רב לייב, צרות... צרות אומעטום... אינדערהיים און אין אַמעריקע, מען לאָזט אין ערגעץ נישט לעבן... און וואָס וועט זיין דער סוף, רב לייב? זיי ווילן דאָך אונז אַלעמען אויסקוילענען!.. וועמען, זאָגט איר, האָבן די רוצחים, די פּאָגראָמשטשיקעס, געהאָנגען? שמואל-נחן? אָ, אָ! איך ווייס שוין!.. שמואל נחן, דער, וואָס האָט געהאַלטן די „פּאָטשט"! פאַרוואָס זשע, איך בעט אייך, האָבן זיי אים געהאָנגען? אַז הענגען זאָל מען זיי אַלעמען מיט מיינע קונים צוזאַמען—נו, גיט שוין דעם קוואָדער און ברעכט אַ פוס! עס זענען דען קונים—רוצחים זענען דאָס... קומען בלויז טאַפּן און שמעקן, אַזוי ווי מיין פּושקאַרט וואָלט געווען אַ קהלשע שמעק-טאַבאַק-פּושקע! אַזוי, הייסט עס, רב לייב, האָט מען שמואל נחן אויך געהאָנגען... אַזאַ פיינער באַלעבאָס געווען און אַ למדן דערצו... הייסט עס, גלאַט גענומען און געהאַנגען? און פאַרוואָס שווייגט

*) פינף און צוואַנציק סענט.

מען זיי, די רוצחים? פאַרוואָס שווייגט אַמעריקע?.. מיר זענען דאָך עפּעס אַמעריקאַנער? ביזוואַנען איז דער שיעור צוליידן? עך! עך!— דער שעקספּיר וועט אייך קאָסטן צען סענט, נישט ווייניקער אַ פּרוטה! און ווער, זאָגט איר, איז געקומען? דבורה-כאַשעס? אַזוי? א פיינע פרוי!.. אַליין? און וואו איז דער מאַן? דער מאַן איז געשטאָרבן?— אויך געשטאָרבן?.. אַלע געשטאָרבן?.. געשטאָרבן!.. עך, ווען איך האָב צייט, גיי איך כאָטש אָפּנעמען אַ גרוס! זאָלן אַזוי די „קנעפּלעך" לעבן, ווי זיי לאָזן איינשטיין! מען דאַרף זיי רק פאַרשטעכן די דהאנט... פאַרשטייט איר, רב לייב: סדנאָ דארעה חד הוא... לאַפּקע-געלט נעמט מען אומעטום...—וואָס זשע וועט זי דאָ טאָן, דבורה-כאשעס? איר לאָזט מיר אָפּ די פּושקאַרט!? וואָס האָט איר זיך אַרומגעשטעלט דווקא נאָר אַרום מיין פּושקאַרט? איר וועט דען קויפן? אז איך וויל אייך גאָרנישט פאַרקויפן! גייט אייך אלע אין דער ערד אריין! איר הערט, רב לייב, איך וועל זיך די צייטן ארויפכאפּן צו אייך. ווען?— אים ירצה השם, שבת נאָכמיטאָג? זיכער! גריסט אלעמען! אַ דאַנק! אַי, רב לייב, איך קאָן גאָרנישט פאַרגעסן: רב שמואל-נחן געהאָנגען! אז געהאָנגען זאָלן זיי ווערן! גייט געזונט, רב לייב! פאַרן טעדי בער, מיסיס, וויל איך אַ פערטעלע און נישט ווייניקער!...

## ברילן און השגחה.

שטייט אַן עלטערער ייד אויף קאַנעל סטריט, צוגעטוליעט צו אַ וואַנט און פאַר אים שטייט אַ טישל. אויפן טישל ליגן ברילן, אַלערליי ברילן, ווייסע און בלויע, אָבער דער עיקר—פאַרשטויבטע. זיי ליגן אויסגעלייגט אָן אַ סדר. איינעקע מיט די „פיסלעך" אַרויף און איינעקע מיט די „פיסלעך" אַראָפּ... ער, דער ייד אַליין, טראָגט אויך ברילן, וועלכע ער האַלט אין איין „פּאָפּראַווען", ווייל זיי האַלטן זיך עפּעס נישט... קיין פּדיון איז נישטאָ. אַרום אים קאָכט די גאַס, עס לויפן אויטאָמאָבילן. עס קלאַפּן וועגענער, מענטשן גייען צו און פון דער אַרבעט. אָבער אונזער ייד שטייט זיך ביי זיין טישל, ווי נישט אים מיינט מען גאָר. ער לייענט אַ צייטונג און שוועבט אין רעיונות...

אָבער אָט קומט צו צום טישל אַן עלטערער ייד, אויך אין שפּאַקולן... ער קומט נישט קויפן, נאָר דורכצושמועסן זיך, און שמועסן שמועסן זיי וועגן אַלץ אין דער וועלט, נאָר דער עיקר, וועגן ברילן. ראשית: ווייל דער עלטערער ייד, וואָס איז ערשט צוגעקומען, איז זייער נייגעריק צו דערגיין די חכמה פון ברילן, און, שנית, ווייל דער ייד פון טישל האָט זייער ליב צו רעדן וועגן ברילן.

—אַ גוטן מאָרגן, רב משה!—באַגריסט אים דער צוגעקומענער ייד.

—אַ גוטן יאָר, רב יאָסל!—ענטפערט אים משה און לייענט ווייטער די צייטונג.

—וואָס הערט זיך עפּעס נייס אין דער וועלט? נו, זיי מאַכן שוין אפשר שלום? —פרעגט יאָסל.

—די דייטשן ברעקלען זיך, —ענטפערט רב משה און לייגט אַוועק די צייטונג. —עינים להם ולא יראו... זיי זעען נישט, אַז זיי וועלן סוף כל סוף כאַפּן אַ מפּלה! מען דאַרף זיי צופּאַסן ברילן!

—גוט, וואָס איר האָט מיר דערמאָנט ברילן, —רופט זיך אָן רב יאָסל. — מיינע שפּאַקולן, רב משה, טויגן שוין ווידער נישט... דאָס הייסט, זען זע איך אין זיי — אָבער אַלץ, ווי דורך אַ טומאַן... קענט איר מיר, רב משה, נישט געבן צו פאַרשטיין, וואָס איז דער שכל, וואָס די ברילן טויגן און די נישט?

—אין ברילן, ר׳ יאָסל, איז גאָר קיין שכל נישטאָ, —רופט זיך אָן רב משה מעשה רבי, —דער שכל פון ברילן איז אָן אַ שכל... עס איז ריי־נע השגחה... אַז גאָט וויל, טויגן די סאַמע פּראָסטע ברילן, און אַז גאָט וויל פאַרקערט, טויגן נישט אפילו די בעסטע, די געשליפנסטע...

—אי! אי! אי! —פאָסמאַקעוועט זיך ר׳ יאָסל.

—הערט אַ מעשה. אַנומלט קומט צו צו מיין טישל אַן אַלטער ייד, טאַקע פון אונזער שול, און דערציילט מיר אַזאַ געשיכטע: ביי אים האָבן זיך צעבראָכן די ברילן. נו, האָט ער געוואָלט גיין קויפן אויף אַ פושקאַרט און פאַרטיק... האָט ער דאָך אָבער קינדער, הייַנטוועלטיקע, האָבן זיי גענומען פון אים לאַכן: ברילן אויף אַ פושקאַרט גאָר! ברילן מוז מען צופּאַסן ביי אַ דאָקטאָר! —מילא, נו... האָבן זיי אים אַוועקגע־פירט צו אַ דאָקטאָר, אַן אויגן־דאָקטאָר, און יענער האָט אים גענומען מוטשען און מעסטן, אים אַריינגעפירט, זאָגט ער, אין אַ פינסטערן חדר... ער האָט זיך, זאָגט ער, אַזש דערשראָקן... ווער ווייס, וואָס מען גייט אים דאָרטן טאָן... און, ענדלעך, האָט ער אים פאַרשריבן ברילן. ער האָט אָנגעטאָן די ברילן—ערשט עס טויג נישט! האָט זיך אָנגעהייבן אַ מעשה גיין צו דעם מאַן, וואָס מאַכט די ברילן און ווידער אַ מעסטן און אַן עקזאַמענירן, —און עס טויג ווידער נישט... די מעשה, זאָגט ער, איז אַזוי: ווען ער איז ביי זיי אונטער די הענט און זיי טוען אים אָן די ברילן — איז, דוכט זיך—ער זעט! אָבער תיכף, ווי ער קומט אַהיים, ווילן די ברילן נישט זיצן אויפן נאָז, און דער עיקר, ער זעט גאָרנישט... טאַקע גאָר גאָרנישט! הכלל, עס איז ביטער און פינסטער! הער איך אים אויס און רוף זיך אָן: ר׳ ייד, זייט זיך נישט מייאש. אדרבה, אָט נעמט

און פּרובירט אָנמעסטן אָט דידאָזיקע שפּאקולן! און איך דערלאַנג אים אַ פּאָר ברילן, גאַנץ געוויינלעכע ברילן, און ער נעמט און טוט אָן. און הערט אַ מעשה!—דער מאַן גיט אַ שפּרונג פון שמחה: ויהי אור!—זאָגט ער.—עס האָט מיר ממש די אויגן געעפנט! וויפל ווילט איר פאַר די ברילן, וועל איך באַצאָלן. מילא... איך האָב ביי אים בלויז גענומען אַ פּערטעלע, און מיינט איר, רב יאָסל, עס איז מיין חכמה? עס איז השגחה!

ר׳ יאָסל שאָקלט מיטן קאָפּ און רב משה רעדט ווייטער:

—ברילן, מיין פריינט, איז אַ גאָט-זאַך. איינעם זענען גוט די ברילן און איינעם די! דאָ העלפט נישט קיין חכמה, קיין מעסטעניש, קיין עקזאַמענעס און דאָקטאָריע! אַז דער אויבערשטער וויל, זעט מען דורך אַ פּשוט גלעזל פאַר אַ ניקל בעסער, ווי דורך אַ געשליפט גלעזל פון פינף דאָלאַר! ברילן זענען אין דער מדרגה פון אַ שידוך—עס איז אַ בלינדע זאַך. אַמאָל טרעפט מען גראָד מיט אַן איינפאַכער ווייב, און אַמאָל פאַלט מען דורך מיט דער קלוגסטער...

—אָבער אויב עס איז, ווי איר זאָגט, רב משה, איז פאַרוואָס לויפט די וועלט צו אויגן-דאָקטוירים?—פרעגט רב יאָסל.

—מאַלע, וואָס די וועלט לויפט! אויגן-דאָקטוירים ווייסן נישט מער פון אייך! אַז איר ווילט, וועל איך אייך דערציילן נאָך אַ מעשה: צו מיר קומט איינמאָל אַ פרוי מיט אַ מיידעלע און זי דערציילט מיר אַזאַ מעשה, אַז איר מיידעלע טוען וויי די אייגעלעך. זי איז שוין מיט איר מיידעלע אויסגעווען אין אַלע שפּיטאָלן, מען האָט איר דאָרטן געגעבן וואַסערלעך, געשריבן רעצעפּטן—און גאָרנישט, עס העלפט נישט! נעם איך און גיב אַ קוק אויף דער מיידעלע און נעם אַ פּאָר בלויע ברילן און טו איר אָן, הייס איר באַצאָלן פופצן סענט—און הייס איר גיין אַהיים. אויף מאָרגן קומט די מאַמע און דאַנקט מיר: די ברילן האָבן איר קינד פּשוט געראַטעוועט, זאָגט זי, עס טוען איר שוין מער נישט וויי די אויגן... וואָס זאָגט איר דערצו?—און מיינט איר, עס איז מיין חכמה? עס איז השגחה! ברילן, מיין פריינט, איז אַ הויכער ענין. דוכט זיך, נישט מער ווי אַ גלעזל, אָבער אַ גלעזל פון אַ בריל איז אויך באַשטימט פון גאָט, פונקט ווי אַ שידוך. ביי אַ שידוך רופט אויס אַ בת-קול: „בת פלוני לפלוני" און דאָסזעלבע איז מיט ברילן: „די ברילן זענען גוט פאַר דעם און די פאַר יענעם—קיין שכל איז אין דעם נישטאָ!.. איר ווילט, האָב איך פאַר אייך נאָך אַ ראיה: אָט נעמט טאַקע מיך אַליין.

אַט ווי איר קוקט מיך אָן, קען איך זיך דווקא נישט צופּאַסן קיין ברילן. איך טו יעדן טאָג אָן אַנדערע שפּאָקולן—נאָר עס העלפט נישט!

עס איז, פאַרשטייט איר מיך, רב יאָסל, השגחה און נישט מער!..

—אַזוי?—וואונדערט זיך רב יאָסל.

ער זאָגט אַ גוטן טאָג און גייט אַוועק פון טיש.

# א מאָדערנע ווייב.

איך האָב נעכטן בייטאָג באַגעגנט מיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַ יונ-גערמאַן, אַ פריילעכער, מיט אַ חוש פאַר הומאָר, אַרומדרייענדיק זיך אַרום בראָנקס-פּאַרק. פרעג איך אים: ווי קומט איר אַהער, מיסטער העכטמאַן? איר וואוינט, דוכט זיך, זאָג איך צו אים, אין הארלעם? טאָ וואָס זשע טוט איר דאָ? און וואו איז אייער פרוי?

צערעדט זיך מיט מיר מיין לאַנדסמאַן:

—קומען,—זאָגט ער,—קומט ער אַהער אין אַזאַ צייט פּשוט, ווייל ער אַרבעט נישט און געקומען איז ער זען די חיות פון פּאַרק. שוין לאַנג נישט געזען די פּאַריין־ברידער,—לאַכט ער,—און וואָס שייך דאָס ווייב, זאָגט ער, איז וואו זאָל ער זי נעמען?

זאָג איך צו אים?

—וואָס הייסט, וואו? איז זי דען פון אייך אַנטלאָפן?

—אַנטלויפן?—לאַכט מיין לאַנדסמאַן.—אונזערע לאַנדסלייט האָבן נישט אַזעלכע גוטע מזלות. זינט ער קאָן אונזערע לאַנדסלייט, זאָגט ער, האָט נאָך נישט פּאַסירט, אַז ביי אייגעם פון זיי זאָל אַנטלויפן אַ ווייב...

—וואו זשע איז אייער ווייב?—וויל איך וויסן.

—זי איז דאָ,—זאָגט ער,—נאָר וואָס זשע דען, זי איז קיינמאָל נישטאָ אינדערהיים.

וואו זשע איז זי? אין די מואוויס?*).

---

*) קינאָ.

—ניין,—זאָגט ער,—מיין ווייב האַלט נישט פון מואוויס, זי האָט אַן אַנדער משוגעת. זי איז משוגע אויף דעפּאַרטמענט-סטאָרס*). זי שטייט אויף מיט וואַנאַמייקערן און לייגט זיך מיט אייבראַהאַם שטראַוס... יעדן טאָג, פון פרי ביז אָוונט, גייט זי דאָרט אַרום. מען קאָן זי שוין דאָרטן, ווי אַן אייגענעם מענטשן.

—זי קויפט דאָרטן?—פרעג איך.

—קויפן? וואו וועט זי נעמען? נאָך מיינע פאַרדינסטן דאַרף זי בלויז קויפן אויף אַ פּושקאַרט, נאָר וואָס זשע דען? זי האָט צוויי הנאות: איין הנאה, וואָס אַנדערע קויפן און די צווייטע,—וואָס זי האַלט אין גיין פון גאָרן צו גאָרן...? און איר וועט גלויבן, צי ניין?—האָט ער ווייטער גערעדט. — זי האָט מיר אַלע מיינע קינדער—איך האָב זיי דריי, קיין עין הרע, געבוירן אין די דעפּאַרטמענט-סטאָרס...

—טאַקע? איר שפּאַסט נישט?—זאָג איך.

—אויף מיין ערנוואָרט! איר פאַרשטייט, מיין ווייב איז אַזוי פאַרליבט אין די דעפּאַרטמענט-סטאָרס, אַז זי גייט אַהין אפילו אין די סאַמע הויכע חדשים. און עס פאַרשטייט זיך, אַז זי מוז שוין דאָרטן האָבן אויך... דעם ערשטן מאָל, ווען זי האָט מיר געהאַט מיין בעסין, איז אַזוי געווען: איך האָב פאַר איר צוגעגרייט אַ פּלאַץ אין קינפּעטאָרין-שפּיטאָל. איך האָב דאָרטן אַ באַקאַנטן דאָקטאָר, האָב איך געוואָלט, אַז ער זאָל זיין דערביי... פאָרט, ווי זאָגט יענער, אַן ערשט קינד... אָבער ווען עס איז געקומען צום האָבן, איז אַ נעכטיקער טאָג! איר וועט לאַכן, עס איז געווען אַזוי: איך זיץ אין שאַפּ, ביי דער אַרבעט, פּלוצלונג רופט מען מיך צום טעלעפאָן. לויף איך, ווי אַ פאַרסמטער: איך ווייס דאָך, אַז ביי מיין ווייב זענען שוין די טעג געציילטע... איך קום צו צום טעלעפאָן און פרעג, ווער איז דאָס? ערשט מען זאָגט מיר: וואַנאַמייקער! קוק איך זיי אָן, ווי משוגע: וואָס האָט מיט מיר צו טאָן וואַנאַמייקער? ערשט מען זאָגט מיר, אַז איך זאָל שוין קומען און נעמען דאָס ווייב... פרעג איך, וואוהין! זאָגן זיי: צו וואַנאַמייקער אין דעפּאַרטמענט-סטאָר. בין איך אַוועק און זי צוגענומען אַהיים... און געהאַט האָט זי דאָס קינד דווקא גרינג. אַרומגעשפּאַצירט און פאַרלוירן דאָס קינד אויף אַ טערקישן דיוואַן. נאָכדעם,—זאָגט מיין לאַנדסמאַן,—בין איך שוין צו דעם צוגעוויינט געוואָרן. איך האָב שוין נישט באַשטעלט קיין שפּיטאָלן, איך האָב געוואוסט, אַז מיין ווייב וועט האָבן בלויז אין אַ דעפּאַרטמענט-סטאָר... און כן הוה: דאָס צווייטע

*) גרויסע מאַגאַזינען, וואו מען קען קריגן פון כל טוב.

קינד, אויך אַ מיידעלע, פרידע הייסט זי, האָט זי געהאַט ביי אייבראַהאַם שטראוס, און דאָס דריטע קינד, דעם יינגעלע מאָריסל, ביי די מייסעס...

—מאָדנע,—זאָג איך.

—אוודאי איז דאָס מאָדנע,—לאַכט ער,—אָבער עס איז פאָרט אַזוי! אָט איצט, צום ביישפּיל, איז, זאָגט ער, מיין ווייב אין די הויכע חדשים און גערנישט... עס איז ביי מיר באַשטימט, אַז זי וועט האָבן אין אַ דעפּאַרטמענט-סטאָר. בלויז איין זאַך קאָן איך נישט וויסן: צי ביי וואַנאַמייקער, צי ביי די מייסעס, צי ביי הוירנס, צי ביי באַדער-מאַנען. נאָך אַ זאַך קאָן איך נישט וויסן: אויף וועלכן גאָרן...

איך לאַך געשמאַק און מיין לאַנדסמאַן רעדט זיך ווייטער:

—איר ווייסט, ווי איך רוף מיינע קינדער? מיין בעסי, וועלכע איז געבוירן געוואָרן ביי וואַנאַמייקערן—רוף איך: וואַנאַמייקערל, און מיין פרידען, וועלכע איז געבאָרן געוואָרן ביי שטראוסן, רוף איך: שטראוס-קעלע. און מיין יינגעלע רוף איך: מייסעלע, קום אַהער!

—און וואָס זאָגן דערויף די קינדער?—פרעג איך.

—וואָס זאָלן זיי זאָגן? — זאָגט ער,—זיי זענען שוין צוגעוויינט און זיי רופן זיך אָפּ. און מיינט איר, וואָס? זיי זענען אויך מער אין דעפּאַרטמענט-סטאָר, ווי אינדערהיים...

# אך און אך!

שטייט אַ סאָציאַליסטישער רעדנער און רעדט. ער איז נאָך גאַר אַ יונגערמאַן, אָבער ער רעדט וואַרעם און איבערצייגנדיק.

אַ היבשער עולם רינגלט אים אַרום, קלייבט נחת און פּאַסמאַ־קעוועט זיך:

—אַך, סאַראַ רעדנער! שאַרף, ווי אַ בריטווע!—באַמערקט אַ דאַ־רער יונגערמאַנטשיק, הפּנים, אַ ראַזירער.

—אַך, ליגט ער זיי אין דער ערד, די קאַפּיטאַליסטן, ער טרענט פון זיי די אָדערן,—זאָגט אַ קורץ יידל, ווייזט אויס, אַ שניידער.

—אַך, ס'איז אַ חיות אים צו הערן!—זאָגט איינער.

— אַך! איך וואָלט דאָ אייביק געשטאַנען און געהערט,—זאָגט אַ צווייטער.

—אַך! אַך!.. ווי אַלט קאָן ער זיין?—פרעגט אַ דריטער.

—אַך, וואָס רעדט איר!—רופט זיך אָן אַ ווייבל.—ער איז דאָך ווערט כּל הגעלטן פון דער וועלט!

דער רעדנער ענדיקט, גלייכט זיך אויס, באַטראַכט דעם עולם און רופט זיך אָן:

—ליידיס און דזשענטלמענס! איצט וויל איך מאַכן אַ זאַמלונג. מיר מוזן האָבן געלט. זאָל יעדער איינער געבן אויפן פאָנד, וויפל ער קאָן. ווער מאַכט דעם אָנהייב?

דער עולם גיט זיך אַ ריר, — און הייבט זיך אָן רוקן אויף צוריק און קרעכצן:

—אַך, עס הייבט זיך שוין אָן!—באַמערקט איינער.

—אַך, וואָס וויל ער!—זאָגט אַ צווייטער און קרימט זיך.
—אַך, וואָס איז היינט דאָס פאַר אַ וועלט אַזאַ. דו נאָר גיב זיי געלט!
—אַך, זאָלן געבן די, וואָס האָבן! זאָל געבן ראָקפעלער!
—אַך! זאָלן געבן די גזלנים, וואָס מאַכן אַ לעבן פון סאָציאַליזם!
—אַך! איך האָב אָבער געוואוסט, אַז גוט, גוט,—און עס וועט זיך אויסלאָזן צו דער קעשענע!
דער רעדנער באַקוקט פאַרצווייפלט דעם עולם און אַפּעלירט:
—ברידער און גענאָסן! ווער גיט דעם ערשטן דאָלאַר?!
דער עולם שטייט שוין אַ היבשע שטרעקע ווייט פון רעדנער. מען שטייט אין רעדלעך, מען רעדט און מען לאַכט:
—ער איז אַ בעסערער מאַנער, ווי אַ רעדנער!
— זיין טאַטע מוז זיין אַ פּראָצענטניק!
—ניין, אַ גבאי!
—אַ קהלשע קליאַמקע!
—צו וואָס דאַרפן זיי איבערהויפּט געלט?—קאָכט זיך אַ פעט יידל מיט אַ בייכל און אויפן בייכל אַ קייטעלע און אויפן קייטעלע צוויי פעטע פינגער.—בלאָפערס, וואָס זיי זענען! זיי דאַרפן האָבן דעם ווייבס!
—וואָס מיינט איר, ער רעדט פאַר אומזיסט?—באַמערקט אַ כיטרע יידל און ווינקט צו מיט אַן אויגל.
—וויפל, דענקט איר, קאָן ער בעמען?—פרעגט אַ געקניטשט יידל, קענטיק, אַ מלמד.
—אַ פינפערל פאַר אַ האַק!—זאָגט אַריין אַ קצב-יונג.
—יאָלדן, וואָס איר זייט!—זאָגט דאָס כיטרע יידל.—פאַר פינפערלעך וועט ער אייך שטיין און רייסן דעם האַלז? ער נעמט אוודאי אַ פּופּציקער, אויב נישט נאָך מיט אַ סמיטשיק!
—פאַר יעדע רעדע אַ פופציקער?
—אוודאי! נו, געוויס!
—דאָס קאָן נישט זיין,—מישט זיך אַריין אַ יונגערמאַן אין ברילן, קענטיק, אַ האַלבער אינטעליגענט,—פאַר אַ פופציקער וואָלט איך שוין אויך געגאַנגען רעדן!

—אָך! אָך! אָך!—קרעכצט דער גאַנצער עולם.—דאָס איז אַ פּרנסה!

—דאַרף מען דאָך קענען רעדען!—זאָגט אים אַריין מיט אַ ניגון פון „המלך״ אַ יידל, משמעות, אַ שטיקל חזן.

—פּסט! און פונוואַנען האָט ער זיך דאָס אויסגעלערנט!—נעמט זיך איינער אָן דעם האַלב-אינטעליגענטס קריוודע.

—עס איז אַ געבוירענע זאַך!—זאָגט ווידער מיט אַ ניגון דער שטיקל חזן.

—אין אַמעריקע זענען נישטאָ קיין געבוירענע זאַכן!—מישט זיך אַריין אַ יונגערמאַן.—דאָ לערנט מען זיך אויס. אָט בין איך נישט געווען קיין שניידער פון דער היים, און איצט בין איך דער בעסטער שניידער אין מיין שאַפּ!

—דאַרף מען דאָך אייך גלויבן!—קיבעצט אים איינער.

דער רעדנער אַפּעלירט נאָך אַלץ:

—ליידיס און דזשענטעלמענס! ווער גיט דעם ערשטן האַלבן דאָלאַר? ווער?

עס הערשט אַ שטילקייט. איין יידל קנייפּט דעם צווייטן.

—זעסט, אָט האָט ער שוין אַרונטערגעלאָזט!

—איך האָב דיר אָבער געזאָגט, אַז ער וועט עס מאַכן ביליקער!

—ווען עס וועט האַלטן ביי אַ ניקל, וועל איך זיך מיישב זיין...

דער עולם צעגייט זיך.

# סע לייזט זיך נישט.

—וואָס וועט עס זיין, וואָס מען לייזט היינט קיין געלט נישט?

—עס איז טאַקע נישט גוט.

—וואָלט כאָטש עמעצער קומען אַ שמעק טאָן!

—פריער, ווען די ביזנעס איז געווען, איז צוגעקומען אַ מאַן, צוגעקומען און געפרעגט: וואָס פאַרקויף איך דאָ? זאָג איך צו אים: איר זעט דאָך, אַז טיקעטס*). פרעגט ער מיך, צו וואָס פאַר אַ שאָו?**). דערקלער איך אים, אַז עס איז נישט קיין שאָו, אַז מען דאַווענט דאָ ימים-נוראים און אַז אָן טיקעטס קען מען אין שול נישט אַריין. קוקט מיך דער מאַן אָן און פרעגט: וויפל קאָסט אַ טיקעט? מיין איך, אַז איך האָב ענדליך אַ קונה. זאָג איך אים דעם פרייז אַ דאָלאַר און אַ האַלב—לעבן טיר, און צוויי פופציק—אויבנאָן. קוקט ער מיך אָן און גיט אַ מורמל אַרויס: ביי אייך, יידן, הייסט עס, שפילט גאָט אויך טעאַטער און דערפאַר דאַרף מען ביי אייך צאָלן? זע איך דאָך שוין, אַז עס איז נישט גלאַט... „ביי אייך, יידן", דאָס מיינט, אַז ער איז נישט פון אונזערע! אָבער זיכער בין איך נאָך אַלץ נישט... עס איז דאָך אַמעריקע, ווער קען דאָ וויסן? פרעג איך אים:—און איר זייט אַ ייד? גיט ער אַ שיס אַרויס מיט כעס: איך בין אַן אייריש? און ער טראָגט זיך אָפּ. הכלל, וואָס זאָגסטו דערצו?

—און איך האָב געהאַט נאָך אַן ערגערן אָפּשניט: ווען די ביזנעס

*) בילעטן.

**) פאָרשטעלונג

פריער אַוועק עפּעס צוצובייסן, קומט צו אַ פרוי, דווקא אַ יונג, שיין ווייבל און זאָגט: זי וויל אַ טיקעט. קוקט עס מיר אויס אַ ביסל פאַרדעכטיק און איך פרעג זי: און וואו איז אייער מאַן? ענטפערט זי: מיין מאַן האַלט נישט פון אַזעלכע זאַכן. ער גייט גאָר ראש-השנה צו אַ פרייער פּייט*). פרעג איך זי: וואָס פאַר אַ טיקעט ווילט איר? זאָגט זי, אַז זי וויל אַ ביליקן, וואָס ביליקער... זאָג איך צו איר: פאַר אַ דאָלאַר מיט פופציק איז דער ביליקסטער... זאָגט זי: זי קען נישט אויסגעבן אַזויפיל מיט איינמאָל. זאָג איך צו איר: ביי אונז, מיסיס, איז איין פרייז. ביי אונז דינגט מען זיך נישט... צעלאַכט זיך די נקבה: אַלע קרעמער, זאָגט זי, זאָגן אַזוי, איין פרייז, אָבער אַז מען הייבט זיך אָן דינגען, לאָזן זיי אַרונטער... און זי דערציילט מיר אַזאַ מעשה: לעצטע וואָך, זאָגט זי, איז זי געגאַנגען קויפן אַ היטעלע אויף דיווויזיאָן סטריט, בעט מען ביי איר פיר דאָלאַר, נישט ווינציקער. הייבט זי זיך אָן צו דינגען, און צום סוף האָט מען איר אָפּגעגעבן פאַר אַ דאָלאַר מיט פופציק. און מיט אייך איז אויך דאָסזעלבע: איר ווילט פופציק סענט, וועל איך קויפן!.. רוף איך זיך אָן צו איר שוין אַ ביסל אין כעס: מיסיס, אַ שול איז נישט קיין קראָם און דאָ דינגט מען זיך נישט... רופט זי זיך אָן: מיסטער, סטראַשעט נישט, איר זייט נישט איינער אויפן מאַרק. עס זענען דאָ, זאָגט זי, גענוג שולן, עס זענען דאָ גענוג! און אירער אַ לאַנדסמאַן האָט איר דערציילט, אַז אויף אָרטשאַרד סטריט קריגט מען צוגעניצטע טיקעטס פאַר אַ האַלבן פרייז... נאָר זי פוילט זיך אַהינגיין, דאָס איז, ערשטנס, און, צווייטנס, האָט זי נישט ליב קיין מציאות... זע איך דאָך, מיט וועמען איך האָב דאָ וואָס צו טאָן, שריי איך אויס: מיסיס, טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר און גייט אייך, וואוהין איר ווילט, מיר קענען נישט לאָזן ביליקער... איז, וואָס מיינסטו, טוט דאָס ווייבל, אַזאַ חצופה! זי צעשרייט זיך נאָך גאָר אויף מיר: — מיסטער, — זאָגט זי, — טרייבט מיך נישט, ווייל איר וועט חרטה האָבן. ווער איך שוין אין כעס אויף אַן אמתן און פרעג: — און וואָס וועסטו מיר טאָן? זאָגט זי: — וואָס וועל איך דיר טאָן? איך דאַרף מער נישט אַ פּיפּס טאָן צו מיין מאַן, דעם פרייז-פּייטער און דאַן וועסטו שוין וויסן, ווי אַזוי מיך צו טרייבן פון שול... דערהערט אַזעלכע דיבורים, רוף איך זיך אָן צו איר: — מיסיס, וויפל גיט איר? —

---

*) פויסט-געפעכט.

איצט—זאָגט זי,—גיט זי שוין נישט מער ווי צוואַנציק סענט... קיין איין סענט נישט מער, ווייל איך האָב זי באַליידיקט... און דערצו האָט זי טאַקע נישט מער... מאַך איך נישט קיין שהיות, געם ביי איר צו די פערציק סענט און גיב איר דעם טיקעט. איך האָב זיך באַרעכנט, אַז איינשטעלן דאָס לעבן, בפי איך נישט מחוייב... ווי דענקסטו, איך האָב גוט געטאָן?

—גוט, נישט גוט, נאָר געשעפטן מאַכן מיר גאָלדענע!

—עס איז ערגער, ווי נישט גוט: עס לייזט זיך נישט! פאַראַיאָרן אין דער צייט האָט מען שוין פיין איינגענומען, און היינט גאָרנישט!

—וואָס פאַרגלייכסטו פאַראַיאָרן מיט היינט? פאַראַיאָרן האָט מען נישט געשטרייקט... און היינט שטרייקט מען, און וועמען ליגט עס אין קאָפּ די שול?

—דו ווייסט, וואָס איך דענק, אַז מירן היינטיקן יאָר ברעכן דעם קאָפּ!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעמדאָזיקן שמועס האָבן געפירט צוויי שול-יידן ביי אַ טישל מיט בילעטן פאַר ימים-נוראים. דער טישל איז געשטאַנען כמעט אויף דעם טראָטואַר, און איינער פון די יידן איז געווען אַ רויטלעכער, מיט אַ בערדל, וואָס האָט אויסגעקוקט, ווי קאָרענער לעקאַך, וועלכן מען עסט ערב יום-כפור, און דער צווייטער ייד איז געווען אַ שוואַרצער מיט אַ פעטער געגאָלטער מאָרדע...

## ווי פייפן אויף דער קאָמפּאניע.

זונטיק נאָכמיטאָג. צוויי מיידלעך האָבן זיך באַגעגנט ביי די טרעפּ פון אַ הויז אין בראָנזוויל.

—וואָס מאַכסטו, בעקי? ווי פאָרט זיך דיר עפּעס צו דער אַר־בעט?

—איך? איך פאָר שוין נישט מער! איך פייף אויף דער ב. מ. ט.*).

—וואָס הייסט, דו פאָרסט נישט מער? וואָס, דו פילסט זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען?

—דו ווייסט, פעני? מיר קומט דאָך אַ מזל־טוב!

—וואָס? אַ מזל־טוב? דו האָסט חתונה געהאַט? בעקעניו טיי־ערע, האָסט חתונה געהאַט?

—מיט דריי טעג צוריק.

—איז מזל טוב דיר! אַזוי נישט געריכטערהייט! דו ביזט דאָך נאָך גאָרנישט „אויסגעגאַנגען”?

בעקי לאַכט.

—וואָס לאַכסטו? דערצייל שוין בעסער!

דערציילט בעקי:

—הער, פעני, איך פאָר אַזוי, מיט אַכט טעג צוריק, אויף אַ וואָגן. איך וועל דאָך נישט פאָרן מיט דער ב. מ. ט., ווען מען שטרייקט!

*) די קאָמפּאַניע, וואָס קאָנטראָלירט די שטאָט־באַנעז פון ברוקלין.

און געפּאַקט איז דער וואָגן, אַז מען קען מיט קיין פינגער נישט אַריר טאָן. און מיך האָט מען אַזוי צוגעדריקט, אַז עס האָט מיר שיער דער אָטעם נישט פאַרכאַפּט... הייב איך אויף די אויגן און גיב אַ קוק — ערשט איבער מיר שטייט אַ יינגל, אַ הויכער, אַ שיינער, און לאַכט. ער איז מיר גלייך געפעלן געוואָרן. שטייען מיר אַזוי ביידע צונויפגעדריקט און מיר לאַכן און מיר שילטן די ב. מ. ט. און אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, מיר האָבן זיך באַפריינט... און ער דערציילט מיר, אַז ער איז אַ גוטער פאַרדינער, אַ דזוויינער*) און אַז ער וואוינט אין בראָנזוויל. איך דערצייל אים אויך ביי וואָס איך אַרבעט, און איך זע, פעני טייערע, אַז דער יונג נעמט איין די כפרה פאַר מיר... ווען דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיר זענען אַרויס, האָבן מיר זיך שוין אָפּגעזעגנט, ווי אַלטע באַקאַנטע און אויף מאָרגן באַשטימט זיך צו טרעפן לעבן דעם וואָגן. און אויף מאָרגן האָט ער שוין געוואַרט אויף מיר. און מיר האָבן זיך צוזאַמען אַרייגעדריקט אין וואָגן און דאָסמאָל איז געווען אַזוי ענג, אַז מען האָט געקאָנט הלשן... שטייען מיר אַזוי ביידע און מוטשען זיך און שילטן די קאָמפּאַניע. ערשט פּלוצלונג גיט זיך סעם אַ בויג אָן צו מיר, און זאָגט מיר אויפן אויער:

—בעקי, איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף! זאָג איך צו אים: וואָס מיינסטו אַ סוף? זאָגט ער: איך מיין צו דעם דריקן זיך, וואָס מיר דריקן זיך אַזוי. צעלאַך איך זיך און זאָג: וואָס קענסטו דאָ טאָן? זאָגט ער: — איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף און טאַקע שוין מאָרגן! איך קאָן מער נישט אויסהאַלטן, ווי מען דריקט דיך. זאָג איך צו אים: וואָס מיינסטו? און מיין האַרץ קלאַפּט... זאָגט ער: בעקי, ווייסט, וואָס איך האָב באַשלאָסן? מאָרגן גייען מיר און נעמען אַרויס מערידזש לייסענס**) און האָבן חתונה און דו וועסט זיצן אינדערהיים! — שטימסט איין? קלער איך נישט קיין סך און זאָג: אָל-רייט! ווייל וואָס האָב איך דאָ וואָס צו קלערן: אַ יונג איז ער אַ הויכער, אַ שיינער...

—נו? — איילט איר פעני אונטער.

— און אויף מאָרגן, — לאַכט בעקי, — האָבן מיר טאַקע אַרויסגענומען „לייסענס" און טאַקע גלייך אין אָוונט געשטעלט אַ חופה. און איצט פייפן מיר אויף די ב. מ. ט.!..

*) סטאָליאַר.

**) חתונה-פּאַפּירן.

זאָגט פּעני:

—אויב אַזוי, קומט דאָך דיר טאַקע אַן אמתער מזל-טוב!

—מיט מזל זאָלסטו לעבן!

ביידע חברטעס קוקן זיך אַ ווײַלע אָן, און פּעני זאָגט:

—הייסט עס, אַז דו ביזט שוין אַ הויזוויצערין, אָבער דײַן סעם פאָרט דאָך נאָך אַלץ?

לאַכט בעקי:

—ניין, אויך ער פאָרט נישט! אויף מאָרגן נאָך דער חתונה שטייט ער אויף און זאָגט: ער גייט פאָרן צו דער אַרבעט! זאָג איך צו אים: ניין, סעם טייערער, דו וועסט נישט פאָרן! זאָגט ער צו מיר: וואָס מיינסטו? זאָג איך צו אים: אַ ביסל געלט האָסטו אין באַנק, אַ ביסל געלט האָב איך. איז לאָמיר בעסער ביידע אַוועקפאָרן אין קאַנטרי און זאָל כאַפּן דער קלאָג די ב. מ. ט. געפעלט עס מײַן סעמען, אַ געזונט אין אים, און טאַקע מאָרגן אינדערפרי פאָרן מיר שוין אָפּ... אַז איך זאָג דיר, אַז מיר פײַפן אויף דער ב. מ. ט.!

בעקי צעלאַכט זיך, אָבער פּעני קרעכצט:

—הלוואי האַלט איך שוין אַזוי, ווי דו!

—נישט געזאָרגט, פּעני,—לאַכט בעקי,—וועסט נאָך אויך טרעפן... דער קאַר-שטרייק איז נאָך נישט געענדיקט!..

## ער זאָרגט אויך !

איך האָב זיך באַקאַנט אין פּאַרק מיט אַ יידן, אַן עלטערער, פרייליכער ייד, אַ יודע־ספר און ליבהאָבער פון אַ ביסל משקה. איך האָב זיך מיט אים צערעדט.

—אייך איז גוט !—מאַך איך.—איר האָט נישט קיין זאָרג !

ער האָט מיך אָנגעקוקט, זיך צעלאַכט :

—וואָס מיינט איר, איך האָב נישט קיין זאָרג ? איך האָב מער פון אייך !

זאָג איך : איר זאָגט דאָך אַליין, אַז אייך איז גוט. אַז איר האָט אַ ביסל משקה, איז אייך שוין גוט.

—אמת,—מאַכט דער ייד,—אָבער דאָך נישט אַלעמאָל קריגט מען משקה און נישט אַלעמאָל קריגט מען די ריכטיקע... און דערצו קען אַ מענטש אָן זאָרג סתם נישט אויסקומען. הערט,—מאַכט ער און ווערט זייער פריילעך, — אָט בין איך נעכטן אַרויס אין גאַס, איינדערפרי, געוואָלט פאַרכאַפּן דעם ערשטן מנין... גיי איך אַזוי, ערשט עס איז אַ גרויסער טומאַן, דאַן האָב איך גענומען זאָרגן.

—וועגן וואָס ?— פרעג איך.

—וועגן מיינע שיפן !—מאַכט דער ייד, און ווינקט צו מיר כיטרע מיט אַן אויג.

—אי, איר וועט זאָגן, אַז איך האָב נישט קיין שיפן ? איז ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז איך האָב נישט? איך האָב ! ווען איך וויל, האָב איך!

ווער קען מיר שטערן זיי נישט צו האָבן אין רעיון? הא? האָב איך, הייסט עס, שיפן און גרויסע שיפן דערצו, און מיינע שיפן זענען אָנגעלאָדן מיט די בעסטע סחורות: רעגנמאַנטלען און שטאָפּערס פאַר פלעשלעך... און איר פאַרשטייט?—לאַכט דער ייד מיט גרויס הנאה.— ווען מיינע שיפן זאָלן, חס וחלילה, זינקען, דאַן קענען זיך פאַרנעצן מיינע רעגנמאַנטלען... און נאָך ערגער איז מיט די שטאָפּערס, אַן זיי קען זיך אויסוועפּן די משקה... איר פאַרשטייט? עס איז אַ גרויסע זאָרג! און איך האָב ערשט אויפגעהערט צו זאָרגן, ווען איך האָב געזען, אַז די זון איז אַרויס און דער טומאַן איז אַוועק... און איר זאָגט, אַז איך זאָרג נישט?!

—איך זע שוין, אַז איר זאָרגט,—לאַך איך.

—און דאָס איז נאָך נישט אַלץ. עס זענען דאָ נאָך זאָרגן ביי מיר, זיי פעלן נישט! אָט גיי איך אַמאָל איבער די גאַסן און איך הער פייער-לייט לויפן אין שאָס-געגנט און איך הייב גלייך אָן זאָרגן וועגן מיינע פאַבריקן: זיי וועלן אָפּברענען און זיי זענען דאָך נישט פאַרזיכערט... איר פאַרשטייט, מיינע פאַבריקן קענען אָפּברענען און איך זאָל אַרויס אדם-נאַקעט! אי, פאַרוואָס פאַרזיכער איך זיי נישט? נישטאָ קיין צייט, ברודערל, פאַרנומען, שטענדיק פאַרדרייט מיט „וואו נעמט מען היינט אַ תירוץ" פאַר מאַכן „לחיים", אַז איך פאַרגעס זיי צו פאַרזיכערן... כאַ-כאַ-כאַ!

איך לאַך אויך גאַנץ געשמאַק.

—אַ ייד, וואָס האָט ליב אַ „לחיים", האָט שטענדיק וואָס צו זאָרגן, —מאַכט ער,—אָט נעמט די טויזנטער פעסער משקה, וואָס מען גיסט אויס אין ים אריין... עס איז דאָ וועגן וואָס צו זאָרגן... אַזאַ אוצר גייט לאיבוד... געקענט פרייליך מאַכן אַ וועלט מיט יידן, ווי איך, און גאָר-נישט! עס איז אַ סקאַנדאַל, אָבער דער עיקר, זאָרג איך פאַר די פיש... זיי קענען זיך נאָך צוכאַפּן צום ביטערן טראָפּן און עס קען זיי פאַר-שאַטן. איר ווייסט נישט,—ווענדט ער זיך צו מיר,—פיש האָבן עפּעס ליב אַ טרונק בראָנפן?

איך ענטפער, אַז איך בין אַ קנאַפּער פישלאָג און ער רעדט ווייטער:

—און ווען איך האָב שוין גאָרנישט קיין אייגענע זאָרג, נעם איך דאגהנען וועגן אונזערע מיליאָנערן. ערשטנס, טאַקע דער אינקאָם טעקס*), די אָרעמענקע, זיי מוזן, נעבעך, אַזוי שווער אַרבעטן פאַרן

*) איינקונפסט-שטייער.

שוואַרץ יאָר!.. איך פרעג אייך · וואו איז יושר · וואָס האָט מען צו אונזערע מיליאָנערן? און, צווייטנס, זאָרג איך וועגן זייערע צרות מיט די ווייבער... אָט נעמט אַזאַ זאַך: אַ מיליאָנער וויל גטן זיין ווייב... און זי וויל נישט. פאַרוואָס? — זי וויל אַ סך געלט? נו, איז זאָרג איך וועגן מיליאָנער: וואו וועט ער נעמען אַזויפיל געלט? אינקאָם טעקס־צאָל געלט, און דער ווייב צאָל געלט · און נאָך אַלעמען טאַקע אַ מיליאָנער, אָבער וואו נעמט מען פאַר אַלץ? און אַבי איר זאָגט, אַז איך האָב נישט וואָס צו זאָרגן? האַ?

איך האָב געלאַכט זייער געשמאַק, מיין ייד אויך. נאָכדעם איז אונז ביידן געוואָרן אומעטיק.

מיין ייד האָט זיך פאַרקוקט ערגעץ ווייט מיט גרויס בענקשאַפט.

—יע, יע, מען רעדט פון זאָרגן... עך, אָט זיץ איך אַלע טאָג אין פּאַרק, אָבער וואו זענען מיינע פייגעלעך? ווייסט איר, אַז איך האָב ליב פייגעלעך... פייגל זענען בעסער פאַר אונז... און דאָ זאָרג איך טאַקע באמת: מיינע פייגעלעך זענען אַוועקגעפלויגן אין די וואַרעמע לענדער, זענען זיי אָנגעקומען אַהין בשלום? דער וועג איז אַ ווייטער, סכנות נפשות... אַ, ווען איך וואָלט אויך געקענט אַ פליי טאָן?... און וואָס איז מכוח אַ ביסעלע משקה? —האָט ער זיך געווענדט צו מיר. מען דאַרף גיין אין שול, אפשר איז דאָרט דאָ אַ קידושל, אָדער אַ בר־מצווהלע, אָדער אַזוי מצווהלע? האַ, ווי מיינט איר?

ער האָט זיך אויפגעהייבן און איז אַוועק.

# דער הינער=שטרייק.

שטייען פיר ווייבער אויפן ראָג לודלאָו און ברום, מיט צעראַטענע קאָשיקעס, אָנגעפילט מכּל טוב, און שמועסן.

רופט זיך אָן אַ ווייבל, די יינגערע פון די איבעריקע:

—איך זאָג אייך, ווייבער, עס איז איינפאַך אַ סקאַנדאַל, וואָס מען קויפט נאָך עופות! פאַרוואָס זאָלן מיר נישט זען, אַז מען זאָל טאַקע געווינען דעם שטרייק! היינט גיי איך אַרויס פון הויז, ערשט איך זע מיסיס בעק, איר קענט דאָך זי, זי וואוינט אויפן ערשטן גאָרן, אז וואוינען זאָל זי שוין, וואו איך וויים... זע איך מיסיס בעק, ווי זי גייט אַרויס פון בוטשער און פון איר קאָשיק שטעקט אַרויס אַ פיסל. גיי איך צו איר צו און זאָג: סטייטש, עס איז דאָך אַ שטרייק! מער האָב איך גאָרנישט געזאָגט, ווערט זי אָבער אָנגעצונדן, ווי אַ פייער, און שיסט אויס: ערשטנס, זאָגט זי, איז דאָס נישט אייער באָבעס עסק, וואָס איך קויף, און, צווייטנס, זאָגט זי, קען זי אָן עוף נישט אויסקומען! ווער איך שוין אויך אַ ביסל אין כּעס און זאָג צו איר: און ביי אייך אינדערהיים, אין שמענדראָווקע, האָט איר אויך געגעסן עוף אַלע טאָג? איר שלעפערקע, וואָס איר זייט! אין וואָס מיינט איר? זי האָט מיר שיער די אויגן נישט אויסגעדראַפּעט! ווען עס מישט זיך נישט אַריין אַ יונגערמאַן, אַ פאַרבייגייער, און ריי‌סט זי פון מיר נישט אָפּ, וואָלט זי מיר זיכער די אויגן אויסגעדראַפּעט, די מרשעת! און איר האָט געדאַרפט זען, וואָס פאַר אַ נעגל דאָס האָט—אַן אמתע,

קאַץ! עס שניידט זיך, הפנים, קיינמאָל נישט די נעגל, די מיאוסקייט! קרעכצן די איבעריקע פרויען:

—אי! אַי! אָי! וואָס איר זאָלט עס נישט זאָגן, אַי, אָי, אָי!

—און איר מיינט, אַז איך וואָלט איר געבליבן א בעל-חוב?— זאָגט דאָס יונגע ווייבל.—ווען זי גיט מיר נאָר איין דראָפּע, פליק איך זיך אויס ביז איין האָר, דער מכשפה! איך בין אויך ניט קיין שיפּע-זיבעלע!

רופט זיך אָן איינע פון די פיר פרויען, אַ יידענע, אַ פאַרעלטערטע מיט אַ פרום קרעכצל:

—אָט דאָס איז דאָך, וואָס מיין נאָטע טענהט, אַז מיט ווייבער קאָן מען קיין מלחמות נישט פירן און קיין שטרייקן נישט געווינען... אַ יידענע,—זאָגט ער,—וועט אייך פאַר איין פעטער עוף פאַרקויפן דעם מאַן און צען שטרייקן צוזאַמען.

—און איר האָט עס איר געשוויגן?—פרעגט דאָס דריטע ווייבל, קענטיק, אַ יידענע, אַ קאָזאַק, ביי וועלכער דער מאַן לעקט נישט קיין האָניק.—ווען מיין מאַן רעדט צו מיר אַזוי, וואָלט איך שוין געוואוסט, וואָס צו טאָן! איך וואָלט אים געגעבן, אַז דער רוח וואָלט איבם גענומען! ער וואָלט שוין פאַרזאָגט אַ צענטן צו מישן זיך אין ווייבערשע עסקים!

—געשוויגן?—ענטפערט די פאַרעלטערטע פרוי, טאַקע ווידער מיט אַ פרום קרעכצל.—לאָמיך אייך זאָגן, אַז איך האָב אים אויך נישט געשוויגן. דאָס, וואָס איבם קומט, האָבן איך אים אויך געגעבן!

—איך זאָג אייך,—היצט זיך ווידער די יינגערע ווייבל, קענטיק, אַז זי שניידט זיך אויף אַן אַגיטאַטאָרשע,—אַז ווי די מענער זענען נישט שלעכט, איז דער טראָסט נאָך ערגער. אים, דעם היינער-טראָסט מוז מען זען פאַרטרייבן פון מאַרק. ער האָט זיך שוין גענוג אָנגעטרונקען מיט אונזער בלוט!

—אויף מיין וואָרט, אַז איר האָט רעכט, מיסיס בלום,—פּאָטאַקעווען איר די איבעריקע ווייבער,—מען מוז זען, אַז דער טראָסט זאָל ווערן אויס טראָסט.

—ווייבערלעך, זאָגט מיר, איך בעט אייך,—פרעגט אַן אַלטע יידענע, וואָס איז צוגעקומען און זיך צוגעהערט, וואָס די ווייבער שמועסן,— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז דאָס אַ טראָסט? איז מיין קצב, משה-לייב, דער טראָסט, אָדער עס איז אַן אַנדערער?

—אַ טראָסט איז נישט קיין קצב,—ענטפערט, מעשה־אויטאָריטעט, די ווייבל, וואָס שניידט זיך אויף אַן אגיטאַטאָרשע.—אַ טראָסט איז אַ טראָסט און א קצב איז אַ קצב!

—עס איז פאַראַן אַ טראָסט, וואָס גיט און אַ טראָסט, וואָס נעמט,—רופט זיך אָן אַ יידל, אַ פעדלער, קענטיק, אַ שטיקל לץ, וואָס האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אין געשפרעך,—ווען דער בוטשער, למשל, גיט אייך אויף טראָסט, איז דאָס טראָסט, וואָס גיט... און ווען דער הינגער־טראָסט רייסט די הויט, איז דאָס אַ טראָסט, וואָס נעמט...

—און איך ווייס אינגאַנצן נישט, וואָס מען יאָגט זיך אזוי נאָך עוף,—רופט זיך אָן דאָס פערטע ווייבל.—ווען עס ווענדט זיך אָן מיר, וואָלט איך אינגאַנצן אויסקומען אָן דעם! ביי מיר איז אַ גוט שטיקל רינדפלייש, אָדער קאַלבספלייש, טייערער, ווי די בעסטע הון. און דאָס־זעלבע ביי מיין מאַן. ער טענהט, אַז מען דאַרף אינגאַנצן נישט קיין פלייש. מען קען אויסקומען אָן דעם, קען מען אויסקומען...

עס פאָרט דורך אַ וואָגן און אַ ווילדע הערט מען נישט, וואָס די ווייבער רעדן. ווען דער וואָגן איז שוין אַוועק, שטייען די ווייבער און באַטאַפּן איינע דער צווייטערס קאָשיק.

—וואָס האָט איר היינט עפּעס איינגעהאַנדלט גוטס, מיסיס בלום?

—און איר, וואָס?

—און איר?

און פּלוצלונג שרייען זיי אַלע אויס מיט איין קול:

—אוי, ווי איז מיר, איר האָט דאָך דאַרטן אַן עוף!

—וואָס זאָגט איר נישט צו דעם, זי האָט דאָך דאָרט אַן עוף!

—און זי אויך!

—און איר אויך!

---

עס ווערט אַ געטומל. די ווייבער קוויטשען איינע אויף די אַנדערע. אַ קצב לויפט אַרויס מיט אַ זעג אין האַנט הערן, וואָס דאָ טוט זיך, און לאַכט. אַ יינגל, וואָס זיצט אין דער הויך אויף אַ וואָגן, שטעלט אָפּ די פערד און פייפט.

## מ'לאָזט נישט איינלינען

עס האָט האַלב געשנייט און האַלב גערעגנט. איך האָב זיך געאײַלט פון סטאַנציע אין רעדאַקציע. אויפן וועג האָב איך אים באַגעגנט, אַ יידן פון אַ יאָר 48, אָדער אפשר נאָך צוויי-דריי יאָר... איך ד'האָב אים גלייך דערקענט, צוזאַמען מיט אים אַמאָל געאַרבעט אין אַ פאַבריק. אַ מאָדנער ייד. אַ ייד, ביי וועמען דער היימישער למדן האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם אַמעריקאַנער „טרעמפ״*), און עס איז אַרויסגעקומען אַ מאָדנער ייד, אַ ביטערער, אַ שפּיציקער. איך האָב אים תיכף דערקענט, ווייל ער האָט נאָך געהאַט דעם אַלטן רעקל און דעם אַלטן קאַפּעליוש און די אַלטע ליולקע אין מויל, ווי מיט פופצן יאָר צוריק... אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט.

—האַלאָ!—האָט ער מיך באַגריסט.—דאָס ביזטו, אַלטער פריינט, דו קוקסט אויס צו זיין אַ גאַנצער ראָקפעלער!..

—צו ראָקפעלערן נאָך אַ ביסעלע ווייט...

—אָבער אַרבעטן אַרבעטסו שוין נישט. כאַ-כאַ-כאַ!—האָט ער מיך דורכגעשטאָכן מיט זיינע שפּיציקע רויטלעכע אויגן.

—ניין! און איר?

—איך?—האָט ער גיפטיק געלאַכט.—איך אויך נישט...

—טאָ וואָס שלעפט איר זיך אום אין אַזאַ וועטער?

—פאַרשטייסט, איך זוך אַרבעט,—מאַכט ער,—און דאָס איז שווע-

*) שלעפער, באָסיאַק.

דער, ווי אַרבעטן. אין אַזאַ הינטישן וועטער זוכן אַרבעט האָסטו עפּעס ליב?

—נישט איבעריקס,—מאַך איך.

—אָבער וואָס מיינסטו, איך וואָלט געזוכט אין אַזאַ וועטער! נאָר מען טרייבט פון הויז?

—ווער?—פרעג איך.

—דאָס ווייב, די צויג, אַז נישט געדאַכט זאָל זי ווערן,—מאַכט ער.

—איר האָט שוין אַ ווייב?—פרעג איך.

—איך נישט... נאָר זי האָט אַ מאַן!—לאַכט ער.—דער שוואַרציאַר האָט מיך אָנגעטראָגן צו פאַרבינדן זיך מיט אַזאַ צויג...

—וואָס, אַזוי שלעכט איז זי?—פרעג איך.

—דו ווילסט אַלץ וויסן?—מאַכט ער.—טאָ נעם מיך ערגעץ אַריין אויף קאַווע. עס איז מיר טרוקן אין האַלז!..

—מיטן גרעסטן פאַרגעניגן,—זאָג איך.

מיר זענען אַריינגעקומען אין אַ קנייפּע, באַשטעלט קאַווע מיט בייגל און פּוטער, און מיין ייד האָט זיך צערעדט:

—אַמעריקע וואָלט געווען אַ פיינע מדינה, ווען מען לאָזט דאָ איינליגן... ווען איך האָב חתונה געהאַט מיט מיין כּלבטע, האָב איך געדענקט, אַז זי וועט גיין אַרבעטן און איך וועל קענען ליגן... ווען נישט, וואָלט איך קיינמאָל נישט געגאַנגען חתונה האָבן... זי איז דאַן געווען אַ האַלבע קעכין אין אַ רעסטאָראַן, פאַרדינט צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך, וואָלט עס פאַר מיר געקלעקט... ווייל דער עיקר ביי מיר איז דאָך, מען זאָל מיך לאָזן ליגן און רויכערן די ליולקע. אָבער עס איז צרות... זי לאָזט נישט ליגן... פון אָנהייב, גלייך נאָך דער חתונה, איז זי געגאַנגען אַרבעטן און איך בין געבליבן אין הויז, ווי אַ פריץ. געלעגן, געררויכערט די ליולקע. עס איז גוט, בעסער ווי מן אין מדבר... און זי, מיין כּלבטע, פלעגט מיר ברענגען אין אָוונט פון רעסטאָראַן גוטע זאַכן, אַמאָל אַ שטיקל עוף אויך, אַ גוטעגעווען פון אָנהייב... אָבער נאָכדעם האָט זי געמאַכט אַ „השיבנו באַזאַד", געקומען פון רעסטאָראַן און גענומען בלאָפן, אַז עס שטעכט איר אין אַ זייט... שווער צו אַרבעטן... פאַרוואָס זאָל איך נישט גיין זוכן אַרבעט? איך בין דאָך אַ מאַנסביל!.. פאַרשטייסט? זי האָט אָנגעהייבן פראַווען די היגמישע שטיק... טענה איך צו איר: יידענע, איך קאָן נישט אַרבעטן!.. און

דערפֿאַר האָב איך דאָך חתונה געהאַט מיט דיר, אַז איך זאָל קענען זיצן אין הויז? האָט זי גענומען מיך טרייבן פֿון הויז.. און אַ ברירה האָב איך געהאַט, איך האָב געמוזט גיין... היינט האָב איך זייער געוואָלט ליגן אין בעט, אָבער זי האָט נישט געלאָזט, די כלבטע, אַ קלאָג צו איר.

ער האָט אַ זופּ געטאָן די קאַווע און ווייטער גערעדט:

—מיין פֿריינט, אַמעריקע וואָלט געווען גוט, ווען מען לאָזט דאָ ליגן, אָבער מען לאָזט נישט... אין הויז לאָזט נישט דאָס ווייב, די צויג, אין פּאַרק לאָזט נישט דער פּאָליסמאַן, דער הונט, און אַפֿילו אין האָספּיטאַל לאָזן זיי אויך נישט ליגן, די הינט... מיט אַ האַלב יאָר צוריק, נאָך איידער איך האָב זיך פֿאַרבונדן מיט דער צויג, בין איך קראַנק געוואָרן, האָט מען מיך צוגענומען אין האָספּיטאַל. איך האָב זיך באַקלאָגט אויף אַ פֿוס... עס האָט טאַקע וויי געטאָן... רומאַטעס... און עס איז געווען אַזוי גוט אין האָספּיטאַל... נישט ווייל אַ ריינע בעט... ווּעמען גייט עס אָן? נאָר מען האָט געלאָזט ליגן. אמת, נישט רויכערן, אָבער ליגן איז דאָך אויך אַ זאַך... פֿאַרשטייסט... אָבער ווי לאַנג, דענקט איר? אַכט טעג, נישט מער! אַז הינט זאָלן זיי עסן, די פּאַסקודניאַקעס! מען האָט מיך געהייסן גיין... שוין געזונט, זאָגן זיי.

אַמעריקע! מען קען אין ערגעץ נישט ליגן, נישט אינדערהיים, נישט אין האָספּיטאַל, נישט אין פּאַרק—טפֿוי!

מיר זענען אַרויס פֿון רעסטאָראַן. דער שניי-רעגן האָט נאָך אָנגעהאַלטן.

מיין ייד האָט זיך פֿאַרקוקט מיט זיינע שפּיציקע אויגן און געזאָגט:

—זעסט, און אַפֿילו דעם שניי לאָזט מען דאָ אויך נישט ליגן... מען ראַמט!.. מען האָט קיין צייט נישט. וואָס וואָלט זיי געאַרט, אַז דער שניי וואָלט געלעגן? איז ניין, מען לאָזט נישט! און דערפֿאַר נעם איך זיך נישט אָן צו ראַמען שניי. פֿאַרשטייסט? איך וויל, אַז דער שניי זאָל ליגן... איך וויל ליגן און דער שניי וויל אויך ליגן... ווען ער וואָלט נישט געוואָלט ליגן, וואָלט ער דאָך נישט געפֿאַלן אויף דער ערד!.. האָב איך רעכט?

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ דאַרע האַנט, באַדאַנקט מיט אַ געלעכטערל פֿאַר דער קאַווע און בייגל מיט פּוטער, מיך אָפּגעמאָסטמיט די שפּיציקע רויטלעכע אויגן.

—און דו ביזט עס אַ גאַנצער פריץ געוואָרן, האַ? אָבער אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס שלעפּסטו זיך אוס? קראַנק ביזטו צו ליגן, האַ? דיך לאָזט מען אויך נישט? האָסט אויך אַ ווייב? דאָס טויג נישט, אַלטער פריינט, גוד ביי!

ער האָט אַ שפּיי געטאָן און זיך געלאָזט גיין.

# קעלנערשע גליקן.

אין רעסטאָראַן איז האַלב ליידיק. שטייען צוויי קעלנער און שמועסן:

—הערסטו, בעני, האָב איך היינט געהאַט אַ קאָסטימער, שוין איינמאָל אַ פעפערל! עס איז נישט קיין נייס צו דהאָבן משוגעים קאָסטימער, אָבער אַזאַ משוגענעם קאָסטימער באַגעגן איך צום ערשטן מאָל. הערסט אַ מעשה! עס קומט אַריין אַ יונגערמאַן, פיין געקליידט, דאַכט זיך, אַ דזשענטלמען, זעצט זיך אַוועק, באַשטעלט העפלעך, פיין; דו ווייסט דאָך, אַז אַ קאָסטימער קאָן איך דערקענען לויט ווי ער גיט אַ באַשטעלונג... נעם איך און רעכן, וויפל אַן ערך קאָן איך דאָ באַקומען אַ טיפ*)—אַ ניקל, צען סענט, אָדער אפשר נאָך שטאַרקער... דערלאַנג איך אים שנעל, פיין, נעמט ער זיך עסן אַזוי פיין, רויק, נישט געכאַפט. דאָס איז אַ פיינער קאָסטימער, קלער איך, און עס וועט זיכער זיין אַ צען-סענטיקער.

עסט ער אָפ די פאָרשפייז און הייסט געבן פלייש. פאַלט ער שוין ביי מיר אַ ביסל אַראָפ. ווייל דו ווייסט דאָך, אַז פיינע קאָסטימער באַשטעלן פריער זופ און נאָכדעם פלייש... באַשליס איך: מער ווי אַ ניקל וועט נישט זיין... נאָר, מילא, איך דערלאַנג אים פלייש. עסט ער עס אויך שטיל, פיין. ווער זאָל זיך ריכטן, אַז דער מאַן איז גאָרנישט ביים זינען? נאָכדעם קומט צום זופ, באַשטעלט ער זופ, און איך דערלאַנג אים. און דאָ, גלייך ווי איך דערלאַנג אים, רוקט

*) טרינק-געלט.

ער אָפּ די טעלער, פאַרקרימט זיך און זאָגט בייז: „נעם עס אַוועק!" פרעג איך: —„וואָס איז דער מער?" זאָגט ער: —„דער מער איז מיט אייער קעכין!" פרעג איך: —„וואָס איז דער מער מיט אונזער קעכין? דוכט זיך, זי איז, אַ דאַנק גאָט, געזונט?"... הייבט זיך דער קאָסטי-מער אויף און גיט אַ געשריי מיט כעס: „ביי מיר גייען נישט אַזעל-כע וויצן! זאָגט אייער קעכין, אַז איך וועל איר דעם קאָפּ צעשפּאַלטן!"

קוק איך אים אָן, ווי אַ משוגענעם, און פרעג: —„וואָס האָט איר צו אונזער קעכין?" ווערט ער נאָכמער אין כעס און הייבט אָן קלאַפּן אין טיש: „וואָס מיינט איר, איך האָב נישט געזען, ווי זי האָט מיר אַריינגעשפּיִט אין זופּ!.."

הכלל, איך וויל זיך אָננעמען פאַר אונזער קעכין, באַט ער מיר אָן פּעטש; ער באָט אָן און דערלאַנגט טאַקע אויך... איך בלייב נישט קיין בעל-חוב. קורץ און גוט, עס איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל; איך מיט מיין באַלעבאָס האָבן אים קוים אַרויסגעשטופּט. און דו זעסט דאָס בלויע אויג?—דאָס האָט ער מיר געמאַכט! אַ ווילדער מענטש! און פון טיפּ איז דאָך אָפּגערעדט—אונזערע גליקן...

—און וואָס מיינסטו, דזשייק, אַז איך האָב בעסערע קאָסטימער?—דערזעלבער שוואַרץ יאָר! הער אַ מעשה: לעצטע וואָך קומט אַריין צו אונז אין רעסטאָראַן אַ יונגערמאַן מיט אַ מיידל. דער יונגערמאַן קוקט אויס צו זיין אַ דזשענטלמען און דאָס מיידל אַ גאַנץ שיינע, זעצן זיי זיך אַוועק און איך באַשטעל פאַר זיי צוויי סטייקס, פון די גוטע. עסן זיי; ער עסט שנעל און זי—לאַנגזאַם: פאַרט אַ ליידי! עסט ער אָפּ און באַשטעלט קאַווע מיט פּייסטרי. גיי איך אַוועק ברענ-גען. איך קום צוריק—דער בחור איז נישטאָ... מיין איך, אַז ער איז אַרויס אַ ווייל: מאַלע וואוהין אַ קאָסטימער גייט אַמאָל אַרויס! שטעל איך אַוועק די קאַווע און בלייב וואַרטן, ווייל קיין אַנדערע קאָסטי-מער זענען דווקא דאַן נישט געווען. גייען אַוועק צען מינוט, פופצן מינוט, דאָס מיידל האָט שוין אויך געענדיקט איר סטייק און זיך גע-נומען צום קאַווע—און דער בחור איז נאָך אַלץ נישטאָ... קלער איך זיך: מאַלע, וואָס מיט אַ קאָסטימער קאָן אַמאָל פּאַסירן אינמיטן עסן. ער קאָן אַמאָל כאַפּן קרעמפּן און בויך-דרייעניש.. וואַרט איך... גייען אַוועק נאָך פופצן מינוט—דער בחור איז נישטאָ. ווער איך שוין אומ-רויק. מיין האַרץ הייבט אָן זאָגן, אַז מיטן טיפּ האָלט שמאָל... גיב איך אַ קוק אויפן מיידל: זי איז אויך אומרויק, קוקט זיך אַלע ווייל אום

דרייט זיך אויפן שטול... ווארט איך נאך א צען מינוט, גיי צו צום מיידל און גיב א פרעג: וואו איז דער דזשענטלמען? ווערט זי רויט, ווי א נישט-פארוויסטער בוריקעס-בארשטש און זאגט: ער האט געזאגט, אז ער גייט קויפן ציגארעטן...

זאג איך צו איר: — „גאנץ פיין... אבער א וואו איז ער?" זאגט זי: — „איך ווייס נישט, פונקט ווי איר".

פארשטיי איך שוין, אז דער עסק איז פארן שווארץ יאר. אז דער מאן האט אויסגערויכערט... אז ער איז פון יענע קאסטימער, וואס צאלן נישט, נישט נאר פאר מיידלעך, נאר אויך נישט פאר זיך... אזוי, צי אזוי, מיין טיפ איז אין דער ערד...

זאג איך צום מיידל: — „ווי לאנג דענקט איר דא צו ווארטן אויף אים, און וואס איז דער תכלית פון ווארטן? ער וועט דאך אלצאיינס נישט קומען..." זאגט זי: — „זי פארשטייט אויך דאס אייגענע, אז ווארטן איז נישטא אויף וועמען". נאר וואס זאל זי טאן? — אז זי האט נישט קיין סענט ביי דער נשמה, און פארן דארף זי אזש אין די יאנקערס און מוז האבן צען סענט...

זע איך דאך גלייך איין, אז דאס מיידל איז פון די „פינטי-פלוזשקעס", וואס האבן אויסער דאס שיינע פנימל — א פייג... וואס זשע טו איך, נעם איך ארויס צען סענט און דערלאנג איר, באדאנקט זי מיר און שווערט מיר, אז זי וועט עקסטרע קומען אהער, מיר צו בא-צאלן פאר אלץ, און פון א טיפ איז דאך אפגערעדט...

— נו, — פרעגט בעני, — און זי האט געהאלטן ווארט?

— ביזט א יאלד! זי איז ווי אין דער ערד אריין...

— אט דאס זענען אונזערע גליקן! — קרעכצט ארויס בעני.

— יע, דאס זענען אונזערע גליקן! — שטימט איין דזשייק.

## דער אויפרייס.

שטייט אַ רעדל מענטשן אויף איסט בראָדוויי מיטן הינטן צום „פאָרווערטס" און מיטן פנים צום העסטער פארק און דיסקוטירט די אויפרייס-געשיכטע אויף וואָל סטריט.

—וואו ביזטו געווען, ווען עס האָט זיך דערהערט דער קלאַפּ?—פרעגט איין יונגערמאַן דעם צווייטן, הפנים, אַ גוטן באַקאַנטן.

—וואו? ביי זיך אין הויז. דו ווייסט דאָך, איך אַרבעט היינט נישט.

—האָסטו געהערט דעם קלאַפּ?

—ניין!

—און איך האָב געהערט.

—איך וואָלט אויך געהערט,—לאַכט דער צווייטער,—נאָר איך האָב זיך דאַן געקריגט מיט דער ווייב. און אַז מיין יידענע עפנט דאָס מויל, איז דאָס ערגער, ווי אַ באָמבע.

—איר ווייסט, יידן, וואָס איך וועל אייך זאָגן,—רופט זיך אָן אַ ייד מיט אַ שפּיציק בערדל, און מיט אַ וואַטקע אין רעכטן אויער, הפנים, אַ שטיקל חזן,—די גאַנצע באָמבע איז די אַרבעט פון גאָט. „היום הרת עולם". עס איז ימים-נוראים, די וועלט דאַרף ציטערן, און אַזוי ווי דאָ, אין אַמעריקע, איז אַן אויסגעלאַסענע וועלט, וואָס ציטערט נישט, האָט גאָט אויף איר אָנגעשיקט אַ באָמבע און עס האָט אויך אָנגעהייבן ציטערן...

—וואָס? וואָס זאָגט איר?—האָט זיך אַריינגעשטופּט אינמיטן אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַן אַרבעטערינג-קנעפּל, הפּנים, פון די אויפגע-קלערטע.—וואָס זאָגט איר, פעטער, די באָמבע איז גאָטס אַרבעט? און אויב אַזוי, קענט איר דאָך, פעטער, מאַכן אַ פּאָר טולער: די שטאָט גיט דאָך צען טויזנט טולער צו דעם, ווער עס וועט אויסזוכן דעם פאַרברעכער, וואָס האָט אונטערגעלייגט די באָמבע. אָט נעמט און גייט זיך דורך צום מעיאָר און דערציילט אים, אַז דער שולדיקער איז גאָט און נעמט דאָס געלט. און מיט מיר וועט איר זיך טיילן האַלב אויף האַלב פאַר דער עצה, וואָס איך גיב אייך.

—מיינט איר דאָך, אַז איר זייט אַ גאַנצער חכם?—רופט זיך אָן דער ייִד מיטן שפּיציקן בערדל.—זייט איר טאָקע ערשט אַ נאַר! װען איך זאָג, אַז דאָס איז גאָטס אַרבעט, מיין איך נישט צו זאָגן, אַז גאָט טוט עס אַליין. גאָט, מיין ליבער יונגערמאַן, טוט קיינמאָל נישט אַליין, ער טוט שטענדיק דורך אַ שליח...

—ווי באַלד אַזוי,—היצט זיך דער יונגערמאַן מיטן אַרבעטערינג-קנעפּל, — איז דאָך גאָט אַן עקספּלואַטאַטאָר, אַ קאַפּיטאַליסט. ער שאַרט פייער מיט פרעמדע הענט!..

—יונגערמאַן, זייט נישט קיין שייגעץ! גאָט קען אייך אויך טרעפן, ער האָט אייער אַדרעס אויך...—רופט זיך אָן פרום דער ייִד מיטן שפּיציקן בערדל און דאָס שפּיץ בערדל טרייסלט זיך אויך מיט אַ פרומער כוונה.—צי איז גאָט, מיין ליבער יונגערמאַן, אַ קאַפּיטאַליסט, צי נישט, ווייס איך נישט, אָבער גאָט איז אומעטום. אָט, ווען מיר שטייען און שמועסן דאָ, געפינט זיך צווישן אונז אויך גאָט.

—אַזעלכע דרשות, פעטער, איז גוט צו האַלטן אין דער ווייבער-שער שול, — רופט זיך אָן דער יונגערמאַן מיטן אַרבעטערינג-קנעפּל, און ער טאַפּט אַלע ווייל דעם קנעפּל,—איר זאָגט, אַז גאָט איז אומע-טום, מיינט עס דאָך אפילו אויף וואָל סטריט. אין דער צייט פון אויפ-רייס איז, ווי דענקט איר, גאָט אויך פאַרוואונדעט געוואָרן, אָדער נישט?

—מיט אַזאַ אַפּיקורס וויל איך מער נישט רעדן!—רופט זיך אָן מיט כעס דער ייִד מיטן שפּיציקן בערדל און נעמט פאַר כעס דעם שפּיץ אין מויל.

—אויף מיין וואָרט, דער מאַן האָט רעכט!—פּאָטאַקעוועט נאָך אַ יונגערמאַן.

—און ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן,—רופט זיך פּלוצלונג אָן אַ ייד מיט אַ פאַררוקטן קאַפּעליוש אויפן פּאַטילניצע,—די באָמבע האָט אונטערגעלייגט מאָרגאַן אַליין.

—צו וואָס?—וואונדערן זיך אַלע און שטופּן זיך צוזאַמען ענגער אַרום די יידן.

—איך וועל אייך דערקלערן,—חקירהט דער ייד און פאַררוקט נאָך ווייטער דעם קאַפּעליוש, אַזוי, אַז זיין שטערן לייכט איבער גאַנץ העסטער־פּאַרק.—מאָרגאַן ווייס, אַז מען האָט אים פיינט, און אַז מען וויל זיך מיט אים אָפּרעכענען... נו, קלערט ער, איך וויל בעסער מאַכן אַליין דעם קונץ...

—פּעטער, איר פלוידערט!—רופט זיך אָן דער יונגערמאַן מיטן אַרבעטערדינג־קנעפל.—מאָרגאַן זיצט דען אויף וואָל סטריט? מאָרגאַן, האָב איך אַליין געלייענט, איז גאָר אין פּאַריז!

—אויב אַזוי, זייט איר אַ שוטה!—רופט זיך אָן זיגרייך דער ייד מיטן פאַררוקטן קאַפּעליוש.—מאָרגאַן דאַרף דען אַליין אונטערלייגן אַ באָמבע! ער האָט שוין, ווער עס זאָל עס טאָן פאַר אים. ער קען זיך זיצן אין פּאַריז און הרגענען מענטשן אין ניו־יאָרק.

—פּעטער, איר רעדט, ווי אַ משוגענער,—מישט זיך אַריין אַ זייטיקער יונגערמאַן.

—קאַרג משוגעים זענען דאָ? איז אָט האָט איר אייך נאָך איינעם!—האָט זיך דערפרייט דער אַרבעטערדינג־מיטגליד.

—אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט משוגעים!—מישט זיך אַריין אַ ייד, אַן אַפּרייטאָר.—ביי אונז אין הויז איז דאָ אַ שכן, ווייסט איר וואָס ער האָט געטאָן? ער האָט גענומען און צוגעבונדן צוויי קעץ ביי זיך אין הויז און זיי מיאוקען, אַז מען קאָן פּשוט משוגע ווערן... האָט מען גענומען טענהן צו אים: צו וואָס טוט ער עס? און וואָס האָט ער צו די קעץ און וואָס האָט ער צו די שכנים? זאָגט ער, אַז ער האַלט די קעץ עקסטרע צוגעבונדן, כדי זיי זאָלן מיאוקען, און אַז ער וויל, זיי זאָלן מיאוקען אַלס שמירה פאַר גנבים... וואָס דענקט איר וועגן אַזאַ משוגענעם?

אַלע לאַכן און מען צעגייט זיך.

# אַט דאָס הייסט חתונה געהאַט!

פרימאָרגן.

גייען צוויי מיידלעך פון דער אַרבעט. דער שלאָף ליגט זיי נאָך אויף זייערע פאַרפודערטע נעזער, אויף די פּאהלעך און טרייסלט זיך אין דער פרימאָרגן־קעלט...

זיי גייען און שמועסן אינטים. פון צייט צו צייט גיט איינע פון זיי אַ קרעכץ:

—אַז איך זאָג דיר, פעני, אַז פטור ווערן פון שאָפּ איז פּאָרט דאָס גלייכסטע פאַר אַ מיידל. אַט האָב איך אַ קוזינע, דו קענסט זי נישט, האָט זי גענומען און חתונה געהאַט! איז וואָלסטו געדאַרפט זען, ווי זי לעבט! זי טוט גאָרנישט. דער מאַן אַרבעט, אַ נעגערטע קלייבט צו דאָס הויז, די וועש גיט זי אַרויס, פון עסנוואַרג טראָגט מען איר אַלץ אַרויף—און הערסט? זי קאָכט אַפילו נישט! זיי גייען אין רעסטאָראַן. דער מאַן איז אַפילו אין כּעס, נישט צעפרידן, ליידט אויפן מאָגן, אָבער איר אַרט עס נישט... ער בורטשעט. זאָגט זי אָבער, זי הערט אים, ווי די קאַץ... וואָס קאָן ער איר טאָן, זאָגט זי, עס איז שוין נאָך דער חופּה... וואָס זשע טוט זי, פרעגסטו? זי געפינט שוין, וואָס צו טאָן! אינדערפרי גייט זי אָנקוקן מאָדעס, בייטאָג אין די מואוויס. און וואָס טוט זי מיטן קינד? זי לאָזט עס איבער ביי אַ שכנה... און אין אָוונט, ווען דער מאַן קומט, לאָזט זי איבער דעם מאַן און אַליין גייט זי ווידער אין די מואוויס... און האָסטו געדאַרפט זי אָנקוקן! עס איז אַ חיות אויף איר

אַ קוק צו טאָן: פעט און רויט! קליידן קליידט זי זיך, ווי זי וויל און וויפל זי וויל. זי דאַרף זיך נישט אויסרעכענען... איר מאַן, זאָגט זי, איז אַ גוטער פאַרדינער. און ווען עס פעלט אים אויס, קריגט ער צו לייען. זאָל ער זיך פאַרדרייען זיין קאָפּ, זאָגט זי, איר אַרט עס נישט...

—אָבער איך זאָג דיר, בעסי, אַז דאָס טויג נישט, איך וואָלט עס נישט געוואָלט. וואָס הייסט, נעמען אַ מאַן און אים מאַכן פאַר אַ שקלאַף? דאָס איז דאָך שרעקלעכער עגאָאיזם!!

—איך האָב דאָס איר אויך געזאָגט, — זאָגט בעסי, — זאָגט זי אָבער, אַז זי איז נישט די איינציקע. אינטעליגענטערע פרויען פון איר טוען אזוי, און צו וואָס דאַרף זי זיין קליגער פון אַנדערע?

—אָבער איך וואָלט עס נישט געקאָנט,—זאָגט פעני,—ווייל וואָס וועט זיין, אַז דער מאַן וועט ווערן אין כּעס, זי איבערלאָזן און אַנט-לויפן?

—איך האָב דאָס איר אויך געזאָגט,—זאָגט בעסי,—זאָגט זי אָבער, אַז זי האָט אים אין דער ערד, זאָל ער לויפן! זי האָט, זאָגט זי, צען פאַר איינעם. און הערסט, זי איז זייער האָנאָריסטע! דו ווייסט נאָך וואָס זי זאָגט? זי זאָגט: אַבי אַ צוויג—הינט וועלן שוין זיין... און דערצו, זאָגט זי, איז זי זיכער, אַז ער וועט נישט אַנטלויפן, ווייל וואוהין קאָן מען היינט לויפן?.. אין קאַנאַדע? — איז ער נישט קיין בּירגער, האָט ער מורא, אז מען וועט אים אין אַמעריקע מער נישט אַריינלאָזן... אין פילאַדעלפיע? אין טשיקאַגאָ?—איז דאָך דאָ אַ „גאַלעריע פון אַנטלאָפענע מענער" און דערצו, זאָגט זי, איז זי נאָך אַ גאַנצע מחותּנתטע אין „פאָרווערטס": אירער אַ קרוב, אַ געננאָסע, אַרבעט דאָרטן, האָט זי אים שוין אָפּגעגעבן, זאָגט זי, איר מאַנס דריי בּיל-דער, און גלייך, ווי ער זאָל נאָר אַנטלויפן, שטייען זיי שוין אין גאַלעריע! זי וועט אַפילו נישט דאַרפן וואַרטן: זי האָט זיך גוט באַ-וואָרנט... (פויזע. די מיידלעך שווייגן).

—און וואָס איז וועגן ליבע?—פרעגט פעני.—ווי קאָן מען אַזוי לעבן אָן ליבע? ער מוז דאָך זי אַוודאי פיינט האָבן!

—ליבע?—איך האָב דאָס איר אויך געזאָגט,—זאָגט בעסי,—זאָגט זי, אָבער, אַז ליבע איז אַ ביזנעס פאַר גרינהאָרנס. יענקיס, זאָגט זי, דאַרפן נישט קיין ליבע, און זי איז אַ יענקי... אַ יענקי, זאָגט זי, דאַרף אויף חתונה האָבן און לעבן רייך... ביי איר, זאָגט זי, איז דאָ

אַ פריינדין, איז זי אַ גרינהאָרן, האָט זי חתונה געהאַט אויס ליבע מיט אַ שמענדערהאָץ. אויך אַזאַ גרינהאָרן, ווי זי. זי איז, זאָגט זי, ערשטנס, דאַר, ווי אַ וואורשטל, צווייטנס, אַרבעט זי, ווי אַ פערד, דריטנס, האָט זי נישט קיין קליידער, און, פערטנס, שלאָגט זי דער מאַן אויך... און זי טענהט נאָך אַלץ, אַז זיי ליבן זיך!

—פונדעסטוועגן,—זאָגט פעני,—וועל איך אָן ליבע נישט הייראַטן. זאָל מיך מיין מאַן בעסער שלאָגן, אבי ער זאָל מיך ליב האָבן!

—איך האָב דאָס איר אויך געזאָגט,—זאָגט בעסי,—זאָגט אָבער מיין קוזינע, אַז נישט ביי מאָטיען! אַ היינטיקע פרוי, זאָגט זי, דאַרף נישט קיין ליבע: ליבע איז גאָרנישט ווערט... ווען מען וויל, זאָגט זי, זען אַ ליבע, גייט מען צו אין אַ טעאַטער און מען זעט!...

—אָבער פונדעסטוועגן,—גיט פעני אַ קרעכץ,—בין איך דיין קוזינע נישט מקנא.

—יע מקנא, נישט מקנא,—זאָגט בעסי אויך מיט אַ קרעכץ,— אָבער דערווייל איז זי פאָרט פאַרהייראַט און איר איז גוט!..

ביידע מיידלעך קומען צו צו אַ טיר פון אַ שאַפּ אויף בליקער סטריט. די טיר עפנט זיך און שלינגט זיי איין.

# ביי א דאָקטאָרס לוויה.

אויף אַ איסט סיידער גאַס ציט זיך אַ גאַנצע ריי אויטאָמאָבילן. עס איז אַ לוויה פון אַ איסט סיידער דאָקטאָר. אויף די טראָטואַרן שטייען יידן און ווייבער פון פאַרשידענעם עלטער, שמועסן און דיסקוטירן, באַדויערן און קריטיקירן.

—נו, וואָס זאָגט איר צו דעם?—זאָגט איינער, קענטיק, אַ ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ גאַנצן חכם.—אַליין אַ דאָקטאָר און נעמט און שטאַרבט פּלוצלונג אַוועק. ווען איך בין אויף זיין פּלאַץ, טו איך עס נישט!

—און וואָס האָט איר געוואָלט, אַז דאָקטוירים זאָלן נישט שטאַרבן?—פרעגט אים אַ ווייבל, קענטיק, אַ דערבייאיקע שכנה.

—חס וחלילה!—זאָגט דער ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם.—ווען אַלע דאָקטוירים בלייבן לעבן, וואָלט דאָך די וועלט געווען איבערגעפּאַקט מיט דאָקטוירים, אַזוי, אַז פאַר אונז, פּראָסטע מענטשן, וואָלט קיין פּלאַץ נישט געווען!..

—מען זאָגט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער דאָקטאָר!—באַמערקט אַ ייד מיט אַ ציגן בערדל.

—אויף העברי סטריט זענען קיין קליינע דאָקטוירים גאָרנישט,—זאָגט אַריין דער ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם.

—פון וואָס איז ער געשטאָרבן?—וויל איינער וויסן.

—פון וואָס?—ענטפערט אים אַ צווייטער.—פון טויט!

—דאָק ווירים שטאַרבן אויך פון טויט,—גיט צו אַ דריטער, אַ פילאָזאָפיש געניי־גטער יונגערמאַן.

— מען זאָגט, — רופט זיך אָן אַ יידענע מיט אַ קינד בייכ האַנט,—אַז ער איז געשטאָרבן פון אַן אָפּעראַציע.

—ווען איך בין אויף זיין אָרט,—רופט זיך אָן דער ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם,—לאָז איך זיך נישט מאַכן קיין אָפּעראַציעס. וויל אויב שוין שטאַרבן, איז צו וואָס נאָך קומען אויף יענער וועלט אַ צעטרייבערטער?

—אָבער וואָס זאָגט איר אויף דער לוויה?—פאָטמאַקעוועט זיך דער מלמד.—אָט דאָס הייסט אַ גרויסע לויה!

—ווען עס וואָלטן נאָך געקומען אַלע טויטע פאַציענטן, וואָלט געווען נאָך אַ גרעסערע!—זאָגט אַריין עמעצער פון עולם.

—ער האָט אַ ווייב?—וויל אַ יידענע וויסן.

—אוודאי האָט ער אַ ווייב!—ענטפערט איר דער ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם.—וואו האָט איר געזען, אַז אַ ייד זאָל שטאַרבן און נישט איבערלאָזן קיין ווייב?

—וואָס ווילט איר מיט דעם זאָגן?—פרעגט אים דער ייד מיטן ציגן בערדל.

—איך וויל זאָגן,—זאָגט דער ייד און קוועלט פון זיינע אייגע־נע חכמות,—אַז יעדע ווייב האָט אַ טבע איבערצולעבן איר מאַן!

—עס איז נישט קיין פאַקט!—עקשנט זיך דאָס ציגענע בערדל.—איך קען אַ סך מענער, וואָס לעבן איבער די ווייבער.

—מן הסתם זענען די מענער מלמדים,—לאַכט דער ייד.

אַלע לאַכן מיט...

—שיינע יידן זייט איר! ביי אַ לוויה און מען לאַכט, ווי ביי אַ שמחה!—ערגערט זיך אַ יידענע.

—וואָס האָט איר געוואָלט, מיר זאָלן וויינען?—זאָגט דער ליץ.—דער דאָקטאָר וועט דאָך נאָך מיר אַוודאי נישט וויינען, טאָ צו וואָס זאָל איך עס אים טאָן!

עס קלינגט אַ פושקע און עס הערט זיך „צדקה תציל ממות"!

—מען זאָגט,—רופט זיך אָן דער מלמד,—אַז ער איז אַ חוץ אַ דאָקטאָר אויך געווען זייער אַ גוטער מענטש.

—דאָקטוירים זענען נישטאָ קיין גוטע,—זאָגט אַריין דער ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם.

—פאַרוואָס דענקט איר אַזוי?—וויל אַ צווייטער וויסן.

—ווייל פאַרשטייט איר מיך,—דרייט דער ייד מיטן פינגער,—ווי קאָנען זיי זיין גוטע, אז זיי נעמען געלט.

—וואָס זשע האָט איר געוואָלט, זיי זאָלן היילן אומזיסט?—פרעגט דער מלמד.

—פאַרוואָס טאַקע נישט אומזיסט? עס קאָסט זיי דען טייער?!—חכמהט זיך דער ייד.—זייער סחורה נעמט מען נישט פון פאָליצע, און מען שניידט נישט אָפּ מיט אַן אַרשין.

—אָבער פון וואָס וואָלטן די דאָקטוירים געהאַט אויטאָמאָבילן?—פרעגט איינער.

—וואָלטן זיי נישט געהאַט קיין אויטאָמאָבילן! זיי זענען נישט קראַנק צו גיין צופוס, ווי מיר אַלע!—זאָגט אריין אַ ייד, מיט אַ זייער שטרענגן פּנים.

—אַ דאָקטאָר האָט בלויז געדאַרפט האָבן איין האַנט,—הכמהט זיך דער ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם.—די האַנט, וואָס טאַפּט דעם דופק און שרייבט דעם רעצעפּט, אָבער די צווייטע האנט, וועלכע נעמט דאָס געלט פאַרן וויזיט, איז נישט נייטיק.

—אָבער חכם איינער,—זאָגט דער מלמד,—די האנט, וועלכע נעמט דאָס געלט, איז דאָך דיזעלבע, וואָס שרייבט דעם רעצעפּט און טאַפּט דעם דופק?..

—אויף דערויף קלאָגט דאָך טאַקע דער נביא,—זאָגט דער ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם.

עס הערט זיך ווידער אַ קלונג פון אַ פּושקע.

—איר ווייסט, וואָס, יידן, מיר איז איינגעפאַלן?—רופט זיך אָן אַ פריילעכער יונגערמאַנטשיק.

—וואָס?—פרעגן אַלע.

—מיר איז איינגעפאַלן, אַז ביי אַ דאָקטאָרס לוויה האָט מען נישט געדאַרפט קלינגען אין פּושקע!

—פאַרוואָס?—זענען אַלע ביינעריק געוואָרן.

—פאַרוואָס!—לאַכט דער פריילעכער יונגערמאַנטשיק.—ווייל עס איז אַ געפאַר.

—וואָס איז די געפאַר?—ווילן אַלע וויסן.

—עס אַ געפאַר, אַז דער טויטער דאָקטאָר קאָן נאָך דערהערן דעם קלאַנג פון געלט און צוריק לעבעדיק ווערן.

אַלע לאַכן.

# זי לעבט מיט אן איטאליענער.

לודלאָוו סטריט. בייטאָג. אַרום אַ פּושקאַרט מיט קנעפּלעך קרויט שטייען ווייבער און קלייבן, גראָבן מיט די הענט און טאַפּן די סחורה. די באַלעבאָסטע פון פּושקאַרט איז אַ יידענע אַ פּעדלערקע, אַ באַיאָרנטע פרוי, אין אַ געלב-רויטן מאַנטל מיט אַ נישקשהדיק מיאוס געזיכט. דער מסחר אַרום פּושקאַרט גייט אָן גאַנץ געשמאַק. פּלוצלונג פאָרט אָן אַ פּעדלער מיט אַ וואָגן מיט קרויט, רוקט זיך אַריין צווישן דער פּעדלערקעס פּושקאַרט און צעשרייט זיך מיט אַ געמבע:

—ווייבער אַהער גייט! קויפט מיין קרויט! ביליק און גוט! קויפט נישט ביי איר!

דערהערט עס די פּעדלערקע און הייבט אָן שילטן:

—ווייבערלעך, אַז רוקן זאָל מען אים אין דער ערד אַריין, וואָס האָט ער זיך אַריינגערוקט אַהער מיט זיין ווערעמדיקן קרויט!!

דערהערט עס דער פּעדלער און צעגעמבעט זיך נאָך שטאַרקער:

—ווייבער, איר ווייסט, ווער זי איז? זי לעבט דאָך מיט אַן איטאַליענער!

אַי-אַי!—דערהערט זיך אַ קרעכץ פון אַלע זייטן.—ווער לעבט? ווער?

די ווייבער ווערן נייגיריק און רינגלען אַרום דעם וואָגן מיטן פּעדלער. און דער פּעדלער קריגט מוט און שרייט ווייטער:

—איר פרעגט, ווער לעבט?—זי! זי!—און ער צייגט אָן אויף דער פעדלערקע.—ווי איך בין אַ ייד, אַז זי האָט איבערגעלאָזט אַ מאַן מיט פיר קינדער, נעבעך, און אַוועקגעלאָפן מיט אַן איטאַליענער! קויפט ווייבער!, די קרויט איז די בעסטע אין דער וועלט! ביליק! בחצי חנם!

שטייט שוין די פעדלערקע איינע אַליין ביי איר פושקאַרט מיטן קרויט און טענהט הויך איבער גאַנץ לודלאָוו סטריט:

—זאָל ער אַזוי לעבן אויף דער וועלט, ווי דאָס איז אַן אמת! זאָל ער אַזוי האָבן כּוח צו גיין אַהיים, ווי איך האָב כּוח צו לויפן, זאָל ער אַזוי...

שטייט דער פעדלער אַרום וואָגן, אַרומגערינגלט פון די ווייבער און שווערט זיך:

—אַז איך שווער אייך, מיט וואָס איר ווילט, אַפילו מיט מיין שוויגער... אַז עס איז אַן אמת! די חצופה איז אַנטלאָפן מיט אַן איטאַליענער! קויפט, ווייבער, קויפט!

קלייבן די ווייבער די קרויט פון פעדלערס וואָגן און שמועסן צווישן זיך:

—וואָס דענקט איר, סאָשע, דער מאַן וועט דאָך נישט נעמען און אויסטראַכטן! ער רעדט דאָך נישט פון פוסטן פאַס?

—אַ ייד וועט זיך דאָך נישט נעמען שווערן אומזיסט!

—אַז מען קלינגט, בריינדל, איז אַ חגא.

—מן הסתם קאָן ער דאָך זי...

—עס איז דאָך אַמעריטשקע!

—עך, עך, עך! אַ יידישע פרוי זאָל טאָן אַזאַ זאַך —איבערלאָזן אַ מאַן מיט פיר קינדער! און פאַר וועמען? פאַר אַ גוי!? עך, עך! אַ וועלט אַ ביסל!—קרעכצט אַן עלטערע יידענע.

צוויי ווייבער פוילן זיך נישט און קומען צו צו דער פעדלער-קע און הייבן זי אָן צו מוסרן:

—פע! נישט שיין! ווי קומט עס צו אַ יידישער טאָכטער צו טאָן אַזאַ זאַך! פע!

—עס איז אַ שאַנדע! אויף מיין וואָרט, אַ שאַנדע!—העלפט אַרויס די צווייטע.

—ווייבער,—בעט זיך די פעדלערקע,—וואָס האָט איר צו מיר? וואָס הערט איר, וואָס דער בלאָפער, דער גנב, דער משומד, דער

רוצח און עוכר ישראל טראַכט אויף מיר אויס?! ווי קום איך צו לויפן מיט אַ גוי? וואָס בין איך אַ יוגג ציגעלע, וואָס? און ווער האָט עס, שונאי-ציון, נאָך כוח צו לויפן... אַז לויפן זאָל ער אָן אַ העמד! וואָס האָט ער צו מיר, דער רוצח!

די יידענע צעשרייט זיך און הייבט אָן ווישן די אויגן.

די צוויי ווייבער כאַפּן אויף איר אַ קוק, און ערשט דאָ קוקן זיי זיך אַרום, אַז דער פּעדלער האָט זיי אָפּגענאַרט... זיי הייבן זיך אָן שושקען:

—אויף מיין וואָרט, זי האָט דאָך רעכט! זעסט ניטש, פּעני, אַז דאָס איז אַן אַלטע באָבע!

—טפוי זאָל ער ווערן!—שפּייט אויס די צווייטע. — נעמען און אויסטראַכטן אַזאַ זאַך אויף אַן אַלטער יידענע!

—טאַקע, נאָסי! טאַקע!

—און גלאַט ווער ווייס וועט זיך דאָס אויף אַזאַ איינער קוואַפּען!

—טאַקע, נאָסי, טאַקע!

די פּעדלערקע שטייט ביים פּושקאַרט און טענהט און ווישט די אויגן. די ווייבער שושקען זיך נאָך אַ ווײַלע און גייען אַוועק. אָבער דער פּעדלער שטייט נאָך אַלץ און שרייט זיך זיינס:

—ווייבער! ווייבעלעך זיסינקע! קויפט ניט ביי דער משומדת! זי לעבט מיט אַן איטאַליענער, לעבט זי! זי האָט איבערגעלאָזט אַ מאַן מיט פיר קינדער, נעבעך!... קויפט ביי מיר! אַ מציאה, בחצי חנם! ביליק! ביליק!

# די קאַץ.

ווען איך בין פריי, האָב איך ליב אַרומשפּאַצירן איבער די גאַסן. גיי איך מיר אַזוי איבער אָרטשאַרד סטריט, שטעל זיך אָפּ ביי פּאַר־שידענע פּושקאַרטס מיט פאַרשידענע סחורות און אַנטיקן. און פּלוצלונג דערזע איך ביי אַ פּושקאַרט פון זאָקן, צווישן אַ מחנה ווייבער, מיי־נעם אַן אַלטן באַקאַנטן, אַ געוועזענעם אַלטן בחור, וועלכן איך האָב שוין נישט געזען אוודאי איבער פיר יאָר, און וועלכער, ווי איך האָב געהערט, האָט שוין אין דער צייט חתונה געהאַט.

—העלאָ מר. בייגלמאַן!—רוף איך אויס.—וואָס מאַכט אַ ייד?

גיט זיך בויגלמאַן אַ דריי אום, דערקענט מיך און פאַרשעמט זיך.

—איר קויפט גאָר אַליין זאָקן?

—ווי איר זעט!—ענטפערט ער מיט אַ קרעכץ.

—און וואָס טוט אייער יונג ווייבל? איך האָב דאָך געהערט, אַז איר האָט חתונה געהאַט!

ענטפערט ער נישט, גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: האָט צייט אַ ביסל, וועל איך אייך דערציילן!..

האָב איך צייט און וואַרט, ביז מר. בויגלמאַן דהאַנדלט איין צוויי פּאָר זאָקן, באַצאָלט, און מיר לאָזן זיך גיין צו גרענד סטריט צו.

—איר וואונדערט זיך,—זאָגט ער,—וואָס איך האַנדל אַליין איין זאָקן און פאַרוואָס מיין ווייב טוט עס נישט? אָבער, פריינט מיינער.

איך האָב שוין איבער אַ האַלב יאָר קיין ווייב נישט.

—וואָס הייסט?—רוף איך אויס.—וואָס האָט פּאַסירט? אפשר, חס-וחלילה, געַ...

—ניין,—ענטפערט ער, — זי איז דווקא נישט געשטאָרבן. דער טייוול נעמט זי נישט, נאָר זי איז פון מיר אַנטלאָפן.

—ווי אַזוי איז דערצו געקומען!—ווער איך נייגעריק.

—ווי אַזוי? עס איז געקומען!.. איר ווייסט, אַז עס דאַרף קו-מען—קומט עס שוין! אָבער דער עיקר איז אין דעם שולדיק אַ קאַץ.

—אַ קאַץ גאָר?

—אַ קאַץ!

ער האָט זיך אַ ביסל פאַרטראַכט און נאָכדעם גענומען דערציילן:

—ווי איר האָט געהערט,—האָט ער געזאָגט,—האָב איך חתונה געהאַט. אַ ווייבל גענומען דווקא אַ יונגס און אַ שיינס. אַנדערע זאָגן, אַז אַפּילו אַ שיינהייט... נו, ווייסט איר דאָך, האָב איך גענומען צימערן, אַוועקגעשטעלט שיינע מעבל... אָבער אַזוי ווי דירה-געלט איז צו גרויס, האָבן מיר באַשלאָסן איין צימער צו פאַרדינגען... האָבן מיר עס פאַרדונגען איינעם אַ יונגנמאַן — נאָכדעם האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז געווען אירער אַן אַלטער באַקאַנטער,—נו, פאַרשטייט איר דאָך שוין, מיין ווייב איז געווען צו אים נישט גלייכ-גילטיק. איך האָב דאָס גלייך באַמערקט פון דעם ערשטן טאָג, וואָס ער האָט זיך אַריינגעקליבן.

—אָבער ווי קומט אַהער אַ קאַץ?—האָב איך געוואָלט זיך דער-לאַנגען צום הויפּט-ענין.

—די קאַץ קומט, זי קומט! אָט וועט איר באַלד הערן,—רופט ער זיך אָן.—די מעשה איז אַזוי געווען: מיינע האָט געקראָגן אַ געוווינהייט צו זיצן ביי אים אין צימער. זיך פּשוט איינגעניאַדעט אַהין... דעם ערשטן מאָל האָט אַזוי פּאַסירט: איך קום פון דער אַר-בעט און כאַפּ זי ביי אים אין צימער. פרעג איך איר: וואָס טוט זי דאָרטן? האָט זי אַ פאַרטיקן תירוץ: זי איז געגאַנגען זוכן די קאַץ... מיר האָבן געהאַט אין הויז אַ שיינע ווייסע קאַץ... מילא, אַ תירוץ איז עס דאָך... האָב איך עס אַראָפּגעשלונגען... כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז זי בלאָפט, ווייל די קאַץ גייט גאָר קיינמאָל פון הויז נישט אַרויס... אַ פּויל קעצל, אַ צופּיעשטשעטע געווען... אָבער אַ צווייטן מאָל האָב

איך מײנער שױן געכאַפּט... איך שעם זיך אױסזאָגן... בײ אים אונטערן בעט... און װידער די קאַץ...

די מעשה איז אַזױ געװען: איך בין געקומען אַהײם פֿלוצלונג, אומגעריכטערהײט, און לאָז זיך גלײך גײן צו אים אין צימער. מײן האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז דאָרטן. קלאַפּ איך אָן... און איך הער, װי עס װערט אַ טומל אין צימער, אַ רוקערײ און אַ כאַפּערײ. קלאַפּ איך אָן אַ צװײטן מאָל, עפֿנט ער מיר. אַ ביסל פֿאַרװיטלט... קום איך אַרײַן און פֿרעג: מר. בײלין, דהאָט איר דאָ נישט געזען מײַן קאַץ? שטאַמלט ער און זאָגט: נײן... דוכט זיך, נישט...! רוף איך זיך אָן: אפֿשר איז זי אַרונטערגעקראָכן בײַ אײַך אונטערן בעט? װערט ער שױן גאָר צומישט... און איך מאַך נישט קײן שהיות, בױג זיך אָן אונטערן בעט—כּלומרשט, װי איך װאָלט געזוכט די קאַץ... און דאָ דערזע איך די קאַץ—און מײן װײב! בײדע ליגן זײ אונטערן בעט און ציטערן... מײן װײב ציטערט באַזונדער און די קאַץ ציטערט אין אירע הענט... נעם איך און שלעפּ בײדע קעץ אַרױס פֿון אונטערן בעט, ברענג זי אַרײַן אין הױז און נעם זי אױף אַ שטרענגן פֿאַרהער: װאָס, זאָג איך, האָסטו געטאָן בײ אים אונטערן בעט?! זײ זיך מודה, דו אומפֿאַר־שעמטע פֿרױ, װאָס דו ביזט! און מײנט איר, װאָס, זי האָט זיך פֿאַר־לאָרן? עס הײבט זיך נישט אָן! װײבער זענען די גרעסטע בריות אױף תּירוצים און צײַן־פֿאַררעדעניש. הערט זי מיך אױס גאַנץ קאַלטבלוטיק! זע נאָר, װאָס האָסטו זיך אַזױ צעשריען? איך בין געגאַנגען זוכן די קאַץ, זאָגט מר. בענעט, אַז די קאַץ איז אונטערגעקראָכן אונטערן בעט. נעם איך און קריך אױך אונטער... איז מיר אַזױ געפֿעלן געװאָרן איר „בלאָף", אַז איך האָב זיך אַזש צעלאַכט.

—אָבער פֿאַרװאָס,—זאָג איך,—זױלסטו, כאַ־כאַ־כאַ, אַלעמאָל דװקא די קאַץ, װען בענעט איז אין צימער! פֿאַרװאָס?

פֿאַרלירט זי זיך נישט און זאָגט: װײל די קאַץ האָט אים ליב. תּיכּף, װי ער קומט, לױפֿט זי צו אים.

הקיצור: דעם דריטן מאָל האָב איך זי שױן געכאַפּט בײ אים, אַ ך שעם זיך אײַך גאָר צו דערצײלן, בײ אים אױף די קני... און חוץ מײנט איר, װאָס? זי האָט װידער אַלץ אַרױפֿגעװאָרפֿן אױף דער קאַץ. זי האָט געטענהט: אַז ער האָט צוגענומען איר קאַץ, האָט זי געװאָלט בײ אים זי אָפּנעמען, האָט ער זיך נישט געלאָזט. און דאָס האָבן זײ זיך אַזױ געראַנגלט... אַ שײנע מעשה, מען קאָן נישט זאָגן...

מילא, האָב איך דאָך דערזען, אַז די קאַץ איז מיין אומגליק... נעם איך און וואַרף אַריין די קאַץ אין אַ זאַק און טאַסקע זי אַוועק ערגעץ צו אַלדי שוואַרץ יאָר... און זאָג איר, מ ײ נ ע ר, אַז קיין קאַץ זאָל נישט געדאַכט ווערן ביי אונז אין הויז!..

—און וואָס איז געווען דער סוף? —פרעג איך.

—דער סוף? —זאָגט ער. —אַט וועט איר הערן: אין עטלעכע טעג אַרום, איך קום אַהיים—מיין ווייב איז פאַרשוואונדן, צוגענומען אירע זאַכן און איז אַוועק. אויפן טיש האָב איך געפונען אַ צעטעלע: „איך זאָג דיך איבער, ווייל איך קאָן אָן אַ קאַץ נישט לעבן"...

# דיזעלבע אלטע מעשה.

אין דרויסן איז, ווי מען זאָגט אויף לוח־לשון—אַ לינדער וועטער. דער ווינטער איז שוין על פּי דין דאָ, נאָר פּאַקטיש איז ר נאָך נישטאָ. קיין שניי איז נאָך נישט אַרויסגעפאַלן. און וואָס איז ווינטער אָן שניי? דער ווינטער קעמפט מיט די לעצטע „סאָלדאַטן", אַזוי צו זאָגן, פון דעם זומערס אַרמיי... זיי ווילן זיך נישט אונטערגעבן. אָבער זיי וועלן זיך דאָך אונטערגעבן. דער ווינטער פילט, אַז ער וועט זיי באַזיגן...

דאָס איז זיך סתם אַ שטיקעלע באַשרייבונג. און איצט קום איך צו דער סצענע:

אויף גרענד טריט, אויף דער זייט, וואו עס שטייען נישט די פושקאַרטן, און עס גייען נישט די שפּאַצירנדיקע מיידלעך, האָבן זיך באַגעגנט צוויי יונגעלייט, זיך אָפּגעשטעלט און זיך צעשמועסט. איך גיב דאָ איבער זייער געשפּרעך, ווי ער שטייט און גייט:

—העלאָ, דזשאָן! שוין לאַנג דיך נישט געזען!

—העלאָ, בען! טאַקע שוין לאַנג זיך נישט געזען!

—וואָס מאַכסטו, ווי גייט עס דיר עפּעס?

—אַ דאַנק. אָל־רייט.

—וואו אַרבעטסטו איצט? נאָך אַלץ אויף דער אַלטער שטעלע, ביי פרענק און קאָמפּאַניע?

—יע, ביי פרענק און קאָמפּאַניע!

—איז ביי דיר פאַר דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען, געשען עפּעס, אָדער עס איז דיזעלבע אַלטע געשיכטע?

—קיין נייס! וואָס פאַר אַ נייס? דיזעלבע אַלטע געשיכטע!

—ביזטו צעפרידן מיט דער אַרבעט?

—ווייסט דאָך... ווי קען מען זיין צעפרידן? נאָר וואו געפינט מען בעסערס?.. אומעטום דיזעלבע אַלטע געשיכטע.

—האָסטו עפּעס פאַר דער צייט געקראָגן אַ רעיז?*).

—ווייס איך וואָס? ווער רעדט איצט פון אַ רעיז!.. עס איז נאָך אַ גליק, וואָס מען נעמט נישט אַראָפּ... די ווייסט דאָך, ווי די „באָסעס" איילן זיך צו געבן אַ רעיז—דיזעלבע אַלטע געשיכטע!..

—איז ווילי נאָך אַלץ דער מאַכער?

יעס. ער איז נאָך אַלץ דער מאַכער. דערזעלבער הונט. דיזעלבע אַלטע געשיכטע.

—און דו גייסט נאָך אַלץ אין דעמזעלבן אַלטן ווינטער־ראָק? עס איז דערזעלבער?

—יע, דערזעלבער. דיזעלבע טראַגטע... מען קען זיך נישט צונויפ־שלאָגן אויף אַ נייעם ווינטער־ראָק... דיזעלבע אַלטע געשיכטע: שפּאָרסט אָפּ אַ פּאָר דאָלאַר, מיינסט, עס וועט זיין אויף אַ ווינטער־ראָק—ערשט פּלוצלונג ווערט דיר דאָס קינד קראַנק און אויס ווינטער־ראָק... דיזעלבע אַלטע געשיכטע!

—און וואָס מאַכט דיין ווייבל? זי בריקעט נאָך אַלץ?

—זי איז אַל־רייט. בריקעט... וואָס זשע דען, זי וועט זיך נישט בריקען? דיזעלבע אַלטע טענות... דיזעלבע אַלטע געשיכטע...

—און ווי איז מיט דער דירה? וואוינסט שוין אוודאי אויף אַ אַ נייעם פּלאַץ?

—עס הייבט זיך גאָרנישט אָן... הלוואי וואָלט מען געקענט... אַמאָל פלעג איך בייטן יעדן ד־האַלבן יאָר, איז כאָטש דאָס געווען אַ נייס... אָבער די לעצטע צייט איז אויך דאָס נישט... עס איז אַלץ דיזעלבע אַלטע געשיכטע: וואוהין קלייבט מען זיך? אַמאָל פלעגט דער לענד־לאָרד צווינגען... היינט איז דאָס אויך נישט... ער טאָר נישט... נו, זיצט מען אין דער אַלטער דירה... דיזעלבע אַלטע געשיכטע... און וואָס איז ביי דיר? וואו אַרבעטסטו?

—איך? ביי הערים בראָס!

—נאָך אַלץ ביי דעמזעלבן הערים?

*) פּענסיע־הוספה.

—יע! בײַ דעמזעלבן! אויך בײַ מיר דיזעלבע אַלטע געשיכטע!
גוד בײַ!

—גוד בײַ! ווען זעען מיר זיך ווידער?

—ווען? אויך דיזעלבע אַלטע געשיכטע. מען זיך באַגעגענען
אין גאַס, וועלן מיר זיך זען... גוד בײַ!

# צער גידול בנים.

שטייט אַ קליין מיידעלע איבערגעבויגן איבער אַ קליין בעטעלע, וואו עס שלאָפט איר „בייבי", אַ צען-סענטיקע קוקלע, אין אַ ראָזאָוון קליידעלע מיט זייער קורצע אַרבעלעך און איז שטאַרק פאַרטאָן.

אין דרויסן איז ווינטיק. און דער ווינט בלאָזט אַרונטער די „ליילעך", מיט וועלכער זי דעקט צו איר „קינד". פאַרזאָרגט, מעשה געטרייע מאַמע, דעקט זי צו—און דער ווינט בלאָזט אַרונטער.

זי דעקט ווידער צו—אָבער דער ווינט בלאָזט ווייטער אַרונטער.

דאָס מיידעלע האָט געדולט פון אַ מוטער און זי טוט ווייטער איר טרייע אַרבעט, אָבער עס העלפט נישט. און דאָס מיידעלע איז פאַרצווייפלט. זי קוקט אויף די נאקעטע „הענט" און „פיס" פון איר „בייבי" און איר מוטער-הערצל קלאפט שטאַרק: וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? איר „קינד" איז דאָך אָפּגעדעקט און קאָן זיך, חס ושלום, פאַרקילן?...

*

* *

נישט ווייט פון דער פאַרצווייפלטער מיידעלע שטייט איר מוטער ביי אַ גרויסן קינדער-וויגעלע, אין וועלכן עס ליגט אַ יינגעלע פון אַ האַלב יאָר, דער מיידעלעס אַ ברודערל.

און די מוטער האָט דיזעלבע צרות, ווי איר טאָכטער.

זי דעקט צו איר קינד, און יענע דעקט זיך אָפּ.

זי ציט אַריבער די וואַרעמע דעקע איבער איר מזיקס קערפּערל,

אָבער ער, דער מזיק, בריקעט די דעקע אַרונטער מיט די פיסלעך.
די מוטער ערגערט זיך און טוט איר אַרבעט, אָבער אויך דער מזיק אין וויגעלע זעצט פאָרט פלייסיק זיין אַרבעט.
און וואָס מער די מוטער ווערט פאַרזאָרגט: סטייטש, איר קינד איז אָפּגעדעקט און עס קאָן זיך נאָך, חס ושלום, פאַרקילן, ווייל עס איז אַזוי ווינטיק אין דרויסן, — אַלץ מער, ווייזט עס אויס, האָט דאָס קינד פון דעם הנאה.
ביי אים איז דאָס, הפנים, אַ שפּיל אַזאַ...
און פאַרצווייפלט שטייט די מוטער לעבן וויגל פון איר קינד.
זי ווייס נישט וואָס צו טאָן...

* *
*

אַ ווײלע שטייען ביידע מוטערס פאַרצווייפלט.
נאָכדעם קוקן זיי זיך ביידע אַ ווײלע אָן — און פּלוצלונג, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך ביידע צוזאַמענגערעדט, נעמען זיי ביידע שלאָגן זייערע קינדער.
די גרויסער מוטע פּאַטשט אָן איר בייבי איבער די הענטלעך.
און די קליינע „מוטער" פּאַטשט אויך אָן איר „בייבי" איבער די הענטלעך.
און דאָ געשעט אַט וואָס:
די אמתע „בייבי" צעשרייט זיך, מאַכט אַ גוואַלד איבער דער גאַנ־גאַס, ווי איינער זאָגט: „גוואַלד, יידן, ראַטעוועט מיך, מען וויל מיך דערמאָרדן!"
אָבער די „בייבי" אין דער מיידעלעס בעטל שווייגט, ווי נישט איר מיינט מען עס.
און די קליינע „מוטער" ווערט נאָכמער פאַרצווייפלט און זי ווענדט זיך צו איר מוטער מיט טרערן אין די אויגן:
— מאַמע, פאַרוואָס שרייט נישט מיין „בייבי?"

# דער אויסוואורף.

—איך האָב געהערט, אַז איר קלויבט זיך צו קויפן אַ מאַשין? ווייל איך אייך זאָגן, אַז איר זאָלט עס נישט טאָן! זאָל אייך דער אויבערשטער אויסהיטן פון דעם! אויב אייך פעלן צרות—וועט איר זיי האָבן.

מיט אַזאַ רעדע האָט מיך באַגעגנט אין גאַס מיינער, אַ באַקאַנטער, אַ געוועזענער אָל־רייטניק.

—ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז איך קלייב זיך קויפן אַ מאַשין?—האָב איך געלאַכט.—איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז איך האַלט נאָך נישט דערביי.

—אויב אַזוי, איז גוט,—זאָגט צו מיר מיין באַקאַנטער,—ווייל זינט דער אומגליק מיט מיר, פיל איך פאַר מיין פליכט צו וואָרענען אַלע מיינע פריינט, אַז זיי זאָלן זיך היטן פון מאַשינען. מיר האָט מיין מאַשין געקאָסט אַלץ: דאָס געלט און דאָס ווייב.

—וואָס האָט מיט אייך פּאַסירט?—ווער איך שוין נייגעריק.

—עס האָט שוין פּאַסירט!—זאָגט מיין באַקאַנטער.—עס איז געווען אַזוי: איך האָב געקויפט אַ מאַשין, אָבער געפאָרן איז אַן אַנדערער.

—ווי אַזוי?

—איינפאַך: איך בין דאָך אַ פאַרנומענער מענטש, האָב איך דאָך קיין צייט נישט ארומצופאָרן. און, צווייטנס, האָב איך נישט

ליב צו טרייבן די מאַשין. איך בין בטבע אַ רך לבב, פאָרט אַמאָל געווען אַ מלמד אין אַ דאָרף, האָב איך מורא, אַז איך זאָל עמעצן נישט איבערפאָרן. נו, אָבער מיין ווייבל האָט דווקא געהאַט צייט און איז נישט קיין ווייכהאַרציקע, פלעגט זי האַלטן אין איין אומפאָרן.

—איז, זע איך נאָך אין דעם אַלץ נישט קיין געפאַר, — באַמערק איך.

—ווען זי פאָרט אַליין, וואָלט טאַקע נישט געווען קיין געפאַר,— זאגט ער,—אָבער זי איז שטענדיק געפאָרן מיט עמעצן. זי האָט זיך אַרומגערינגלט מיט פאַרשידענע יונגעלייטלעך. אַלץ אָט פון די מיט די קאַשקעטלעך, און זי פלעגט זיך מיט זיי „אומקאַטייען״ און ווען איך פלעג קומען אַהיים, האָב איך זי נישט געטראָפן אינדערהיים. זי פאָרט אויס! ווער הויז? ווער עסן? זי פאָרט אויס! האָב איך געשוויגן און געשוויגן, אָבער סוף כל סוף בין איך אַרויס פון געדולט און גענומען מאַכן סקאַנדאַלן: איך וויל נישט, זי זאָל פאָרן אָן מיר!.. האָט זי גענומען מאַכן צוריק סקאַנדאַלן: וואָס הייסט? זי טאָר שוין נישט פאָרן עפעס קויפן. זאָג איך: מעגן מעגסטו, אָבער צו וואָס שלעפסטו זיך אום מיט אויסוואורפן? האָט זי זיך צעשריען, אַז ביי מיר איז יעדער, וואָס איז נישט קיין מלמד, אַן אויסוואורף און פאַר וואָס לערן איך זיך נישט אויס אַליין טרייבן אַ מאַשין!

הכלל: איך האָב דערזען, אַז מיינע רייד זענען אַרויסגעוואָרפן, האָב איך גענומען נאָכשפירן, געוואָרפן אַלע אַרבעטן אין מיטן טאָג און זי נאָכגעהיט... אָבער עס איז געווען אומזיסט... איך האָב זי נישט געקאָנט כאַפן. איך האָב באַשלאָסן איינגאַנצן צו פאַרשליסן דעם געשעפט און מיטפאָרן מיט איר. פאָרן מיר שויןביידע, אָבער דאָס העלפט אויך נישט. איינער פון די יונגע לייטלעך, פון די ריכטיקע אויסוואורפן פאָרט אויך מיט... און זיי בייטן זיך: אַמאָל פירט זי די מאַשין און אַמאָל ער. קומען מיר אַהיים, הייב איך אָן צו טענהן, צו וואָס שלעפט זי מיט זיך דעם יונגאַטש? איך וויל אים נישט האָבן אין מאַשין! ווערט זי אין כעס און שרייט צוריק: וואָס ווילסטו, איך אַליין זאָל כסדר פירן די מאַשין! איך זאָל אויסגעמוטשעט ווערן! עס איז דאָך זייער אַ שווערע אַרבעט! און דערצו דאַרף איך נאָך דאַנקען גאָט, וואָס ער נעמט נישט קיין געלט פאַר טרייבן... ווען זי זאָל זיין, ווי אַנדערע פרויען, וואָלט מען גאָר געדאַרפט האַלטן אַ שאָפער. זאָג איך:—אָבער ווער בעט דיך אַזויפיל זיך אַרומקאַטאַיען? זיץ אינדערהיים! זאָגט זי:—אויף וואָס האָבן מיר געקויפט

אַ מאַשין, מיר זאָלן זיצן אין הויז? שריי איך:—איך וויל נישט דעם אויסוואורף! שרייט זי צוריק: זאָל איך זיך אַליין אויסלערנען פירן אַ מאַשין, וועט זי פאָרן מיט מיר אַליין. האָב איך זיך אָנגעטאָן אַ כּוח און גענומען לערנען. אָבער עס איז נישט געגאַנגען. דאָס הייסט, די מאַשין איז יאָ געגאַנגען, נאָר ביי מיר נישט... איך בין אַ רך לבב, און איך קאָן נישט. מיר דוכט זיך רק, אַז איך פאָר עמעצן איבער!

הכלל: עס איז צרות! דער אויסוואורף פאָרט אַלץ... דערוויל האָבן מיינע געשעפטן אָנגעהייבן גיין שלעכט. צוליב דער מאַשין האָב איך פאַרנאַכלעסיקט אַלץ און איך האָב באַשלאָסן פאַרקויפן די מאַשין!

אָבער דאָ האָט זי מיר געמאַכט אַ גרויסן סקאַנדאַל. אָן אַ מאַשין קאָן זי נישט לעבן! אָן אַ מאַן קאָן זי—אָבער נישט אָן אַ מאַשין! און זי וויינט... וואָס זשע טוט מען? אַ יונג ווייבל איז זי, אַ שיין ווייבל, באַשליס איך צו דולדן ביז אַ צייט. און די צייט איז געקומען און איך האָב שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן... די מעשה איז אַזוי געווען:

איינמאָל פאָרן מיר אַזוי אַלע דריי, דאָס הייסט איך, זי און דער יונגאַטש. היינטערן שטאָט פאָרן מיר. ערשט אינמיטן דערינען ווערט קאַליע די מאַשין. עס וויל נישט גיין! גייט אַרונטער דער אויסוואורף אונטער דער מאַשין און הייבט אָן באַקוקן, באַטראַכטן... און, ווי דער שטייגער איז, קריכט ער אונטער דער מאַשין און ליגט זיך...—ליג אין קרענק!—טראַכט איך זיך. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום קריכט אַרונטער אויך מיין אשה פון מאַשין, און קריכט אויך אונטער דער מאַשין... פאַרדריסט עס שוין מיר:—וואָס קריכסטו, וואָס? ער וועט פאַרריכטן אָן דיר! אָבער איך שוויג. מילא, וואָס קען מען העלפן? דער טאָג איז געווען אַ פאַרנער. איך בין געווען עפּעס נישט אויסגעשלאָפן—בין איך אַזוי געזעסן אין מאַשין, ביז איך האָב איינגעדרעמלט. איך כאַפּ זיך אויף, כאַפּ אַרויס דעם זייגערל, ערשט איך האָב אָפּגעשלאָפן אוודאי אַריבער אַ שעה. און די מאַשין שטייט נאָך אַלץ אויף דעמזעלבן פּלאַץ... און וואו זענען זיי? זיי ליגן נאָך אַלץ אונטן. איך נעם זיך איינהערן, ערשט איך הער, ווי מען קושט זיך: זי מיטן אויסוואורף קושן זיך!

וואָס זשע טו איך? מיין בלוט האָט אויפגעזאָדן. איך בין

ארונטערגעשפּרונגען, געכאַפּט אַ שטיק האָלץ, וואָס איז געלעגן אויפן וועג און געגומען האַקן אין זיי, ווי אין קרויט.

עס איז געוואָרן אַ געשריי, אַ טומל, אַ סקאַנדאַל. הכּלל: איך האָב פאַרקויפט מיין מאַשין...

—און וואָס טוט איצט אייער ווייבל ?—פרעג איך.

—מיין ווייבל ? נישטאָ קיין ווייבל ! זי איז אַנטלאָפן טאַקע מיט אים, מיט יענעם אויסוואורף ! ניכאַי וואָלטן זיי ביידע די פיס צעבראָכן !

אַזוי האָט מיין באַקאַנטער געוועזענער אָל-רייטניק געענדיקט.

## וואָס איז די דאָ שולדיק.

זיצן צוויי יונגע ווייבלעך, חברטעס אויף די טרעפּ פון אַ הויז אין די בראָנקס. איינע רעדט און די אַנדערע הערט.

—איך זאָג דיר, מיניע, אַז די מענער זענען מערדער, בלוט-צאַפּער. דו קאָנסט דאָך מיינעם, ער איז געווען נישקשה, אָבער אָט פון אַ צייט איז ער שוין אויך קאַליע געוואָרן. איך זאָג דיר, איך קאָן פון אים מער נישט אויסהאַלטן. מיין געדולט פּלאַצט שוין... ער עסט מיך אויף אַ לעבעדיקע. פאַרוואָס, פרעגסטו? וואָס עפּעס פּלוצלונג? הער נאָר, מיינעניו, מיינע צרות האָבן זיך אָנגעהייבן זינט איך בין צוריקגעקומען פון קאָנטרי. גלויב מיר, אַז ווען איך ווייס, וואָלט איך בעסער געבליבן זיצן אינדערהיים. און דו מיינסט, עס איז דאָ עפּעס, וואָס אָנצוזונעמען?—אויף מיין וואָרט, גאָרנישט!.. געווען בין איך אין קאָנטרי זיבן וואָכן, צוגענומען אַ סך וואָג, געקומען אַהיים, איז מיינער דווקא געווען צופרידן. אָבער דאָס האָט אָנגעהאַלטן מער נישט ווי צוויי טעג. אויפן דריטן טאָג, זינט איך בין געקומען פון קאָנטרי, זיצן מיר אַזוי ביידע, איך און מאָריס, נאָך סאַפּער*) און איך דערצייל אים וועגן קאָנטרי. ווייסט דאָך, אַז מען קומט פון קאָנטרי, איז דאָ וואָס צו דערציילן. רכילות, פּלאָטקעס, דאָס, יענץ, ערשט מיטאַמאָל — מען קלינגט... איך עפן די טיר. ווער איז? — מר. בערגמאַן! ווער איז דאָס? אַ יונגערמאַן פון קאָנטרי, אַ טייערער יונגערמאַן, זאָג איך דיר, אַ גאָלד. שטעל איך אים פאַר

*) אָוונטברויט.

פאַר מיין מאַן: מר. בערגמאַן—מיין מאַן! מיט אים צוזאַמען, זאָג איך, די גאַנצע צייט יאַגדעס געקליבן... זעצט ער זיך, און מיר הייבן אָן דערציילן די נסים פון קאַנטרי. און מיר לאַכן... אין אַ ווייַלע אַרום,—מען קלינגט און מיין מאַן עפנט, ערשט עס קומט אַריין מר. יודלסאָן!.. אים אויך באַגעגנט אין קאָנטרי, אויך אַ טייערער יונגערמאַן, מיניעניו. ווי קומט ער צו מיר? דאָס איז געווען אַזוי: איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב אים געגעבן דעם אַדרעס... מיט אים פלעג איך גיין אינדערפרי אָפנעמען די בריוו פון פאָסט— שטעל איך אים פאָר פאַר מיין מאַן. און איך באַמערק שוין, ווי מ ײַ נ ע ר האָט זיך פאַרענדערט... אָבער איך בין דאָך דאָ גאָרנישט שולדיק. איאָ, מיניע? זיצן שוין ביידע יונגעלייט און שמועסן וועגן קאַנטרי. איך מאַך דערווייל טיי, דערלאַנג צוביסעכץ... אָבער הערסט, מיניע? אַזוי ווי מיר זיצן אַזוי, דערהערט זיך ווידער אַ קלונג. מיין מאַן לויפט עפענען, ערשט וועמען זעען מיר?—מעקסן! מעקס איז געווען דער פריילעכסטער יינג אויף אונזער פאַרם. עס איז נישט געווען קיין איין מיידל און ווייבל, וועמען ער האָט נישט פאַרדרייט דעם קאָפּ... שוין איינמאָל אַ חברה־מאַן! דערזען ביי מיר יודלסאָנען און בערגמאַנען, האָט ער אַזש געגומען טאַנצן: זע נאָר, זע, די גאַנצע חברה איז דאָך דאָ? שטעל איך אים אויך פאָר פאַר מיינעם און איך זע, ווי ביי מיינעם ברענט די רציחה... אָבער זאָג אַליין, מיניע, וואָס בין איך שולדיק?

אָט אַזוי זענען מיר אָפּגעזעסן אַן אָוונט און דערציילט פון קאַנטרי און זיך גוט אָנגעלאַכט... ווען זיי זענען אַוועק, איז שוין געווען גאַנץ שפּעט. און ביים געזעגענען זיך, בעט איך זיי, זיי זאָלן זיך נישט לאָזן בעטן און קומען, וואָס אָפטער... און דערביי כאַפּ איך אַ בליק אויף מיינעם... די אויגן שפּאַרן אים אַזש פון קאָפּ... זיי זענען דאָך רוצחים, די מענער! אָבער זאָג אַליין, וואָס בין איך שולדיק?

ווען מיר זענען געבליבן אַליין, האָט מיר מיין מאַן גאָרנישט געזאָגט. ער האָט בלויז באַמערקט: דו האָסט אָפּגעשפּאָרט אַ היבש ביסל פ ר ײַ נ ט ל ע ך אין קאָנטרי!.. איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט... איך האָב בלויז געזאָגט: עס איז נישט דיין חזירשער עסק!.. ווייטער—האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן. אויף מאָרגן אָבער, איך שטיי אויף, ערשט מיינער ליגט נאָך אין בעט, גייט נישט צו

דער אַרבעט. פרעג איך אים:—וואָס איז דער מער? זאָגט ער: דער קאָפּ טוט אים [redacted] וויי... זאָג איך צו אים [redacted]: וואָס עפּעס פּלוצלונג? דיר האָט דאָך קיינמאָל נישט וויי געטאָן דער קאָפּ! זאָגט ער: אַז מען האָט אַזאַ ווייב, ווי איך, הייבט אָן וויי טאָן דער קאָפּ... אַהאַ! פאַרשטיי איך שוין, וואוהין ער שיסט.... זאָג איך צו אים: ביז אַהער איז דאָס ווייב גוט געווען און איצט טויג זי שוין נישט? זאָגט ער: איך וועל דיר זאָגן, בעקי, איך האָב דיך מורא צו לאָזן אַליין—ווייל מן הסתם וועלן באַלד קומען נאָך באָרדערס פון קאַנטרי.

ווער איך שוין אין כעס!.. איך בין דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, און איך שריי אויס: וואָס, דו גייסט מיך היטן! איך וועל אויפנעמען, ווער ווען איך וועל וועלן! דו גראָבער יונג, וואָס דו ביזט!

זאָגט ער: ניין, דו וועסט נישט!

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט—מיר האָבן זיך גוט צעקריגט. אָבער צו דער אַרבעט איז ער דאָך נישט געגאַנגען. און נאָכמיטאָג, אַהאַ! מען קלינגט. ווער איז? מר. בלום! אַ פיינער יונגערמאַן, ער פלעגט מיך אויסנעמען אַלע טאָג אין אויטאָמאָביל. אָך, האָסטו געדאַרפט זען, מינניע, ווי דער מאַן טרייבט עס אַ מאַשין! אַ חיות צו פאָרן מיט אים! וויל איך אים פאָרשטעלן פאַר מיין מאַן: נאָך אַלעמען, דאַרף דאָך די וועלט נישט וויסן, אַז מיר האָבן זיך ערשט געקריגט... וויל איך גיין אַרויסרופן מיין מאַן. ער איז אין שלאָפצימער. זאָגט צו מיר מר. בלום: וואָס, איר האָט אַ מאַן? פאַרשטייסט, מיניע, איך האָב פאַרגעסן אים צו זאָגן, אַז איך בין פאַרהייראַט... זאָג איך צו אים:—געוויס, האָב איך אַ מאַן... זאָגט ער:—וואו איז ער? זאָג איך:—ער פילט זיך עפּעס ניט מיט אַלעמען... ליגט אין בעט.—נו— זאָגט ער,—זאָל ער זיך ליגן געזונטערהייט! און אַליין זעצט ער זיך אַוועק און כאַפּט מיך אַרום און זעצט מיך אַוועק ביי זיך אויף די קני... איך רייס זיך, אָבער ער איז אַ גיבור. פון זיינע הענט, זאָג איך דיר, מינע, איז שווער זיך אַרויסצודרייען. מילא, זיץ איך און ער וויגט מיך... און וואָס בין איך דאָ שולדיק?

און דאָ עפנט זיך אויף די טיר און מיין מאַן קומט אַרויס, און ער דערזעט עס... און אַזאַ גראָבער יונג, איך האָב זיך אויף דעם גאָרנישט געריכט. ער פרעגט נישט: ווער, וואָס, ווען? נאָר ער גיט אַ טופּע מיטן פוס און שרייט אויס הויך אויפן קול:

—אַרויס!..

איך בין פאַרציטערט געוואָרן, ווייל איך ווייס, אַז ווען מר.
בלום גיט אים, מ יי נ ע ם, אַ נעם, צעמאָלט ער אים אויף זאַמד...
אָבער מר. בלום האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין סקאַנדאַלן, האָט ער
זיך אויפגעהייבן און איז אַרויס...

ווען יענער איז אַרויס, עפנט אויף מיר מ יי נ ע ר דאָס מויל:
דו, אַזוינע און אַזוינע!.. דו גייסט מיר אָנפילן אַ פול הויז מיט פּאָ-
ליובאָווניקעס! און די רציחה אין אים ברענט... און הערסטו, מיניע,
איך שווייג... ווייל וואָס וועל איך זיך דאָ גיין פאַרהערן מיט אַזאַ
נישט ציוויליזירטער חיה, מיט אַזאַ געמיינער בריאה, מיט אַזאַ גראָבן
יונג!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# א דאנק גאָט פאַר די ווייבער.

דינסטיק, אַ טאָג, ווען מיין ראַזירער איז פריי, גיי איך אַזוי אין גאַס, און אַהאַ—ער קומט מיר אַנטקעגן. ער האָט שוין מיך לאַנג נישט געזען. כאַפּט ער זיך מיט מיר אַרום און צערעדט זיך אויף זיין שטייגער:

—אַ גוטער מאָרגן אויף אייך! וואָס מאַכט איר? שוין אַזוי לאַנג זיך נישט געזען! וואָס זאָגט איר אויף היינטיקן וועטער? איר גאָלט זיך שוין אויך אַליין? אַ וועלט געוואָרן, אַלע גאָלן זיך אַליין.

איר איילט זיך? וואָס האָט איר קיין צייט נישט?

איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, ווען נישט די ווייבער, וואָלט געווען שלעכט! נאָר, אַ דאַנק גאָט, פאַר די ווייבער...

זינט עס איז געוואָרן ביי זיי אַ מאָדע צו שערן די האָר, איז ביי אונז געוואָרן אַ ביסל פרייליכער. אמת, מיט ווייבער איז שווערער אויסצוקומען, ווי מיט מאַנסבילי: אַ מאַנסביל, יו-נאָו, זעצט אים אַנידער, צימבלסט אים אָפּ, גיסט פאַר אים אַ דריי דעם שפּיגל, נעמסט צו די עטלעכע סענט—און פאַרטיק. ווייבער אָבער נודיען ארויס די נשמה... זייער שערן איז, דאַכט זיך, אַ העלפט אַרבעט, אָבער דאָך נעמט עס פיל לענגער.

זיי קאָנען נודיען, די ווייבער. אמת, עס זענען דאָ מענער, וואָס קאָנען אויך די מלאכה, פונקט ווי ווייבער. אָבער יענע זענען טאַקע קיין מענער נישט. מערסטנס זענען דאָס אַלטע בחורים. און אַלטע

בחורים זענען נישט קיין מענער—אלטע מוידן זענען זיי! ווייל א מאַן קאָן מען נאָר אָנרופן דעם, וואָס האָט שוין פאַרזוכט דעם טעם פון א ווייב, פון א יאָך, פון קינדער און צרות...

וואָס איילט איר זיך? איר האָט נאָך גענוג צייט!

דער הויפט-אומגליק מיט די ווייבער איז, וואָס זיי ווייסן נישט, וואָס זיי ווילן און זיי קאָנען זיך נישט באַשליסן. יע שערן, אָדער נישט שערן... דאָס הייסט, באמת ווילט זיך זייער שערן, ווייל מען ווערט פאָרט יינגער, אָבער דאָך איז אַן עבירה די דהאָר אויך... יאָ, איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: אַנדערע האָבן האָר, וואָס איז טאַקע אַ שאָד זיי אָפּצושניידן. איר ווייסט דאָך א „נאַש בראַט" איז דאָך גע-ווייגט צו דער שחיטה. פונקט, ווי אַ שוחט. מען ברענגט די בהמה — שניידט ער! אָבער דאָך פאַרכאַפּט דיר אַמאָל בײם הארצן. איך וועל אייך דערציילן דעם אמת. מיין ווייב וואָלט איך עס נישט געלאָזט טאָן... מיר געפעלט נישט אַ יידענע אָן האָר. איך זאָג זיך מיינס: קיין שכל האָסטו נישט און קיין האָר אויך נישט—קאָן מען דאָך שוין באַלד לעבן מיט א בהמה!.. אַ ווייב, יו-נאָו, דאַרף האָבן האָר. זי דאַרף פילן א יאָך אויפן קאָפּ, ווייל ווען מען נעמט ביי זיי ארונטער די האָר, הייבן זיי אָן שפּרינגען, ווי ציגן...

הערט, אַנומלט האָט ביי מיר געטראָפן אַזאַ געשיכטע:

עס קומט אריין אַ ווייבל. אַ גלאַט ווייבל, איך שווער אייך, אַז ווען מען מעג נעמען נאָך א ווייב—נעם איך זי איינס און צוויי: קומט זי אַריין, זי וויל אונטערשניידן די האָר. אָל-רייט! זעצט זי זיך אַוועק און נעמט פאַנאַנדער די דהאָר—אַ וואַלד! אַן אמתער וואַלד, זאָג איך אייך! נעם איך די שער, און עס טוט מיר באַנג: אַן עבירה מאַכן אַ תל פון אַזאַ קאָפּ! אָבער, יו-נאָו, פּרנסה איז דאָך פּרנסה— שווייג איך, ווייל ווען א „נאַש בראַט" זאָל זיך נעמען אריינלאָזן אין אַזעלכע חקירות, דאַרף ער לייגן די ציין אויפן פּאָליצע. שווייג איך— איין קרעכץ בלויז האָט זיך ביי מיר יאָ אַרויסגעריסן. מאַכט צו מיר דאָס ווייבל—וואָס קרעכצט איר, מיסטער? ענטפער איך:—איך קרעכץ, וואָס יידן האָבן נאָך נישט ארץ-ישראל. לאַכט זי און איך שער... אָל-רייט!

ווען איך האָב געענדיקט און זי איז אַרונטער פון דער שחיטה, נעמט נישט מיין ווייבל פלוצלונג און צעוויינט זיך? אָבער אַלץ הייסט אַ וויינען, אויפן קול... ווי מען וואָלט זי געקוילעט! האָב איך נישט

גע־וואוסט, וואָס צו טאָן... וואָס וואָלט איר געטאָן אין אַזאַ פאַל? שטייען מיר, איך און מיין אַרבעטער, און ווייסן נישט, וואָס צו טאָן. און דאָ האָט זי נאָך נישט באַצאָלט אויך...

אָבער דאָס איז נאָך ווייניק. זי הייבט פּלוצלונג אָן שרייען אויף מיר:

„ווער האָט מיר געהייסן איר אָפּשניידן די האָר? זי האָט עס נישט געוואָלט און זי וועט נישט באַצאָלן קיין סענט! איר מאַן וועט איר שלאָגן!

דערזע איך דאָך, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַט, הייב איך אָן טענהן:

„מיסיס! וואָס דרייט איר אַ ספּאָדיק! איך האָב דען נאָך אייך געשיקט? איר זייט דאָך אַליין געקומען! צו חתונה האָבן און צו שערן די האָר צווינגט מען נישט אין אַמעריקע... און איר זייט נישט קיין עופעלע... איר זייט שוין אַ דערוואַקסענע, קיין עין־הרע נישט... און אַן אַרבעטער איז נישט מער, ווי אַן אַרבעטער, געמאַכט אַ שטיקל אַרבעט—באַצאָל! און דאָס, וואָס איז שייך, אַז אייער מאַן וועט אייך שלאָגן,—זאָג איך,—טאָ קאָן איך אייך אויך נישט העלפן. האָט איר געזאָלט חתונה האָבן פאַר אַ מאַן, וואָס שלאָגט זיך נישט! אָבער, מיסיס, זאָג איך, איך גלויב נישט אין דעם, אַזאַ שיין ווייבל, ווי איר, שלאָגט מען נישט... און בפרט, ווען איר זייט איצט יינגער געוואָרן אויף גוטע צען יאָר... איר זעט אויס נישט מער, ווי אַן אַכצניעריקע, זאָג איך אַזוי לעבן...

אָט אַזאַ רעדע האַלט איך פאַר איר. און איר הערט? עס האָט געווירקט: מיין ווייבל האָט גענומען שמייכלען, און זי האָט באַצאָלט און אַוועק...

אָט אַזוי איז דאָס מיט די ווייבער. אָט לאַכט עס און אָט וויינט עס. עס איז נישט גרינג צו מאַכן פאַר זיי אַ לעבן, אָבער נאָך שווערער איז צו מאַכן פון זיי אַ לעבן!

## יעדער ייד איז א גיבור.

זעץ איך זיך אויף א באַנק אין בראָנקס-פּאַרק, זעצט זיך תיכּף צו מיר צו א ייד, א מיטל-יעריקער, א דאַרער, מיט א גרוי-געל בערדל, א לוסטריגענעם ברייטן, זומער-רעקל, און מיט א צייטונג אין האַנט.

זיצן מיר שוין ביידע אויפן באַנק.

און אז צוויי יידן זיצן אויף איין באַנק, מיינט עס שוין — באַקאַנטשאַפט.

באַקענען מיר זיך, דאָס הייסט, מיר הייבן גלייך אָן שמועסן.

פרעגט מיך דער ייד: נו, הא, וואָס זאָגט איר צו אונזער ברייטבאַרדן, אונזער שמשון הגיבור, הא?

—וואָס זאָל איך זאָגן?—ענטפער איך.—ער איז א גרויסער גיבור...

גיט דער ייד איין הוסט און נאָכדעם א צווייטן און א דריטן (און הוסטן הוסט ער קרעכצנדיק), כאַפּט אָפּ ענדלעך דעם אָטעם,ווישט זיך אָפּ דעם שווייס דווקא מיט א ריין טיכל און זאָגט אַרויס:

—יעדער ייד איז א גיבור...

—איך נישט,—לאַך איך.

—און איך יע,—זאָגט דער ייד תקיפדיק, אָבער מיט א הוסט.

איך קוק אָן דעם הוסטנדיקן יידן און טראַכט זיך, מן הסתם מיינט ער א גיבור אין הוסטן...

—איר גלויבט מיר נישט?—מאַכט דער ייד.—זאָג איך אייך, אז איר קענט מיר יע גלויבן... אָט ווי איר קוקט מיך אָן, הוסט איך, אוודאי הוסט איך, און איך האָב אַלעמאָל געהוסט, און מיין טאַטע האָט אויך

געהוסט און מיין ווידע, זאָגט מען, האָט אויך געהוסט—אָבער דאָך מיט גבורה האָט עס נישט צו טאָן... מען קען הוסטן און דאָך זיין אַ גיבור. איך בעריבם זיך נישט פאַר אייך, אָבער עס איז אַזוי... ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך, חוץ דעם הוסט, סתּם אַ מענטש אַ חלוש: איך שלאָף נישט, איך עס נישט. און נישט פון היינט, נאָר פון אַלעמאָל אַזוי און דאָך בין איך אַ גיבור און איך פלעג ווייזן גרויסע גבורות...

—און וואָס זענען באַשטאַנען אייערע גבורות? — ווער איך נייגעריק.

—איך וועל אייך דערציילן,—מאַכט דער ייד,—קכע, קכע! איני-דערהיים איז ביי אונז געווען אַ שענק. און ווייבאַלד אַ שענק, מיינט עס דאָך שיכורים. גוים פלעגן זיך אָנשיכורן, ווי חזירים קענען, און נאָכדעם נעמען מאַכן אַ סקאַנדאַל, ברעכן כלים, זיך שלאָגן איינער מיטן צווייטן, זיך קאַטשען אויפן פּאָדלאָגע, ווי חזירים קענען. נו, פלעג איך דולדן. איר פאַרשטייט, עס איז דאָך אַ פּרנסה אַזאַ, וואָס מען מוז דולדן פון חזירים, אָבער נאָכדעם פלעגט ביי מיר פּלאַצן דאָס געדולט און איך פלעג נעמען ווייזן גבורות—קכע, קכע! איך דערצייל דאָ אייך נישט קיין גוזמאות, אָבער איך פלעג נעמען וואַרפן די גוים איינציקווייז ממש, ווי די היגע קינדער וואַרפן די פּילקע... און איך האָב שוין דאַן אויך געהוסט. און איך וועל אייך נישט זאָגן קיין גוזמאות, נאָר איך פלעג אין אַ משך פון צען-פופצן מינוט אָפּריי-ניקן דאָס הויז, אַזוי נקי, ריין, נישטאָ מער קיין חזירים!.. און די גוים, דאַרפט איר וויסן, זענען נישט געווען קיין שיפּע-זיבעלעך, נאָר געזונטע גוים, איינס אין איינס, ווי חזירים קענען, גיבורים, אַ גוי צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי איך, און דריי מאָל אין וואָג, ווי איך, די אמתע גוים, ווי חזירים קענען...

—ווי אַזוי זשע פלעגט איר עס באַווייזן אַזאַ קונץ?—וואונדער איך זיך.

—ווי אַזוי?—מאַכט דער ייד.—אָט דאָ ליגט טאַקע די גבורה, די יידישע גבורה. איר מיינט, אַז גבורה ליגט אין כּוח?—דאָס מיינען אַזוי די גוים. ניין, גבורה ליגט אין גייסט, אין רוח! איך פלעג מיינע חזירים וואַרפן מיט גייסט, מיט פסוקים... פסוקים פון תּהלים. איך פלעג דערביי גאָר טראַכטן פון רבונו של עולמס גבורות—אָט דאָ ליגט דער שׂכל!..

און איר האָט געדאַרפט זען, ווי די חזירים פלעגן עס ציטערן

פאַר מיר אימת־מות... זיי פלעגן שוין וויסן, אַז ווען איך האָב געהייסן ווערן שטיל, אָדער פאַרלאָזן דעם שענק, האָט מען מיך געמוזט פאָלגן, און ווען נישט, וואַרף איך אָן רחמנות... איך וואַרף!..

ער האָט זיך אָפּגעקערט, זיך ווידער פאַרהוסט אַזוי אויף אַ היבשער ווײַלע, און איך האָב אַרײַנגעכאַפּט און געפרעגט:

—נו, וואָס דענקט איר, זישע ברײטבאַרד איז אויך אַזוי?

—אַזוי, אַזוי,—ענטפערט דער ייד,--אַנדערש קען עס גאָרנישט זײַן... אָט די „צײַטונג שרײַבט, אַז ער קלאַפּט אַרײַן אַ טשוואָק מיט דער הוילער האַנט אין האַרטסטן האָלץ פון טיש. נו, איז מײַנט איר דאָך, אַז ער טוט עס מיט דער הוילער האַנט ממש?—ניין! ער טוט עס מיט גײַסט, מיט אַ פּסוק... און דאָס, וואָס ער ברעכט אײַזן—איז אויך מיט פּסוקים... און אַלע זײַנע גבורות זענען מן הסתם מיט גײַסט, ווײַל גלאַט אַזוי כּוח איז גאָרנישט... ווײַל וואָס איז אַ מענטש און וואָס איז זײַן כּוח? קכע־קכע! איך זאָג אײַך, אַז יעדער ייד איז אַ גיבור, יעדער ייד... פאַרוואָס? ווײַל מיר האָבן רוח, גײַסט... ווײַל מיר זענען נישט קיין גוים... יעדער ייד איז אַ גיבור!..

—איך נישט!—האָב איך ווידערהאָלט איין פּסוק מיט אַ שמייכל.

—און איך יע! — מאַכט דער ייד און פאַרנעמט זיך אין אַ טיפן הוסט.

## מען וועט מוזן בייסן.

איך האָב אַ באַקאַנטן בחור, אַן עלטערער בחור, אַ גרויסער פּעסימיסט, האַלט נישט פון פרויען, און, אויסערדעם, קורירט ער זיך שטענדיק אויפן מאָגן, און האָט שרעקלעך ליב צו פילאָזאָפירן. באַגעגן איך אים אַנומלט זייער אַ פריילעכן, אַן אויפגעלייגטן, כמעט אַן אָפּטימיסט. פרעג איך אים:

—וואָס איז מיט אייך די שמחה, מר. יאָסלמאַן? אפשר חתונה געהאַט?

ענפערט ער מיר נישט, נאָר רוקט מיר אונטער אַ שטיקל ציימונגס-אויסשניט: נאַט לייענט!

נעם איך דאָס שטיקל ציימונגס-אויסשניט און לייען: „אַ מאַן בייסט אָפּ זיין פרוי די נאָז”. לייען איך עס איבער און רוף אויס שטאַרק פאַרוואונדערט:

—נו, איז וואָס גייט עס אייך אָן?

—פאַר מיר איז דאָס אַ גרויסע שמחה,—רופט ער אויס זייער צופרידן,—איך האָב עס שוין לאַנג פאָראויסגעזען און דערוואַרט.

—וואָס האָט איר פאָראויסגעזען?—פרעג איך.

—אַז מען וועט מוזן בייסן!—שרייט ער אויס.—אַז סוף כל סוף וועלן די מענער נישט קאָנען מער אויסהאַלטן און זיך נעמען צו די ווייבערשע נעזער!

—וואָס עפּעס די נעזער?—קוק איך אים אָן אַ ווילדן.

—ווייל, די נעזער זענען דאָס ערגסטע ביי פרויען. נאָך ערגער, ווי די ליפּעלעך,—האַקט ער מיך אָפּ.

—פאַרוואָס?—לאַך איך.

—ווייל,—ווערט ער שוין היציקער און בייזער,—דער גאַנצער בלאָף פון רויען-געשלעכט ליגט אויסגעלייגט אויף זייערע נעזער.

—צום ביישפּיל?—פרעג איך.

—צום ביישפּיל?—זאָגט ער.—איך קען אייך ברענגען אַ סך ביישפּילן. אָט נעמט, צום ביישפּיל, זייער גוטסקייט, זייער איידלקייט. ווען נישט די נאָז, וואָלט מען געקענט אפשר וויסן, ווער פון זיי איז שלעכט און ווער נאָך ערגער, אָבער די נאָז פאַרדעקט עס. זיי קענען אַזוי פאַרשטעלן זייערע נעזלעך, פונקט ווי מלאכים. אַזעלכע איידעלע, דינינקע, פיין געשניצטע! אָבער פּרוּווירט נאָר זיך מיט זיי פאַרטשעפּען און באַלד ווערן זייערע נעזלעך פאַרוואַנדלט אין קאַלכאויוונס. עס זידט און עס ברענט און די גאַנצע רציחה זייערע ווערט אָנגעזען אויפן נאָז. די באָזלעכער צעשפּרייטן זיך—אמתע טייוואָלים. זיי זענען דאַן גרייט אויף אַלץ!

—איר זאָלצט אַ קאַפּיטשקע איבער,—זאָג איך.

—איך זאָלץ קיינמאָל נישט איבער,—זאָגט ער,—איך דערזאָלץ אפשר נאָך נישט. איר הערט? איך זאָג זיך מיינס, אַז נאָר מיט זייערע נעזלעך נעמען זיי די מענער. פריער פון אַלץ דערשמעקען זיי אונזערע שוואַכע פונקטן, און נאָכדעם באַצויבערן זיי אונז מיט די מלאכים-נעזלעך. און דאַן ערשט הייבן זיי אונז אָן פירן פאַר די נאָז. האָב איך נישט רעכט?

איך האָב געלאַכט פון זיין פילאָזאָפיע, און ער האָט ווייטער גע-דונערט:

—איך זאָג אייך, ווען נישט זייערע נעזלעך וואָלטן מיר געווען גליקלעכע מענטשן אויף דער וועלט. זיי פודערן אָן די נעזלעך און מיר, מענער, ווי די שעפּסן, לויפן זיי נאָך און באַמערקן גאָרנישט דעם בלאָף. אָפּבייסן האָט מען זיי געדאַרפט אַלעמען די נעזלעך!—אָט וואָס! דאַן וואָלטן מיר אויסגעלייזט געוואָרן פון גלות-פרוי.

—איז ווען זשע וועט איר זיך נעמען דערצו?—לאַך איך.

—לאַכט נישט, אייך איז גוט צו לאַכן,—מאַכט ער,—איר ווייסט גאָרנישט, ווי איך לייד דערפון. איך קען אַלץ איבערטראָגן פון זיי, אָבער נאָר נישט זייערע נעזלעך... די אָנגעקאַלכטע, פאַרפּוצטע, כאַר-

ריסענע און פאַלשע! און דערהויפּט, ווען די מיאוסע פון זיי קאַלכן זיך נאָך אָן די נעזלעך—דאַן איז אַ שרעק. נישט איינמאָל האָט זיך מיר געוואָלט זיך וואַרפן אויף אַזאַ באַשעפעניש און מאַכן אַ סוף צו איר נאָז.

—איר וועט נאָך אַמאָל זיצן אין טורמע!—באַמערקט איך.

—עס איז אַלץ ווערט,—מאַכט ער.—טורמע איז טורמע. אָבער ווען אַ סך מענטשן, נעזערבייסער, וועלן זיצן, וועט די וועלט ענדלעך דערלייזט ווערן...

—אמן, ובא לציון גואל—זאָג איך.

# ארום דער מילכמאן.

זיצן צוויי ווייבער אויף די טרעפ פון א הויז, אויף מעדיסאָן סטריט, שטייף צוגערוקט איינע צו דער צווייטער און שושקען זיך...

—אז איך זאָג אייך, בעסי, אז זי איז אן אויסגעלאסענע, ווייס איך, וואָס איך רעד... איך זאָג אייך, אז עס איז פשוט א שאנדע צו וואוינען מיט איר אין איין הויז.

—וואָס, מען האָט זי דען געכאַפּט?

—וואָס פרעגט איר, בעטעניו, געוויס! אז איך זאָג, רעד איך עס נישט פון פוסטן פאס.

—צו איר קומען טאקע אריין?..

—געוויס!

—איר האָט עס אליין געזען?

—און אז נישט, איז מיר שלעכט? אז איך זאָג, ווייס איך, וואָס איך זאָג!

—ווער האָט עס אייך דערציילט, פלאָרינקע?

—מען האָט שוין דערציילט! דער ריכטיקער מענטש האָט שוין דערציילט!

—אָבער איך וויל דאָך אויך זייער וויסן, פלאָרינקע, ווער דאָס איז?

—עס וועט בלייבן א סוד?

—איך שווער אייך.

—נו, האָט עס מיר דערציילט אונזער מילכמאַן.
—אונזער מילכמאַן?
—יע, דו ווייסט דאָך, יעדן דינסטיק קומט ער נאָך געלט, נו, קומט ער, און ביז איך גיב אים דאָס געלט, זעצט ער זיך דערווייל צו און דערציילט מיר אַן מעשיות וועגן דעם און יענעם... ער איז זייער אַ פריילעכער יונג, דער מילכמאַן אונזערער, און אַ וואוילער איז ער אויך דערצו...
—איז וואָס זשע האָט ער אייך דערציילט, פלאָרעניו, וואָס?
—ער האָט מיר דערציילט, אַז ער לעבט מיט איר אַ חזירשן טאָג...
—מיט וועמען?
—וואָס הייסט, מיט וועמען?—מיט פענין!—מיט אונזער שכנה! אַז גלייך ווי ער קומט צו איר אַרויף, וואַרפט זי זיך אים אַרום האַלז און לאָזט אים שוין נישט אַוועקגיין...
—ווער?
—וואָס פרעגסטו, בעסי, אַלע ווילע ווער?—איך רעד דאָך פון פענין, רעד איך דאָך!..
—אַהאַ! פון פענין! און איר מיינט, פלאָרעניו, אַז מען דאַרף דעם מילכמאַן אַלץ גלויבן?
—איך קענט אים נישט גלויבן, עס איז נישט מיין עסק, נאָר איך גלויב אים, ער איז אַן אָרנטלעכער יונגערמאַן, דער מילכמאַן. ער רעכנט קיינמאָל נישט איבער, ווי אַנדערע.
(פויזע).
—ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך דערציילן, פלאָרע?
—וואָס?
—איך האָב דאָס אייך נישט געוואָלט דערציילן, נאָר אַז עס איז געקומען צו רייד—רעד איך...
—נו, דערציילט שוין!
—נעכטן האָב איך מיט איר גערעדט.
—מיט וועמען?
—מיט פענין?
—נו?
—און ווייסט איר, וואָס זי האָט מיר דערציילט וועגן אייך?
—וועגן מיר?

—יע, וועגן אייך.

—וואָס קאָן זי, די חצופה, דערציילן וועגן מיר. איך האָב דען מיט איר ביזנעס!

—איך ווייס נישט, נאָר זי האָט מיר דערציילט, אַז דער מילכמאַן האָט איר דערציילט...

—וואָס?

—אַז... ער איז מיט אייך אַ גאַנצער מחותּן... אַז איר הענגט זיך אויף אים... אַז איר זייט גרייט מיט אים יעדן טאָג אַנטלויפן און איבער־לאָזן דעם מאַן...

—עס איז אַ ליגן... די חצופה האָט עס אויף מיר אויסגעטראַכט... איך וועל איר נישט שווייגן!..

—איך וואָלט איר טאַקע נישט געשוויגן!...

(פּויזע).

—אָבער, ווייסט איר, בעסי,—רופט זיך אָן פלאָרע,—וואָס זי האָט מיר דערציילט וועגן אייך?

—וואָס קען זי דערציילן וועגן מיר? וואָס? און וואָס האָט די פּאַסקודסטווע צו רעדן וועגן מיר, איך בין דען אירס גלייכן?

—דער טייוול ווייס איר... אָבער זי האָט מיר דערציילט, אַז דער מילכמאַן האָט איר דערציילט...

—וואָס!..

—אַז... ער איז בײַ אייך אין הויז אַן אייגענער מענטש, און אַז ער גיט אייך פּוטער און פּוטער־מילך... אָן אַ סענט געלט...

—זאָל ער אַזוי איר נישט ברענגען, ווי ער ברענגט מיר נישט!

—אָבער... דאָס איז נאָך נישט אַלץ.

—וואָס נאָך האָט זי אייך אָנגעפּלוידערט, די צויג? איך וועל איר די האָר אויסרייסן!

—זי האָט מיר דערציילט, אַז אייער מאַן האַלט אייך בײַ געבן אַ גט... אַז ער ווייס שוין פון דער גאַנצער געשיכטע מיטן מילכמאַן...

בײַ די רייד קומט אָן פּעני. אַלע דרײַ ווײַבער קוקן זיך אָן איינע די אַנדערע. שיסן אַלע ארויס מיט איין מאָל און... וואָס ווײַטער איז געווען, ווייס איך נישט גענוי, ווייל ווען איך בין אַוועק, זענען זיי נאָך געלעגן איינע די צווייטע אין די האָר...

## גבירעשאפט און טויט.

זיצן זיך צוויי עלטערע יידן אויף די טרעפלעך פון א הויז אין העברי סטריט און שמועסן.

—אויף מיין ווארט, גדליה, שלמה המלך איז געווען גערעכט, ווען ער האט געזאגט: הכל הבל. אט נעמט אזא גביר א ייד, ווי יעקב שיף, נעמט ער און שטארבט אויך אוועק.

—אבער פונדעסטוועגן וואלט איך געוואלט אויך אזוי שטארבן, ווי ער!—רופט זיך אן גדליה.

—וואס איז די מציאה?—זאגט שלמה-ברוך.—געשטארבן איז געשטארבן. אויף מיין ווארט, דיזעלבע זאך!

—דיזעלבע און פארט נישט דיזעלבע!—חקירהט זיך גדליה.—א קאץ פגרט, א גוי פגרט און, להבדיל, א ייד, שטארבט. עס איז אבער נישט גלייך. עס איז א גרויסער חילוק. און בפרט, ווען א נגיד שטארבט, איז אוודאי א חילוק. דזשייקאב שיף, שרייבן די בלעטער, האט געקראגן די גרעסטע לוויה.

—נו, איז וואס?—טענהט שלמה-ברוך.—און אז די גרעסטע לוויה איז וואס? נו, איז מער מיט א פערד און אן אויטאמאביל! און וואס האט ער דערפון? ער קאן דאך דאס אלצאיינס נישט זען!

—זען!—שלאגט אים איבער גדליה.—וואס דארף ער זען! עס איז גענוג, אז די משפחה זעט! די וועלט זעט!! אפילו ביים לעבן לעבט דאך א מענטש, נאר כדי יענער זאל זען... זאל יענער זען,

ווי שיין איך עס, ווי שיין איך וואוין, ווי שיין איך קלייד זיך!..
זאָל יענער זען, וואָס פאַר אַ שיין ווייב איך האָב! היינט באַטראַכט
נאָר, אַז דזשייקאָב שיפּן האָט מען נישט מקבר געווען, פּונקט ווי
מען וועט אונז מקבר זיין. אונז וועט מען אַריינרוקן אין אַ לאָך און
געפּטרט פון עסק. און ער ליגט אוודאי אויף אַ גאַנצן בית-עולם
פאַר זיך אַליין.

—און פונוואַנען ביזטו דאָס אַזוי זיכער, אַז שיף האָט אַ גאַנצן
בית-עולם פאַר זיך?—וויל וויסן שלמה-ברוך.

—וואָס, ביי דיר איז נאָך דאָ ספיקות? יעדער גביר האָט אַ
בית-עולם פאַר זיך אַליין!—זאָגט גדליה.—אברהם אבינו איז געווען
אַ סך אַ קלענערער גביר, ווי שיף, האָט ער אויך געהאַט אַ גאַנצע
מערת המכפלה!

גיט ר׳ שלמה-ברוך אַ פעסימיסטישן שאָקל מיטן קאָפּ און זאָגט:

—מניע! זאָל זיין, ווי דו זאָגסט, אַז גאַנצן בית-עולם. נו, איז
וואָס? הבל הבלים! איך ווער דערפון קנאַפּ וואָס נתפעל... וואָס
טויג פאַר אַ מת—רחבות!

—זיי מיר מוחל, שלמה-ברוך, נאָר דו רעדסט נאַרישקייטן! דו
זאָגסט, אַז פאַר אַ מת איז אַלצאיינס — אָבער פונוואַנען ווייסטו עס?
אָט, גלויב איך, אַז עס איז נישט אַלצאיינס. אַ מת, וואָס האָט אַ
בית-עולם פאַר זיך, גלויב איך, איז דאָרטן אויך מער יחסן, ווי איי-
נער, וואָס האָט בלויז אַ גרוב אויפן בית-עולם.

—און איך זאָג דיר, גדליה, אַז עס איז אַלצאיינס. הבל הבלים!
איין יחסן! ווייל ווען עס איז, ווי דו זאָגסט, איז וואָס וואָלט גע-
ווען דער חילוק פון דער וועלט און יענער וועלט?

—און ווער האָט דיר געזאָגט, אַז עס איז אַ חילוק? אויך אויף
יענער וועלט זענען דאָ צדדים און יחוס, און אויך דאָרטן מוז מען
קומען מיט תקיפות...—זאָגט טריומפירנדיק שלמה-ברוך.

—אויב עס איז, ווי דו זאָגסט, דאַן גלויבסטו דאָך נישט אין
עולם-הבא!—דערשרעקט זיך גדליה.

—עולם-הבא?—שרייט אויס שלמה-ברוך.—וואָס מיינסטו, וואָס?
איך גלויב, אַז עולם-הבא איז דאָ נאָר אין אייראָפּע, אָבער דאָ, אין
אַמעריקע, איז דאָ בלויז עולם-הזה! עולם-הזה אונטן און עולם-
הזה אויבן!

(פויזע. ביידע פֿאַרטראַכטן זיך).

—זאָג מיר נאָר, גדליה, איז דאָס טאַקע אמת, וואָס די בלע־טער שרייבן, אַז שיף איז געווען אַ פרומער ייד?

—אוודאי אַן אמת,—זאָגט גדליה מעשה אויטאָריטעט,—די בלע־טער בלאָפֿן טאַקע, אָבער דאָסמאָל—ניישט. דזשייקאָב שיף איז געווען זייער אַ פרומער ייד. ער פֿלעגט דאַווענען יעדן טאָג, לייגן תפילין. און דערהויפּט, זאָגט מען, האָט ער געהיט די מצווה פֿון נטילת־ידים. ביי אים אין קאַנטאָר, זאָגט מען, זענען געווען געמאַכט בלויז קראַנען און קראַנען אין די ווענט. ער האָט זייער געהיט די מצווה פֿון נטילת־ידים!

—הערסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן,—צעלאַכט זיך פּלוצלונג שלמה־ברוך,—ווען איך בין אויף שיפֿס פּלאַץ, דריי איך זיך אויס פֿון טויט.

—ווי אַזוי?—וואונדערט זיך גדליה.

—איך וואָלט געדונגען אַ מענטשן, וואָס זאָל שטאַרבן פֿאַר מיר,—זאָגט שלמה־ברוך.

ביידע יידן ווערן צעטשוויגן, פֿאַרטראַכטן זיך, קרעכצן און צו־גייען זיך.

## אז עס זענען נישטאָ קיין מתים, דאַרף

## מען קיין לעבן נישט מאכן?

אַנומלט דריי איך זיך אַזוי אַרום איבער די גאַסן. מיטאַמאָל דערזע איך, ווי אַ ייד שטייט אויף אַן עק גאַס, קלאַפּט אין אַ פּושקע און רופט: „צדקה תציל ממות".

איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר דער ייד האָט מיך פאַראינטערעסירט. פאַרוואָס? אפשר ווייל דער ייד האָט געהאַט אַ פּאָר קלוגע אויגן, אפשר צוליב זיין מאָדנע שטים, מיט וועלכער ער האָט אויסגערופן.

קוק איך אַזוי—און נאָכדעם פאַלט מיר איין: און וואו איז די לוויה?

מען זעט דאָך דאָ גאָר קיין לוויה נישט.

אפשר איז די לוויה שוין אַוועק? טראַכט איך און בלייב ווייטער שטיין. שטיי איך אַזוי ביי אַ צען מינוט און דער ייד שטייט נאָך אַלץ און קלאַפּט... וויפל איז דער שיעור?—זאָג איך זיך—און איך גיי צו אים צו נענטער, וואַרף אַריין אַ ניקל און פרעג:

—מיסטער, ווער איז דאָ געשטאָרבן? און וואו איז די לוויה?

ער קוקט מיך אָן אַ ווײַלע, באַטראַכט מיך, און זאָגט אַרויס מיט אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן:

—מיסטער, און אַז עס איז גאָר קיין לוויה נישט געווען, איז אייך שלעכט?

—וואָס הייסט?—וואונדער איך זיך.—איז דאָ היינט גאָר קיינער

נישט געשטאָרבן אָט דאָ אויף דער גאַס?

—ניין!—זאָגט ער.—היינט נישט!

—און וואָס זשע שטייט איר דאָ און קלאַפּט מיט דער פּושקע?—וואונדער איך זיך נאָכמער.

ער קוקט מיך אָן, ווי מען קוקט אָן אַ נאַרוון יינגל און זאָגט:

—איך פרעג אייך, מיסטער, וואָס איז די נפקא מינה, ווען און וואו אַ מענטש שטאַרבט? איז נישט היינט, איז עמעצער נעכטן געשטאָרבן. איז נישט דאָ, איז ערגעץ אַנדערש...

—מאָלט זיך,—זאָג איך,—עס איז שוין יע אַ שטיקל נפקא מינה. איר קאָנט דאָך נישט קלאַפּן אין פּושקע אויף אַ טויטן, וואָס איז געשטאָרבן אין בראָנזוויל.

—וואָס הייסט, מען קאָן נישט?—מאַכט ער צו מיר און זיינע אויגן שמייכלען.—אָט זעט איר דאָך, אַז מען קאָן יע! וואָס מיינט איר,—הייבט ער אויף זיין שטים,—איך וועל שטיין און וואַרטן ביז עמעצער וועט שטאַרבן דווקא אין מיין געגנט? איך וועל שיין אויסזען!

—אָבער,—מאַך איך,—ווען מענטשן וואָלטן עס געוואוסט, וואָלטן זיי עס געהאַלטן פאַר אַ שווינדל!..

—אַ שווינדל?—מאַכט ער און ווערט גאַנץ ערנסט.—וועמען באַשווינדל איך דאָ?.. איך פאַרשטיי נישט... מענטשן שטאַרבן, וועט איר דאָך נישט לייקענען... און אַז צדקה לייזט אויס פון טויט, וועט איר דאָך אויך נישט וועלן לייקענען... עס שטייט דאָך בפירוש... און אַז אַזאַ ייד, ווי איך, דאַרף מאַכן אַ לעבן, וועט איר דאָך אויך צוגעבן—היינט, פרעג איך אייך, וואו ליגט דאָ דער שווינדל? הא?

איך שאָקל צו מיטן קאָפּ, דעם יידנס טענות געפעלן מיר.

—און שטעלט אייך פאָר, מיסטער,—מאַכט ער,—אַז אַ וואָך צייט שטאַרבט גאָר קיינער נישט... נישטאָ קיין מתים, דאַרף איך קיין לעבן נישט מאַכן?

—אַ לעבן דאַרף מען מאַכן אַלעמאָל,—גיב איך צו מיט אַ שמייכל,—אָבער מאַכט איר כאָטש?

— מניע! — מאַכט ער.—מאָלט אייך, עס זענען דאָ בעסערע פרנסות אויף דער וועלט... נאָר, אלא, וואָס דען? נישט פאַר מיר!..

ווי איר קוקט מיך אָן, קלייב איך זיך שוין אויך באַלד אַהין... נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר—און היידאַ! דערפאַר פיל איך בעסער צו אַר־בעטן מיט דער פושקע... אַ נאָענטע זאַך... קיין גביר קען מען נישט ווערן... נאָר אַ לעבן קלאַפּט זיך אויס... און, משטיינס געזאָגט, וויפל דאַרף האָבן אַזאַ מענטש, ווי איך?.. צדקה תציל ממות!—האָט ער ווידער גענומען רופן מיט אַ מאָדנע שטימע.

איך האָב אַריינגעוואָרפן נאָך אַ ניקל און זיך געלאָזט גיין.

# „הינזיכטן“.

איך האָב אַ באַקאַנט מיידל פון די אינטעליגענטקעס. איך באַגעגן זיך מיט איר גאַנץ אָפט, גייענדיק צו דער אַרבעט און מיר רעדן זיך דורך. און אַלעמאָל, ווען זי גייט אַוועק, בלייבט מיר אַ טשאַד אין קאָפּ און איין וואָרט—„הינזיכטן“. לעצטע וואָך באַגעגן איך זי. באַגריס איך זי און זאָג:

—וואָס מאַכט איר עפּעס?

—אָל-רייט,—ענטפערט זי,—אָבער אין וואָסערע הינזיכטן מיינט איר?

—בכלל,—ענטפער איך.

—איר פאַרשטייט מיך,—זאָגט זי,—נישט אין אַלע הינזיכטן איז גלייך. אין אייניקע הינזיכטן בין איך אָל-רייט. אין אייניקע הינזיכטן נישט.

—צום ביישפּיל?

—צום ביישפּיל,—רעדט זי טויט ערנסט, ווי פון אַ בראָשורע,—וואָס אַנבאַלאַנגט גייסטיקע הינזיכטן, איז נישקשה. איך לייען דעם „קאַמף“, איך גיי אויף קאָנצערטן און פאַרברענג גוט אין אַלע הינזיכטן. אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט אַרבעט, איז נישט גוט אין קיינע הינזיכטן.

לאָך איך: וואָס דאַרף אַזאַ מיידל, ווי איר, זאָרגן וועגן אַרבעט? אין ליבע גייט אייך?

—אין ליבע?—זאָגט זי און רויטלט זיך.—איך קאָן זאָגן, אַז אין

אייניקע הינזיכטן גלויב איך נישט אין ליבע.

—אין וואָסערע?—פרעג איך איר.

—אין די הינזיכטן פון גייסטיקער ליבע,—זאָגט זי.

—וואָס צום ביישפיל?

—צום ביישפיל,—זאָגט זי,—אָט נעמט אַ בחור, און אין וואָס פאַר אַ הינזיכטן גייט ער מיט אַ מיידל? אין די הינזיכטן פון חתונה האָבן, פון קערפּערלעכע הינזיכטן. הייגט וואָס איז דאָס פאַר אַ ליבע מיט אַזעלכע הינזיכטן?

—אין אַ געוויסער הינזיכט,—הינזיכטיווע איך שוין אויך,—שטים איך מיט אייך איין.—וואו וואוינט איר?

—אין אַ געוויסער הינזיכט וואוין איך נאָך אַלץ אין האַרלעם,—ענטפערט זי,—כאָטש פאַרשטייט איר מיך, אַז אין אַלע הינזיכטן האָב איך אַ שלעכטן צימער. געוואָלט האָב איך וואוינען אין די בראָנקס, ווייל דאָרטן, זאָגט מען, איז אין אַלע הינזיכטן גאָר אַנדערש... אין געוויסע הינזיכטן בעסערע לופט און בעסערע מענטשן. אָבער געוויסע הינזיכטן דערלאָזן מיך נישט דערצו.

איך וויל שוין נישט נאָכפאָרשן די געוויסע הינזיכטן, און איך גיי אַריבער אויף אַן אַנדער טעמע. אפשר וועל איך זיך באַפרייען פון די הינזיכטן. איך פרעג זי:

—און אין קאַנטרי זייט איר הייניקן זומער געפאָרן?

—אין קאַנטרי?—זאָגט זי.—אין געוויסע הינזיכטן האָב איך געוואָלט פאָרן אין קאַנטרי, נאָר געוויסע הינזיכטן האָבן מיך נישט דערלאָזן.

—וואָס פאַר אַ הינזיכטן?

—געלט,—זאָגט זי,—און נאָך אַנדערע הינזיכטן.

איך פרעג שוין נישט, וואָס די אַנדערע הינזיכטן זענען, ווייל איך הייב זיך שוין אָן שרעקן פאַר דעם וואָרט „הינזיכטן" און איך געזעגן זיך שנעל מיט איר אָפּ.

—גוד בײַ,—זאָג איך,—איך דאַרף דאָ אַריינגיין!

—גוד בײַ,—זאָגט זי,—אין געוויסע הינזיכטן איז מיט אייך אינטערעסאַנט צו רעדן.

איך מאַך פּיס...

# צום פסוק נישט געקומען.

עס האָט זיך געעפנט אַ פענסטער, און תיכף נאָך אַ פענסטער פון אַ הויז אַנטקעגן. אין די פענסטער האָבן זיך באַוויזן צוויי יונגע פרויען-קעפּ און עס איז אַוועק אַ שמועס:

—נו, וואָס זאָגט איר נישט צו דעם?

—צו וואָס?

—צו דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט נעכטן ביינאַכט אין אייער הויז?

—אין אונזער הויז? וואָס האָט פּאַסירט? זעט נאָר, זעט—איך ווייס גאָרנישט!

—איר זאָלט נישט וויסן!

—אַז איך שווער אייך, איך ווייס נישט!.. איך גיי שוין דעם דריטן טאָג נישט אַרויס פון הויז!

—וואָס איז מיט אייך?

—איר ווייסט גאָרנישט? מיר שטעכט שוין דער דריטער טאָג אין אַ זייט, נישט פאַר אייך געדאַכט... עס שטעכט!

—זעט נאָר, זעט, און איך ווייס גאָרנישט! פאַרוואָס האָט איר מיר נישט אָנגעזאָגט? האָט איר שוין געהאַט דעם דאָקטאָר?

—איין דאָקטאָר? שוין צוויי דאָקטוירים געהאַט!

—שוין צוויי! צו וואָס?

—איר קענט דאָך מיין בענין, ער איז אַן אויסברענגער. ביי אים אַ דאָלאַר איז אַ ממזר. גייט ער פריער און ברענגט אונזער שטענ-

דיקן דאָקטאָר, דאָקטאָר בלאָנדמאַן, איר קענט דאָך אים...

—אָט דער, וואָס וואוינט מיט אַ פרעמד ווייבל?

—דר. בלאָנדמאַן לעבט מיט אַ פרעמד ווייבל? זעט איר, און איך ווייס עס גאָרנישט!

—איר ווייסט נישט? עס איז דאָך שוין אַן אַלטע געשיכטע! די גאַנצע וועלט ווייסט עס שוין! פאַר זיין ווייב האָט ער געקויפט אַ הויז אין קוני איילאַנד און ער אַליין האָט דאָ אַ דירה אין בראָנקס, און וואוינט מיט דער ווייבל, דער אויסוואורף.

—ווער איז דאָס ווייבל?

—ווער?—אַן אויסוואורף! איבערגעלאָזט אַ מאַן מיט צוויי קינדער אין בראָנזוויל און אַוועק וואוינען מיטן דאָקטאָר!

—אין איך האָב עס גאָרנישט געוואוסט! ווען איך ווייס, לאָז איך אים אין הויז נישט אַריין...

—און וואָס מיינט איר, אַנדערע דאָקטוירים זענען בעסער? איר קענט דעם דאַנטיסט, דר. בלומענטאַל, דער, וואָס וואוינט אויף אוגזוער גאַס?—איז לעבט ער מיט אַ שיקסע!

—מיט אַ שיקסע גאָר?

—יע, יע, מיט אַ שיקסע, אַ בלאָנדע, אַן איירישע, זייער אַ שיינע!..

—און זיין ווייב ווייסט דערפון?

—וואָס זשע דען, זי ווייסט נישט? נאָר וואָס קען זי זיך העלפן?

—איך וואָלט זיך שוין יאָ געהאָלפן.

—וואָס וואָלט איר געטאָן?

—איך וואָלט זיי ביידן אָפּגעגאָסן מיט קאַרבאָל... דאָס איז דאָס בעסטע.. זאָלן זיי װיסן...

—עס רעדט זיך גאָר אַזוי, עס איז גרינג צו רעדן—נעמען און אָפּגיסן... וואוהין פאַרט איר היינטיקס יאָר?

—זאָל איך אַזוי וויסן בייז: מיינער וויל אין די בערג און איך וויל צום ים!...

—אייער מאַן איז גערעכט: אין די בערג איז בעסער.

—און מיר זענען שוין די בערג נמאס געוואָרן: זיץ און וואַרט אויפן גליק! ביים ים איז כאָטש נישטאָ קיין גליק...

—נו, איז דאָ זאַמד... און עס קריכט אויך גוט אַרײַן אין די בײנער...

—זאַמד?—מיך אַרט נישט פֿאַר זאַמד... איך האָב זיך ליב צו באָדן...

—באָדן? דאָס גליק, וואָס מען האָט פֿון באָדן זיך! מען ווערט מאָגער, ווי אַ שפּענדל, און מאַנסבילן האָבן פֿײַנט מאָגערע ווײַבער... כי-כי-כי... איך האָב נישט ליב צו באָדן זיך. זינט עס האָט זיך פֿאַראַיאָרן דערטרונקען מײַנס אַ באַקאַנט מײדל, קען איך נישט קוקן אויפֿן ים.

—דערטרונקען?

—יע, דערטרונקען!

—אַז מען דאַרף קריגן דעם טויט, קריגט מען אים אין „קאָנטרי" אויך... אָט איז צו אונז פֿאַראַיאָרן אין די בערג געקומען אַ יונג ווײַבל, אַ שײנהייט און אַ לוסטיקע דערצו, אַלע האָבן זי ליב געקראָגן. איז זי גלײך דעם ערשטן טאָג אַוועק מיט אַ מאַשין, האָט געטראָפֿן אַן אומגליק, די מאַשין איז אַרײַנגעפֿאַלן אין קאַנאַווע... זענען אַלע געבליבן לעבן און געקומען צו מיטאָג און זי איז דערהרגעט געוואָרן...

—יע, יע, די מאַשינעס זענען אַן אומגליק...

—איר ווײסט, ווער עס האָט געקויפֿט אַ מאַשין?

—ווער?

—איר געדענקט דאָס רויטע ווײַבל, די, וואָס האָט פֿאַר צוויי יאָר געוואוינט טיר אין טיר מיט מיר?... געווען אַ שרעקלעכע קבצנטע, איר מאַן איז געווען אַ שטיקל שנײדער... זי פֿלעגט קומען צו מיר לײַען אַלע טאָג—דאָס אַן איי, דאָס אַ שטיקל פּוטער, זאַלץ, צוקער, ציבעלעס און וואָס נישט—איז עס איר מאַן איצט רײַך געוואָרן און האָט שוין אַ מאַשין!

—פֿון וואָס איז ער עס רײַך געוואָרן?

—פֿון וואָס ווערט מען עס רײַך איצט?—פֿון שנאַפּס!

—אַזוי? און עפּעס אַ גוטע מאַשין?

—אַ גוטע? שוין אײנמאָל אַ גוטע! איר ווײסט, איך גײ אַזוי לעצטע וואָך אין גאַס, רופֿט מען מיך פֿון אַ מאַשין: ענני, ענני!—איך קום צו: דאָס רויטע ווײַבל! זי טרײַבט עס אַלײן די מאַשין... קוק איך זי אָן... גלויב נישט... דערצײלט זי מיר, אַז דאָס איז זײער מאַשין, קאָסט אַכצן הונדערט דאָלאַר... און זי האָט צוגעזאָגט אויף אָט

דעם זונטיק מיך קומען אויפנעמען...

—אזוי? טאקע? אפשר וואלט איר מיך אויך מיטגענומען. איך האב אזוי ליב א מאשין!

—אל-רייט, קומט צו מיר זונטיק, וועלן מיר אלע פארן. די מאשין איז גרויס, מען וועט שוין געפינען פלאץ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

—עני, דאכט זיך, אז אייער מאן רופט אייך!

—יע, מען רופט מיך... מען מוז שוין גיין. ער איז היינט געקומען פרי פון שאפ!..

—איר האט דאך אבער מיר אנגעהייבן דערציילן וועגן דעם, וואס עס האט פאסירט נעכטן אין אונזער הויז?

—אי, אי, זיך גאר פארגעסן! זיך פארדעדט! נו, זאל שוין זיין שפעטער!..

## דער ווינער.

א שטילע געגנט, אַ זייסיקע גאַס. פאַרנאַכט.

זיצן זיך קינדער אויפן טראָטואַר אין אַ רינג און שמועסן.

און ווען קינדער זיצן זיך און שמועסן, מיינט עס שטענדיק, אַז זיי באַרימען זיך.

רופט זיך אָן איין יינגל מיט אַ פאַרריסן נעזל, העזהדיקע אויגלעך און אַ גלאַט צינגל:

—מיט מיר זאָלט איר זיך נישט אָנהייבן, באַיעס, ווייל ווייסט איר וועמען איך האָב?..

—וועמען?

—מיין קוזין איז אַ פּאָליסמאַן!

—גיי שוין, גיי, דו דערציילסט אַ ליגן!—זאָגט זיך אָפּ אַ צווייטער.

—ניין,—מאַכט דאָס יינגל מיטן פאַרריסן נעזל—איך קאָן דאָס דיר באַווייזן... ער שטייט אויף בעלמאָנט עוועניו!..

ווערט שטיל. שאָקלען די קינדער מיט די קעפּ, קוקן מיט ער-פורכט אויף דזשימען, מיטן פאַרריסן נעזל.

אַ קלייניקייט, אַ פּאָליסמאַן!

—עס איז גאָרנישט!—מאַכט אַ צווייטער יינגל, אַ דאַרער און אַ קרענקלעכער.—אָט האָב איך אַ קוזין, איז ער גאָר אַ פייערמאַן. און אַ פייערמאַן איז גרעסער, ווי אַ פּאָליסמאַן!

—אַזוי?—ווערן קינדער די נתפעל, און קוקן מיט גרויס רעספּעקט

יע, אָבער אַ אויפן באַרימער. זיי גלויבן אים נישט, זיי גלויבן אים פּייערמאַן איז אַ צויבער־וואָרט און אויגלעך צעבּרענען זיך.

—אַ פּאָליסמאַן איז גרעסער!—וויל זיך דאָס ייִנגל מיטן פּאַרריסן נעזל נישט אונטערגעבן.

—דו רעדסט, ווי אַ נאַר!—מאַכט דער דאַרער.—אַ פּייערמאַן איז שטאַרקער.

—אַוודאי, — שטימען אַלע צו מיטן דאַרן,— אַ פּייערמאַן איז שטאַרקער... מיר האָבן עס געזען אין די מואוויס!

—און איך האָב אַ קוזין אַ לאָיער,—באַרימט זיך אַ כוואַטסקער ייִנגל איירי,—און אַ לאָיער איז גרעסער אי פון אַ פּאָליסמאַן, אי פון אַ פּייערמאַן.

—טאַקע?—האָבן אַ פּאָר קינדער נישט געוואָלט גלויבן.

—אַז איך זאָג, ווייס איך,—מאַכט איירי.—וואָס זאָגסטו, סטענלי? סטענלי איז אַ שוואַכער ייִנגל, וועלכער איז אונטער דעם שוץ פון איירין, און סטענלי ענטפערט:

—אַוודאי איז לאָיער גרעסער. אַ לאָיער קען פאַרזעצן אין פּריזאָן*), ווען ער וויל...

—פאַרוואָס פאַרזעצן אין פּריזאָן?—פרעגן די קינדער.

—פאַר אַלץ, וואָס ער וויל, —מאַכט איירי מיט גרויס שטאָלץ. ווערט אויף אַ ווײַלע ווידער שטיל. קיינער האָט זיך שוין נישט מיט וואָס צו באַרימען. מיינט עס, אַז איירי מיט זיין קוזין האָבן געזיגט.

וויל עס אָבער נישט ליידן פּאָלי, אַ ייִנגל, וועלכער וויל זיין דער פירער אין זיין געגנט, נאָר איירי קאָנקורירט מיט אים. טראַכט ער אַ ווײַלע, נאָכדעם הייבט ער זיך אויף, גיט כוואַטסקע אַ וואָרף אַ שטיינדל ווייט, ווייט—און רופט זיך אָן:

—איירי ווייסט נישט, וואָס ער רעדט! איר ווייסט, ווער מיין קוזין איז?

—ווער? ווער?—ווערן אַלע ניי־געריק.

—אַ דזשאַדזש!**)

---

*) טורמע.

**) ריכטער.

פאַלט דאָס וואָרט, ווי אַ גרויסער שטיין אויף אַ שטיל וואַסער:
—אַ דזשאָדזש! אַ דזשאָדזש!... פּשש!..
—אַ לאָיער איז גרעסער פון אַ דזשאָדזש,—ווערט איירי ביין,—נישט אַזוי, סטענלי?
—אוודאי,—שטימט איין סטענלי.
—דו ביזט אַ נאַר!—מאַכט פּאָלי.—אַ דזשאָדזש איז גרעסער. אַ דזשאָדזש קען אפילו פאַרשיקן אויפן עלעקטריק טשער*) און אַ לאָיער קאָן דאָס נישט!..
—עלעקטריק טשער?—ווערט אַ טומל צווישן קליינעם עולם.
—אוודאי,—מאַכט פּאָלי,—אַ דזשאָדזש קען אַלץ... און ווילט איר זען דעם עלעקטריק טשער?
—אַלע שטעלן זיך אויף.
פּאָלי כאַפּט אַרויס אַ שטיקל צעקנייטשט צייטונגספּאַפּיר, אַלע ריגלען אים אַרום און ער ווייזט זיי אַ בילד פון אַן עלעקטרישער שטול.
שטיל... אַלע קוקן, אַלע ווילן אָנטאַפּן די שטול.
פּלוצלונג דערהערט זיך אַ פייף פון אַן אויטאָמאָביל.
כאַפּט זיך אַרויס אַ קליין ייִנגל באָב און הייבט אָן פּאַטשן מיט די הענט:
—מיין קוזין! מיין קוזין!
—ווער?
—מיין קוזין מיט דער מאַשין!—מאַכט דער קליינער באָב.—ער איז אַ רייכער מאַן... דריי טויזנט דאָלאַר קאָסט די מאַשין... אַ קאַדילאַק!..
אַ קאַדילאַק!—האָבן זיך אַלע פאַרוואונדערט און מען האָט שוין פאַרגעסן אָן דעם פּאַליסמאַן, פייערמאַן, לאָיער, דזשאָדזש, עלעקטריק טשער.
אַ גרויסע מאַשין איז צוגעפאָרן צום הויז. „באָב" איז גלייך מיט גרויס גדלות אוועקגעשפּרונגען צו זיין קוזינס מאַשין.
די איבעריקע קינדער זענען געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער און גרויס רעספּעקט פון וויטן.
געזיגט האָט גאָר דער קליינער „באָב" מיט זיין קוזינס מאַשין.

---

*) עלעקטרישע שטול.

# ווען איך וואָלט געווען אַ פּאָליסמאַן!

—וואָס זאָגט איר, וואָס עס טוט זיך די לעצטע צייט מיט די פּאָליסלייט?—מיט אַזאַ לאַנגער פראַגע האָט מיך באַגריסט מיינער אַ באַקאַנטער, אַ ייד אַ העברעער פון אַלטן שניט, וועלכער לעזט נישט דעם „הדאר", ווייל, זאָגט ער, דאָרט שרייבט מען נישט קיין העברעיש, נאָר טערקיש.

—וואָס טוט זיך דען מיט זיי?—פרעג איך אים.

—איר לייענט דען קיין צייטונגען נישט? יעדן טאָג שרייבט מען אין די צייטונגען מאמרים וועגן פּאָליסלייט: אָדער מען שיסט זיי, אָדער זיי שיסן זיך אַליין... הכלל, עס איז אַ מפּלה אויף די פּאָליסלייט.

—און וואָס גייט עס אייך אָן?—וואונדער איך זיך אויף מיין באַקאַנטן העברעער.

מיין באַקאַנטער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן, פאַרריכט דעם קאַפּעליוש און זיך צערעדט:

—איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך דערציילן? איך אינטערעסיר זיך זייער מיט פּאָליסלייט. פון זינט איך געדענק, טראַכט איך תמיד נאָר פון זיי, שרעק זיך פאַר זיי און האָב פאַר זיי התפעלות.

ראשית, באַוואונדער איך טאקע זייער גבורה, זייער הויך. וואו נעמען עס מענטשן, טראַכט איך, אַזאַ הויך? מען דאַרף עס קאָנען. ושנית, שרעק איך זיך פאַר זיי פשוט. ווען איך גיי, דוכט זיך מיר, אַז אָט וועלן זיי מיר געבן איבערן קאָפּ... און דערפאַר, ווען איך זע אַ פּאָליסמאַן אויף איין זייט טראָטואַר, גיי איך תיכף אריבער אויף דעם

צווייטן... און דאָך האַלט איך פון זיי, און זינט עס איז געקומען אויף זיי אַ מפּלה, האָב איך אויף זיי אפילו רחמנות אויך, כאָטש שולדיק זענען זיי אַליין...

—וואָס זענען זיי שולדיק?—וויל איך וויסן.

—איר פאַרשטייט,—האָט מיר מיין העברעער גענומען דערקלערן,— לויט ווי איך דענק, קאָן מען זיין אַ פּאָליסמאַן און דווקא אַ איש ישר אויך דערצו... אָט הערט, למשל, ווען איך בין אַ פּאָליסמאַן, וואָלט איך זיך אַזוי נוהג געווען, אַז אַלע וואָלטן מיך ליב געהאַט.

ראשית, וואָלט איך אָוועקגעוואָרפן דאָס העצל, ווייל איר פאַרשטייט, אַז מען טראָגט זיך אום טאָג און נאַכט מיט אַ שטיק האָלץ, מוז מען נכשל ווערן... ושנית, וואָלט איך קיינעם נישט געשלאָגן. אפילו גנבים אויך נישט. איך וואָלט רק געפּרואווט גיין מיט גוטן. מיט גוטן, הערט איר, קען מען אַלץ אויספירן, אפילו ביי אַ ווייב. און, שלישית, וואָלט איך זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט טאָן טובות. גייט אַן אַלטערמאַן אין אַ גליטש, וואָלט איך אים גענומען און אריבערגעפירט דעם גליטש. שרעקט זיך עמעצער אריבערצוגיין די גאַס, וואָלט איך אים גענומען אונטערן האַנט און אויך אַריבערגעפירט בשלום. און איך וואָלט גנבים אויך פאַרהיט פון רשעות. איך, פאַרשטייט איר מיך, וואָלט נישט געגאַנגען כאַפּן גנבים, נאָכדעם, ווי זיי האָבן שוין געמאַכט די גניבה, — נאָר פריער... איך וואָלט אַכטונג געגעבן, אַז זיי זאָלן נישט גנבענען... ווייל פאַרוואָס גנבעט אַ מענטש? איר מיינט, ווייל ער איז שלעכט? ניין, ווייל ער איז הונגעריק! נו, וואָלט איך דעם בחור הגנב פיין, איידל און מיט גוטן געבעטן גיין מיט מיר אין אַ רעסטאָראַן און איך וואָלט אים אָנגעקאָרמעט...

—ווי איך זע, וואָלט איר געמאַכט פון דער פּאָליציי אַ צדקה־אַנשטאַלט?—האָב איך געלאַכט.

—אוודאי, געוויס!—האָט ער זיך צעוואַרעמט.—די פּאָליסלייט האָבן געדאַרפט זיין די גרעסטע צדיקים, די ערשט צו טאָן צדקה, און דאַן וואָלט קיינער אויף זיי נישט געווען אין כעס און מען וואָלט נישט געליערט אויף זייער לעבן... האָב איך רעכט, צי נישט?

—אוודאי האָט איר רעכט!—לאַך איך.—אַן עבירה, וואָס אים זייט געוואָרן אַ העברעער און נישט קיין פּאָליסמאַן. מיט אַזעלכע פּאָליסלייט וואָלט מען אפילו געקענט אויפלעבן די העברעיש אין אַמעריקע...

# א העסטער-פּאַרק-פיינל.

אַ פרילינגטאָג. העסטער פּאַרק איז באַגאָסן מיט זון. עס איז וואַרעם, אפילו הייס. איך גיי דורך העסטער פּאַרק און טראַכט: מילא, אָט וועל איך זיך גאָר צווועצן דאָ אויף אַ באַנק. און איך נעם און זעץ זיך. נישט ווייט פון מיר זיצט אַ ייד מיט אַ פּאַק צייטונגען לעבן זיך. אַ בלאָסער. אַ נישט פּאַרקעמטער. זיצן מיר ביידע און שווייגן. זיצן אַ מינוט פינף. פּלוצלונג גיט דער יונגערמאַן אַ רוק דעם פּעקל צייטונגען נענטער צו מיר און ער אַליין רוקט זיך אויך צו נאָך זיי און ער גיט מיך אַ פרעג, פּונקט ווי מיר וואָלטן געווען אַלטע באַקאַנטע:

—איר וואַרט דאָ אויף עמעס?

—ניין,—ענטפער איך.

—טאָ וואָס זשע זיצט איר דאָ?—פרעגט ער, און רוקט זיך צו נאָך אַ קאַפּיטשקע נענטער.

—איך רו זיך אָפּ.

—געטראָפן וואו זיך אָפּצורוען! — מאַכט דער יונגערמאַן מיט אַ שמייכעלע.

—אייך געפעלט נישט העסטער פּאַרק?—גיב איך אים אַ פרעג.

—וואָס שייך זאָגן געפעלן? וואָס קאָן דאָ יע געפעלן און נישט געפעלן?—עס איז דען דאָ עפּעס?—מאַכט ער.—העסטער-פּאַרק איז ווי די סאָציאַליסטן אין אַמעריקע. דער פּאַרק איז קיין פּאַרק נישט, און די סאָציאַליסטן זענען קיין סאָציאַליסטן נישט.

—אויב אַזוי,—זאָג איך,—טאָ וואָס זשע זיצט איר דאָ?

—איך זיץ נישט גלאַט אַזוי,—מאַכט ער,—איך זיץ צוליב אַ סך זאַכן: ערשטנס, ווייל איך האָב אָפּגעאַרבעט, ביז וואַנען דער „פאָרוועטס" וועט פאַלן. איך וויל זיין דער ערשטער בייצוווייען דידאָזיקע שמחה; צווייטנס, וואַרט איך ביז אָט יענס, בוימל,—ער האָט מיר אָנגעצייגט מיט אַ פינגער אויף אַ ריטל, וואָס האָט געשטעקט פון דער ערד—וועט ווערן אַ בוים.

—טשיקאַווע,—זאָג איך,—אָבער אויסערדעם, וואָס טוט איר?

—וואָס דאַרפט איך נאָך טאָן? עס איז איין ווייניק אַרבעט?—האָט ער אויסגערופן מיטאַן איראָנישן טאָן.—אַ יידן איז ווייניק די וועלט.

—ווי איך זע, זייט איר אַ לעזער פון אַלע יידישע צייטונגען?—ווייל איך אָפּוועדן דעם געשפּרעך אין אַן אַנדער ריכטונג.

—ווי איר זעט!—מאַכט ער, און ער רוקט זיך צו נאָך נענטער צו מיר.—איך האָב ליב, אַז מען בלאָפט מיר. דאָס איז איינס. צווייטנס, קאָן איך אַלץ נישט באַשטימען, וועלכע פון זיי איז דער גרעסטער בלאָפער. לייען איך אַלע... און, דריטנס, קאָסט מיר דער פאַרגעניגן קיין געלט נישט.

—איר קויפט נישט קיין צייטונגען?—פרעג איך.

ער איז כמעט ווי אין כעס געוואָרן:

—איך וועל קויפן? וואָס בין איך משוגע, צי וואָס? ראשית, צו וואָס זאָל איך קויפן, אַז איך קאָן זיי קריגן אָן געלט, איז נישט היינטיקע, איז נעכטיקע. און וואָס איז מיר דער חילוק? מיר שטייט אָן צו לייענען די בלאָפס מיט אַ טאָג שפּעטער. ושנית, האָב איך סתם קיין געלט נישט—נישט אויף צייטונגען און נישט אויף אַנדערע זאַכן.

—איר זייט אַרבעטסלאָז?—שטעל איך מיך איין צו פרעגן.

—אַרבעטסלאָז?—צעלאַכט ער זיך.—נישט איך! אַרבעטסלאָז קאָן מען נאָר זיין דאַן, ווען מען האָט פריער געאַרבעט, און איך האָב קיינמאָל נישט געאַרבעט.

—איז ווי זשע?— — —האָב איך מער קיין מוט נישט געהאַט צו פרעגן.

—אָט אַזוי איז דאָס,—מאַכט ער.—איר מיינט, אַז מען מוז נאָר אַרבעטן צו מאַכן אַ לעבן אין אַמעריקע? אָט אַרבייטען אונזערע שטאָטס-טאַטעס אויך נישט און זיי קריגן אַ הויפּהלע פאַר נישט אַרבעטן!

איך האָב באַשלאָסן מער נישט צו שטעלן אים קיין פראַגן, אָבער אים האָט עס, משמעות, ווייניק געאַרט, ווייל ער האָט אַליין געפרעגט און אַליין געענטפערט.

—וואָס זשע בין איך פאַר אַ מענטש, ווילט איר וויסן? וואָס דען, איר ווילט נישט וויסן? וואָס אַרט אייך, אַז איר וועט יע וויסן? איז דער ענטפער: איך בין טאַקע קיין מענטש נישט, אַזוי זאָגן אַלע מיינע קרובים און באַקאַנטע. איר קאָנט מיך ערשט צען, פופצן מינוט און מן הסתם זאָגט איר שוין אויך אַזוי... אָבער די פראַגע איז נישט, צי איך בין אַ מענטש, צי נישט, די פראַגע איז, וואָס איז אַ מענטש?.. ביי אייך הייסט אַ מענטש דער, וואָס אַרבעט ווי אַ פערד, ביי מיר הייסט אַ פערד דער, וואָס אַרבעט אפילו נישט ווי אַ פערד.. ביי אייך הייסט אוודאי אַ מענטש דער, וואָס האַלט אויס אַ ווייב און צאָלט דירה-געלט. ביי מיר הייסט אַ מענטש דער, וואָס דאַרף נישט צאָלן... אפשר דענקט איר, אַז מיר איז ערגער פון אייך? איך קאָן אייך נישט, נאָר איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז נישט. איר זייט מן הסתם אַ פאַרנומענער מענטש, אַ ביזנעס-מאַן, אָדער אפשר אַן אַרבעטער, אָדער אפשר גאָר אַ דאָקטאָרל, אַ ספּעציאַליסט!.. איך האָב אָבער שטענדיק גענוג צייט צו זיצן אין העסטער פּאַרק און קייפן אויף דער וועלט. און נאָך אַ זאַך: איר זיצט בלויז אויפן באַנק, אָבער די צייט איז נישט אייערע. און איך זיץ אויף מיין באַנק און אויף מיין צייט! נו, וואָס וועט איר דערצו זאָגן? האָב איך רעכט, צי נישט?

וואָס האָב איך אים געקאָנט זאָגן? אדרבה, זאָגט איר, לעזער, וואָס האָב איך אים געקאָנט זאָגן?

# ער האָט א גאָלדענע מלאכה אין האנט.

ערב פסח, איך גיי דורך העסטער פּאַרק און איך דערזע אויף אַ באַנק, זיצנדיק דעם יידן מיט דעם פּאַק צייטונגען, דעמזעלבן יידן, מיט וועלכן איך האָב שוין אַנומלט געהאַט אַ שמועס...

אַ מאָדנער ייד, אַ קלוגער, אַ צעדרייטער און אַן אמתער יידישער „באָסיאַק".

איך שטעל זיך אָפּ, באַגריס אים און פרעג:

—נו, ווי האַלט עס ביי אייך מיט פּסח?

—מיט פּסח?—צעלאַכט זיך דער מאָדנער ייד.—איך וועל פּראַווען דעם סדר טאַקע אָט דאָ, אין העסטער פּאַרק, אויפן באַנק.

—וואָס הייסט?—פרעג איך.

—אָט דאָס הייסט עס!—צעלאַכט ער זיך נאָך פעסטער.—אַמעריקאַנער סדרים, מישטיינס געזאָגט, מעג מען פּראַווען דאָ אויך, ווייל לאָמיך זיך נישט נאַרן,—ווערט ער צעהיצט,—זענען דען דאָ סדרים אין אַמעריקע!—בלאָפס זענען דאָ און נישט קיין סדרים! און איך האָב נישט ליב קיין בלאָפס. אָט ווי איר זעט מיך, וועל איך דאָ פּראַווען אַ בעסערן סדר, ווי אַ—איר. אָנשפּאַרן זיך איז דאָ צוואָו. אלע בענק זענען איינע! איר וועט דאָך נישט לייקנען... און אַ מלוכה איז אויך דאָ—ווייל וואָס קאָן זיין אַ גרעסערע מלוכה, ווי העסטערפּאַרק? אויף מיין וואָרט... אי, אַ מלכה? נו, מילא, עס איז דען די ערשטע זאַך, וואָס מיר פעלט אין אַמעריקע?!

איך שווייג און ער ווענדט זיך פלוצלונג צו מיר מיט אַ פראַגע:

—און, ווייסט איר, אַז איך וואָלט געקאָנט מאַכן געלט?

—פון וואָס? ווער איך נייגעריק.

—טאַקע פון אָפריכטן סדרים,—לאַכט ער,—איך גלויב נישט, צי ס'זענען דאָ אַ סך יידן אין ניו־יאָרק, וועלכע קאָנען די מלאכה אַזוי גוט, ווי איך. פּש!.. איך האָב מיט עטלעכע יאָר צוריק אָפּגעריכט דעם סדר ביי איינער אַ לאַנדספרוי, אַן אַלמנה, האָט זי זיך זאַט נישט געקאָנט אָפּלויבן פון מיר. אַזאַ סדר פראַוועט זי נישט געהאַט זינט זי איז אין אַמעריקע,—האָט זי געזאָגט,—בלויז איר טאַטע פלעגט אַזוי פראַוועט דעם סדר. און איר פאָטער איז געווען אַ פערד־גנב... כי־כי־כי, איך קאָן די קונץ מיט אַלע פּיטשעווקעס... אָבער וואָס טויג עס, אַז עס איז נישטאָ ביי וועמען...

—איר האָט דאָ קיינעם נישט אין אַמעריקע?—פרעג איך.

—וואָס הייסט, קיינעם נישט?—איראָניזירט ער.—איך האָב דאָ אַ סך קרובים. דזשאָן ראָקפעלער איז מיינער אַ קרוב. ער לעבט אויף מיין רעכענונג... אמת, ער וויל פון מיר נישט וויסן, אָבער דאָס מאַכט נישט... מאָריס הילקוויט איז מיינער גאָר אַ נאָענטער קרוב. איך האָב אַמאָל, ווען ער איז געלאָפן פאַר מעיאָר, איינגעלעגט פאַר אים אַ וועלט—אָבער ער האָט מיך אין דער ערד, און פאַרקויפט קוילן ... ריכטער בראַנדייס איז מיינער אַ שלישי שבשלישי, אַ ציוניסט—אָבער ער האָט מיך צוויי מאָל אין דער ערד... איך האָב נאָך אַ סך קרובים, אַמעריקאַנער קרובים, למשל: דער „פאָרווערטס"... איך קוק אויף זיין זייגער, איך שלאָף אויף זיינע עדיטאָרעלס, אָבער ער רופט מיך נישט צום סדר...

—אפשר ווילט איר גיין צו מיר צום סדר?—זאָג איך אַרויס גאַנץ העפלעך.

—אַ דאַנק, איך קאָן נישט,—מאַכט ער,—איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו דערציילן, אַז איך קאָן נישט אַוועקגיין פון פּאַרק.

פאַרוואָס?—פרעג איך.

—איך וואַרט אויף אַ ראַדיאָ,—מאַכט ער.

—פון וועמען?

—פון לאָיד דזשאָרדזשן און פון מיין באָבען אויף יענער וועלט.—לאַכט ער.—לאָיד דזשאָרדזש דאַרף מיר לאָזן וויסן, ווי עס

האַלט מיט דער קאָנפערענץ. און מיין באָבען האָב איך ערשט נעכטן געזען אין חלום. האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי וויל זיך מיט מיר דורכ־שמועסן וועגן לויתן... איר האָט נישט געקאָנט מיין באָבען? ניין? אַ, איז דאָס געווען אַ יידענע!

מיר ווערט אומהיימלעך פון דעם יידן, איך זאָג אים אַ גוטע נאַכט און לאָז זיך גיין.

# פאמיליע-לעבן און קנעפלעך.

שפאַציר איך מיר אַזוי, ערשט איך זע אויף ריווינגטאָן סטריט אַ רעדל מענטשן. ווער איך נייגעריק און דריק זיך אויך אַריין אין רעדל און אָט וואָס איך האָב דאָרטן געזען:

אינמיטן רעדל שטייט אַ יונגערמאַן, אַזוי אין די דרייסיקער, מיט אַ ברייט צעשפּילעטן ראָק און רעדט... ער רעדט, און דער עולם אַרום אים לאַכט, קוועלט אָן און אַפּלאָדירט אפילו.

—וואָס איז דאָס!—פרעג איך ביי אַ יידן אַרום מיר.

אַ מאָדנער מענטש,—זאָגט צו מיר דער ייד,—רעדן רעדט ער גאַנץ קלוגע זאַכן, אָבער מן הסתם איז ער אַ משוגענער.

—וואָס רעדט ער?—וויל איך וויסן.

—הערט זיך צו, וועט איר הערן!—מאַכט צו מיר דער ייד אַ ביסל ברוגזלעך.

איך האָב זיך גענומען צוהערן. דער יונגערמאַן האָט גערעדט זייער שטיל, אָבער מיט געפיל און איבערצייגונג. און אָט וואָס איך האָב געהערט:

—יידן,—האָט ער גערעדט,—ווילט איר לעבן גליקלעך אויף דער וועלט, זיין פריי, ווי אַ פייגעלע? פאַרשפּאָרן האָבן וואָס צו טאָן מיט אַ ווייב און מיט קינדער?—שניידט אויס אייערע קנעפּלעך! דער זין פון פאַמיליע-לעבן איז, וואָס אַ ווייב וויל אייך האַלטן שטענדיק צוגעקנעפּלט און פאַרקנעפּלט. אָבער זיין אַ בחור, מיינט: אַרונטער מיט די קנעפּלעך!..

דער עולם האָט געלאַכט.

—לאַכט נישט !—האָט דער יונגערמאַן אויפגעהייבן זיין שטים.— הערט מיך פריער אויס! לויט ווי איך האָב געשטודירט דאָס לעבן, האַלט זיך דאָס פאַרהייראַטע לעבן בלויז אויף אַ קנעפּל... מען האָט חתונה, כּדי עס זאָל זיין ווער עס זאָל איינניייען אַ קנעפּל אין העמד, אין זשילעטקע, אין ראָק... אָבער דאָס איז אַ צו גרויסע הוצאה. און עס לוינט זיך נישט, עס באַצאָלט זיך נישט. אָנהאַלטן אַ ווייב, מיט אַ דירה בלויז פאַר אַ קנעפּל, איז נישט כּדאַי... וואָס זשע איז מיין עצה: אויסשניידן אַלע קנעפּלעך! פּטור ווערן פון די קנעפּלעך! נישט וואַרטן ביז עס רייסט זיך אויס אַ קנעפּל, נאָר אַליין זיי אַרויסרייסן! נישט נאָר בעטן, גלייך ווי עס רייסט זיך אויס אַ קנעפּל, דער ווייב, זי זאָל אים דיר איינניייען, און דערפאַר זאָל זי איבער דיר הערשן—נאָר זען פּטור ווערן פון די קנעפּלעך גלייך ווי מען קויפט אַ בגד... אָט קוקט אָן מיך! איך בין פריי פון קנעפּלעך און איך בין גליקלעך. איך וועל אייך דערציילן: איידער איך בין געקומען צום גע- דאַנק פון פּטור ווערן פון די קנעפּלעך, בין איך געווען פאַרשקלאַפט צו מיין ווייב, ווי איר אַלע... איך האָב געדענקט, אַז אָן אַ ווייב קאָן מען נישט אויסקומען... איך בין איך האָב ט מיט אַלע קנעפּלעך... אָבער איינמאָל האָב איך באַשלאָסן: גענוג, גענוג צו ליידן! און איך האָב אַליין אויסגעריסן אַלע קנעפּלעך און געקומען אַהיים... ווען מיין ווייב האָט מיך דערזען, האָט זי זיך דערשראָקן: זי האָט געמיינט, אַז עמעצער איז מיך באַפאַלן.

– וואָס איז מיט דיר געשען?

—גאָרנישט,—לאַך איך.

—וואו זענען דיינע קנעפּלעך?

—נישטאָ !—לאַך איך.

—וואָס הייסט?—קוקט זי מיך אָן.

—איך האָב זיי אַליין אויסגעשניטן!

—וואָס ביזטו משוגע? צי וואָס?

—ניין !—זאָג איך.—איך בין ביים פולן זינען... פאַרשטייסט, איך האָב איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשלאָסן זיך באַפרייען פון דיר... ווערן אויס שקלאַף... ווייל וואָס האָב איך דען מער פון דיר, ווי דאָס איינ- נייען אַ קנעפּל!..

ווען זי האָט עס דערהערט, יידן, האָט זי זיך דערשראָקן און

געבומען לויפן און שרייען: געוואַלד, מיין מאַן איז משוגע געוואָרן!..
און דאָס האָב איך טאַקע געוואָלט... גלייך זענען אָנגעלאָפן שכנים
און עס איז געוואָרן אַ טומל. ווען זיי האָבן דערזען, ווי איך שטיי
אַזוי מיט די קנעפּלעך אין האַנט און לאַך, האָבן זיי באַשלאָסן:
משוגע!—דער סך הכל: מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין משוגעים-הויז
און מיין ווייב האָט אַרויסגעקראָגן אַ גט—פּטור!

אין משוגעים-הויז בין איך אָפּגעוועזן ביי אַ יאָר און אַ האַלב,
נאָר אַזוי ווי איך בין געווען קלאָר, האָט מען מיך באַפרייט און איצט
בין איך אַ בחור צוריק... אָבער מיינע פרייַנט, די קנעפּלעך שנייד איך
אַלץ... ווייל איך ווייס די סכנה, וואָס עס שטעקט אין זיי... איך בין
אָפּגעקנעפּלט און פריי, ווי אַ פייגל! אַמאָל טרעפט זיך: איך קום אַריין
אין אַ הויז און מיינס אַ באַקאַנט מיידל, וואָס ווייס נאָך נישט מיין
פילאָזאָפיע, דערזעט מיך אָן אָפּגעשפּילעטן, כאַפּט זי תיכף אַ נאָדל-
פאָדעם און וויל מיר איינביינען קנעפּלעך, אָבער איך לאָז זיך נישט. ניין,
שוועסטערל, דו וועסט מיך נישט צוקנעפּלען! און איך דערקלער איר
מיין שטאַנדפּונקט און זי ווערט מיר תיכף קאַלט, ווי אייז... אויס
מחותן!

שניידט אויס אייערע קנעפּלעך, יידן, און איר וועט ווערן פריי
פון ווייבערשער שקלאַפעריי!

אָט אַזוי האָט געדרשנט דער יונגערמאַן און דער עולם האָט
געלאַכט, ביז עס האָט זיך באַוויזן אַ פּאָליסמאַן און אַלעמען צעטריבן...

# מײַן לאַנדסמאַנס שלעכטע געשעפטן.

איר קאָנט שוין אַ היבש ביסל פון מײַנע לאַנדסלײַט, און דוכט זיך, נישט איר און נישט איך האָבן זיך מיט זײ צו שעמען. ווערליק איך האָב געהערט פון אַנדערע לאַנדסלײַט, זענען מײַנע נאָך גאָלד. אַלזאָ, איר קאָנט שוין אַ היבש ביסל פון מײַנע לאַנדסלײַט. אָבער אײנעם קאָנט איר נאָך נישט. איר זאָלט זיך מיט אים באַקאָנען. דערדאָזיקער לאַנדסמאַן מײַנער איז אַן עלטערער ייד, אַזוי אין די זעכציקער, אָבער נאָך אַ גאַנץ „קרעפּקער". איך וואָלט נישט געוואָלט כאַפּן פון אים קײן פּאַטש, און איר, לעזער, דאַרפט עס אויך נישט וועלן: צו וואָס טויג אײַך אומגײן מיט אַ פאַרבונדענער באַק? צו וואָס?

באַשעפטיקט איז דער ייד מיט וואָס איר ווילט און וואָס איר ווילט נישט. ער איז אײגנטלעך אַ ביזנעסמאַן, אַ פּעדלער מיט סעזאָן־זאַכן: פּורים פּעדלט ער מיט גראַגערס, פּסח מיט מצה און בלעכענע כּלים, סוכּות מיט אתרוגים און לולבֿים און גלאַט אינמיטן יאָר שטעלט ער צו ווײַן אויף קידוש... צי מאַכט ער פון די אַלע זאַכן אַ לעבן? איך ווײס נישט! מן חסתם מאַכט ער, און בכלל וויפל דאַרף אַזאַ ייד, אַז וואוינען וואוינט ער אין אַ קעלער בײַ אַ שוסטער, דאָס הײסט ער איז דאָרט אַ באָרדער... און צאָלן צאָלט ער פופציק סענט אַ וואָך... עסן קאָסט אים כמעט גאָרנישט... ווײַל עס קאָסט אַזויפיל, וויפיל עס קאָסטן צוויי באַנאַנעס אין אַמעריקע און אַ האַלב פונט ברויט...

גיי איך אזוי לעצטע וואָך אין גאַס, ערשט מיין לאַנדסמאַן שלעפּט זיך מיט אַ גרויסן פּאַק מצות, אַ שרעק! איך שווער אייך, אַז איך וואלט אַזאַ פּאַק נישט געקאָנט טראָגן...

—האַלאָ, רב בנימין! —רוף איך אויס. — ווי גייען עס אייך די געשעפטן?

רב בנימין שטעלט זיך אָפּ און שטעלט אוועק דעם פּאַק מצות.

—געשעפטן? —זאָגט ער.—אין דער ערד ליגן היינט אַלע געשעפטן. אַמאָל פלעגט מען פורים קאָנען מאַכן אַ פּאָר סענט פון גראַגערס, איז אָבער דאָס יאָר האָבן זיך קינד און קייט גענומען פאַרקויפן גראַגערס. עס טויג נישט. און אַזוי איז איצט מיט די מצות. מען קאָן נישט פאַרקויפן קיין מצות.

—פאַרוואָס? —פרעג איך.

—ווייבער מאַכן אומעטום קאַליע, — מאַכט ער. — היינטיקן יאָר האָבן זיך ווייבער גענומען פעדלען מיט מצות, און איר ווייסט דאָך, אַז אויף ווייבער לייגט מען מער רחמנות, ווי אויף מאַנסביילן...

—ווי קומען ווייבער צו פעדלען מצות? —פרעג איך.

—ווי קומען ווייבער? —מאַכט ער.—זיי קומען שוין, איר פאַרשטייט? די מענער אַרבעטן נישט, עס איז צרות היינט, נו, העלפן אַרויס די ווייבער. עס איז שלעכט! נישט נאָר מיט מצה פעדלען זיי, מיט ווייַן אויך...

—אָבער אַ לעבן מאַכט מען? —פרעג איך.

—אַ לעבן, —לאַכט ער, —מוז מען דאָך מאַכן. אפילו אַז מען מאַכט נישט קיין לעבן, מאַכט מען אויך, מען מוז דאָך! און ווייסט איר וואָס איך דענק?

—וואָס דענקט איר? —פרעג איך.

—איך דענק, —מאַכט ער, —אַז ווען עס וועט גאָר ווערן שלעכט, מען וועט שוין גאָרנישט קאָנען פאַרדינען צוליב די ווייבער, נו, וועל איך גאָר חתונה האָבן און זאָל מיין יידענע ווערן די ברויטגעבערין.

—עס מאַכט זיך אייך אַ שידוך? —וויל איך וויסן.

—נאָך ווי! —זאָגט ער אַרויס מיט גרויס שטאָלץ.—זיבן ווייבער אויף איין מאַנסביל! נאָר איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך האָב נישט קיין גרויס חשק. צו וואָס דאַרף איך די ווייבער? אָט אַזוי ווי איר קוקט מיך אָן, וואוין איך מיר ביי אַ שוסטער אין קעלער און

האָב אין דער ערד די לענדלאָרדס. פאַר פופציק סענט בין איך מיר אַ פריץ, אָבער מיט אַ ווייב דאַרף איך שוין זוכן אַ דירה... און דאָס־זעלבע מיטן עסן. אָט אַזוי עס איך, וואָס עס מאַכט זיך: אַ באַנאַנע איז אַ באַנאַנע, אַן עפּל מיט ברויט, איז אַן עפּל מיט ברויט. איך דאַרף נישט קיין אויוונס... אַמאָל וואַרעם איך זיך אָן אַ גלעזל טיי, איז עס ביי מיר אַ יום־טוב... אַ יידענע אָבער האָט ליב קאָכן... און דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער הוצאה... באמת, ס׳איז נישטאָ קיין חשק זיך צו פאַרבינדן מיט אַ ווייב. איר פאַרשטייט, אַמאָל איז געווען עפּעס אַנדערש... אַן ערשטע ווייב איז אַ ווייב... די צווייטע ווייב איז שוין גאָר אַן אַנדערע זאַך. אָבער דאָך, אַז איך וועל זען, אַז די געשעפטן וועלן ווערן גאָר שלעכט, וועל איך מוזן חתונה האָבן!..

—אָל־רייט,—זאָג איך,—איך שטים צו. גוד־ביי!

# עלטערע מענטשן.

פאָרנדיק אין אַ קאַר אויף איינער פון די בריקן, וואָס טיילן אָפּ ברוקלין פון ניו־יאָרק, האָב איך זי באַגעגנט.

אַ שיינע אַלטיטשקע, אַ ביסל געבויגן, מיט אַ פּעקל אַרום זיך.

זי איז גראָד געזעסן לעבן מיר, און דערקענענדיק, מן הסתם, אַז איך בין אומצאַייפלהאַפּט אַ ייד, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ צעקנייטשט פּאַפּירל, אויף וועלכן עס איז געווען מיט בליי פאַרצייכנט אַן אַדרעס און געבעטן, איך זאָל איר זאָגן, צי זי פאָרט אויפן ריכטיקן וועג?

—איך בין קוים דורכגעקראָכן דעם האַלב אָפּגעמעקטן צעטעלע און איר פאַרזיכערט, אַז זי איז אויפן ריכטיקן וועג, דערביי צוגעבנדיק, אַז איך גיי אויך אין דערזעלבער ריכטונג, ווי זי.

ווען די קאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט, זענען מיר אַרויס און זיך ביידע געלאָזט גיין אויף דעמזעלבן וועג.

זי האָט באַמערקט מיט אַ שמייכל:

—איר מיינט, איך בין דאָ דעם ערשטן מאָל? איך קום שוין אַהער דעם דריטן מאָל, אָבער איך ווייס אַלץ נישט ווי צו גיין!

—צו וועמען גייט איר דאָס, באָבע?—האָב איך געפרעגט.

—צו מיינעם אַ זון. איך אַליין וואוין מיט מיין אַלטן אין בעיאָן, ניו־דזשוירזי. שוין זיבן און צוואַנציק יאָר אין אַמעריקע—און אַלץ אַ גרינע,—האָט זי געענטפערט.

—ווייסט אייער זון, אַז איר קומט?
—ניין!
—פאַרוואָס האָט איר אים נישט געלאָזט וויסן, אַז איר קומט?— האָב איך איר געשטעלט אַ פראַגע.
—איז וואָס וואָלט געווען?—האָט זי מיך אָנגעקוקט און אַ שמייכל האָט באַוועגט אירע צעקנייטשטע ליפּן.
—וואָלט אייער זון אייך אַרויס אַנטקעגן, אָדער די שנור! — האָב איך געזאָגט.
—אוודאי וואָלטן זיי אַרויס!.. זיי וואָלטן זיך צעבראָכן דעם קאָפּ אין קישן. אַ גרויסן ווערט האָט דאָ, אין אַמעריקע, אַ מאַמע!—האָט די אַרויסגעקרעכצט.
—איז אייער זון פאַרמעגלעך?
—אוודאי! ער לעבט זייער פיין, האָט אַן אייגן הויז, אַ גרויס געשעפט—אָבער וואָס איז דאָ צו רעדן, איר ווייסט דאָך, אַז אין אַמע-ריקע האָט מען פיינט עלטערע מענטשן... גאָר גאָט איז מיט זיי, אַבי זיי זאָלן זיין געזונט און מען זאָל צו זיי נישט דאַרפן אָנקומען.
איך האָב אָנגעקוקט די אַלטיטשקע און צו זיך געזאָגט: ריכטיק ווי גאָלד. ווי קלוג זי האָט עס באַגריפן איר לאַגע! געוויס האָט מען דאָ נישט ליב קיין עלטערע מענטשן. עס איז אַ טרויער-דיקער אמת, אָבער אַן אמת!
דערווייל זענען מיר דורכגעגאַנגען פאַרביי אַ „בשר-כשר". די אַלטיטשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך מיט מיר געגומען זעגענען.
—גוד-ביי, אַ דאַנק פאַר צופירן, דאָ וועל איך שוין אַליין טרעפן.. דאָס איז, דוכט זיך, אַ קצב? וועל איך דאָ דערביי אַריין, קויפן אַ פונט ניסלעך פאַר די אייניקלעך. גוד-ביי!

# אַלץ איין שוואַרץ יאָר!

די סצענע קומט פאָר לעבן אַ הויז אויף העגרי סטריט. שטייט זיך אַ יונגע פרוי און טענהט זיך אויס מיט אַ מאַן. פון דעם גע־שפרעך דערוויסן מיר זיך, אַז די פרוי רופט מען: דאָראַ און דעם מאַן—דזשאו.

טענהט דאָראַ אַזוי:

—איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, דזשאו? איר זאָגט, אַז מ י ר, פרויען, זענען מיט לייטן גלייך; מיר שטימען שוין, ווי איר, מענער. אונזער שטימע הערט זיך נישט נאָר אין קיך, נאָר איבער גאַנץ אַמעריקע. אָבער איך זאָג אייך, אַז עס איז אַ בלאָף און נישט מער! אַז נאָך אַלע גליקן, בלייבן ווייבער פאָרט ווייבער, און מענער — פאָרט מענער! איר, די באָסעס, און מיר, די שקלאַפן! לאַכט נישט, עס איז אַזוי! אָט הערט אַ מעשה, וואָס מיט מיר האָט געטראָפן אין סאַמע עלעקשאָן־טאָג*). איר פאַרשטייט, אין עלעקשאָן־טאָג האָב איר זיך געפילט געהייבן, שטאָלץ. כמעט אַ גאַנצער מאַנסביל! אַ קליינינקייט: איך האָב געשטימט, געמאַכט אַ צלמל! און נישט גלאַט אַזוי, נאָר פאַר די סאָציאַליסטן!

און פאַרנאַכט זאָג איך צו מיין מעקסן: מעקס! איך וויל אַ ביסל אַרומטערגיין אין גאַס אויף איסט־בראָדוויי און זען, וואָס עס טוט זיך, וואו האַלט עס מיט די קאַנדידאַטן! אין אַנדערע יאָרן פלעג איך אין אַזאַ אָוונט נישט האָבן קיין אינטערעס אַרויסצוגיין

*) וואַל־טאָג.

אין גאַס, ווייל וואָס גייט עס מיר אָן, ווער עס וועט דורכגיין? איך האָב עס געהאַלטן פאַר אַ מאַנסביל־שער זאַך. היינט איז אַנדערש: היינט בין איך דאָך עפּעס אַ דעה־זאָגערין! זאָגט צו מיר מעקס:

—זאָם זיך נישט, ווייל איך וויל אויך גיין!

—ניין!—זאָג איך.—אַ האַלבע שעה, נישט מער, אפשר נאָך אַ צען־פופצן מינוט!

—אַל־רייט!—זאָגט ער.—גיי! נעם איך און גיי און ער בלייבט מיט די קינדער אין הויז. גיי איך זיך אַזוי אַריין אויף איסט־בראָד־וויי, דאָרט איז פריילעכער. עס טומלט זיך, און די הויפּטזאַך, אויפן האַרצן איז לייכט. מיין מאַן איז צו מיר היינט גוט, כאָטש נעם און לייג אים צו אַ מכה... איר פיל זיך, אַז דאָס גייט נישט גלאַט אַזוי אַ דאָרט, נאָר אַ בירגערין. איך שטויס זיך דורך צווישן עולם, שטופּ זיך אַריין, מעשה מאַנסביל, צווישן אַ רעדל מיט מענטשן און נעם אויך שמועסן וועגן פּאָליטיק.

און דערווייל הייבט אָן קאַפּען אַ רעגן. באַקען איך זיך מיט צוויי באָיעס, שיינע יונגען און זיי זאָגן צו מיר: „וואָס וועלן מיר דאָ שטיין אונטערן רעגן? קומט, לאָמיר דאָ אַריינגיין דערביי.” גע־פעלט עס מיר און איך גיי. קומען מיר אַהין, דאָרט איז פריילעך, די באָיעס לאָזן מיך נישט אָפּ. זיי זענען פריילעך, זאָגן וויצן און לאַכן. הפנים, איך בין זיי שטאַרק געפעלן. ווייל איינער פרעגט מיך, צי איך בין אַ ווייבל, צי נאָך אַ מיידל? זאָג איך זיי דעם אמת, אַז איך בין שוין אַ ווייבל... פרעגן זיי מיך: און וואו איז דיין מאַן? זאָג איך: מיין מאַן איז אין הויז מיט די קינדער! זאָגן זיי: און ער אַליין וויל עס גאָרנישט גיין איצט אין גאַס? זאָג איך צו זיי: מיין מאַן איז זייער אַ גוטער, אַ דימענט. דער בעסטער מאַן אין דער וועלט... איך פאַרגעס זיך און לויב מיין מאַן, ווי עפּעס רעכטס. און דערווייל ווערט שפּעט. איך האָב זיך גאָר פאַרגעסן, אַז מען דאַרף גיין אַהיים און אַז מיין מאַן זיצט דאָרט אַ גאַנצן אָוונט מיט די קינדער... איר פאַרשטייט? עס איז פריילעך, האָב איך זיך גאָר פאַרגעסן...

פלוצלונג, ווי מיר שטייען אַזוי און לאַכן און שפּאַסן און שמו־עסן שוין וועגן פאַמיליע־לעבן און ליבע, דערהער איך אַ געשריי: דאָרע! דאָרע! אַ קלאָג צו דיר! וואָס שטייסטו דאָ אַ גאַנצן אָוונט, חלום איינער!—איך הייב אויף די אויגן, גיב אַ קוק—ער שטייט! עס

הערט מיר פינסטער און ביטער: ע ס א י ז מ י י נ ע ר! מיין מעק...
א קלאָג צו מיר, ער זוכט עס מיך און ער שרייט עס אזוי... איז...
פאַרשטייט איר, ווען עס וואָלט דאָ נישט געווען די קאָמפּאַניע, ד...
באַיעס, און ווען איך פאַרלויב אים כאָטש פריער נישט אַזוי—וואָל...
איך אים שוין געגעבן, ווי אים קומט, אָבער דאָ האַלט איך זיך איי...
און זאָג צו אים זייער איידל: גראָביאַן איינער, וואָס האָסטו זיך צע
גוואַלדעוועט! אָט גיי איך!—און איך וויל אים באַקאָנען מיט די יונ־
געלייט. אָבער ער איז דאָך אַ ווילדע חיה, וויל ער נישט זען און
נישט הערן. ער נעמט מיך אָן ביים אָרבל, גיט מיך אַ שלעפּ און
הייסט מיך גיין אין דער ערד מיט די באַיעס צוזאַמען! און ער צע־
שרייט זיך נאָך העכער: דו זאָלסט מיר שוין גיין אַהיים! שלעפּערקע
דו! אַ גאַנצע קנאַקערין געוואָרן! זי קלייבט אַ פּרעזידענט!

איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך האָב נישט געוואָלט מאַכן קיין ליי־
טישע געלעכטער און בין מיט אים אַוועק.

אָבער אויסגעקרענט דעם פאַרגעניגן האָב איך דאָך שוין אַלצ־
איינס אויסגעקרענקט. איר פאַרשטייט, געשטימט האָב איך און פאַר די
סאָציאַליסטן, געמיינט, אַז איך בין שוין גלייך מיט די מענער, גע־
וואָלט פאַרברענגען מיט יונגעלייט וועגן פּאָליטיק—און אָט האָט איר
אייך! און נאָכמער פאַרדריסט מיך דאָס, וואָס איך האָב אים, מיין
מערכה, פאַרליבט פאַר דעם בעסטן מאַן אין דער וועלט... איך האָב
זיך איינפאַך געשעמט פאַר די באַיעס. זיי האָבן געזען, אַז איך בין
אַ בלאָפּערקע...

אָט דאָס, וואָס איך זאָג אייך: אַ פרוי איז פאַרקויפט צום מאַן,
צו די קינדער. שטים י ע, שטים נישט—אַלץ איין שווארץ יאָר!

# א מאָדנער פאַרשוין.

איך האָב אים דערזען שטייענדיק אויף אַ ראָג גאַס.

די גאַס איז זייער אַ קאָכעדיקע. מאַשינעס לויפן הין און צוריק, ווי טייוואָלים, דורכגיין איז סכנות נפשות.

איך בין געשטאַנען און געוואַרט אויף אַ פריינט, און אַז מען שטייט און מען וואַרט, וואַרפט מען אויגן. האָב איך דערזען דעמדאָזיקן פאַרשוין, ווי ער שטייט אַזוי און שרייבט אין אַ קליין ביכעלע.

וואָלט ער מיך נישט פאַראינטערעסירט. מאַלע, וואָס אַ מענטש אין ניו-יאָרק שרייבט אַמאָל אין אַ ביכעלע? אפשר איז עס אַ פעדלער און פאַרשרייבט אַן אַדרעס? אפשר טאַקע אַ צעטראָגענער סוחר האָט זיך דערמאָנט עפעס אַ חשבון און פאַרשרייבט, און אַמאָל טרעפט טאַקע אַ פּאָעט זאָל אויך זיך אָפּשטעלן אויף אַ ראָג גאַס און פאַרצייכענען אַ פּערז. מאַלע, וואָס עס קען טרעפן אויף די גאַסן פון ניו-יאָרק? און וואו זענען די פאַרליבטע? עס פּאַסירט, אַ פאַרליבטער וואַרט אויף אַ געליבטער, מיט וועלכער ער האָט אַ ראַנדעוואו אויף אַ ראָג גאַס. וואַרט ער אַ שעה, וואַרט מער און זי קומט נישט. נעמט ער זיך טאַקע דאָ אויפן אָרט שרייבן צו איר אַ בריוול... די געדאַנקען ברענען, די באַליידיקונג פלאַקערט: אָפּגענאַרט, נישט געקומען! פאַרצייכנט ער דערווייל דעם גרימצאָרן און נאָכדעם וועט ער קומען אַהיים און עס אויסגיסן אין אַ בריוו.

אָבער אַזוי ווי איך בין געשטאַנען אַ היבשע ווײַלע, האָב איך,

נישט ווילנדיק, ווידער געכאַפּט אַ קוק אויף דעם פּאַרשוין ערשט ער שטייט נאָך אַלץ און שרייבט נאָך אַלץ אין זיין ביכעלע.

האָט ער מיך שוין פּאַראינטערעסירט... וואָס שטייט ער אַזוי לאַנג? קורץ, איך האָב זיך דערנעטערט צו אים און געבליבן שטיין נישט ווייט פון אים און געקוקט מיט גרויס נייגעריקייט.

מיין פּאַרשוין האָט מיך אויך איינגעזען, אונזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט. ער האָט, הפּנים, דערזען מיין נייגעריקייט און ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט צו מיר.

—איר זייט מן הסתם פּאַראינטערעסירט, וואָס איך שרייב אַזוי-מיטן ניו-יאָרק?

איך האָב זיך מודה געווען, אַז יאָ.

—ס'איז טאַקע אינטערעסאַנט. איך וואָלט אויך נישט בעסער געווען,—מאַכט דער פּאַרשוין און גיט צו מיר אַ מאָדנעם שמייכל.

איך שמייכל צוריק און אָט אַזוי פּאַרבינדן מיר אַ באַקאַנט-שאַפט. ער רוקט זיך צו צו מיר אַזוי מיט אַ זייט און עפּעס אַ מאָדנע געהיימניש איז אויסגעגאָסן אויף זיין גאַנצן ווען. ער בויגט זיך צו צו מיר און שעפּטשעט אַרויס:

—איר ווייסט, וואָס איך שרייב?..

איך ענטפער אויך שטיל-סודותדיק:

—ניין, פונוואַנען?

אַ משוגעת-פייערל ווייזט זיך אין זיינע אויגן.

—איך וועל אייך זאָגן,—מאַכט ער, — נישט אַלעמען זאָג איך עס... אָבער צו אייך האָב איך צוטרוי... דו,—ווערט ער מיט מיר אויף דו,—געפעלסט מיר. און איך וועל דיר זאָגן, דו וועסט דאָך קיינעם נישט אויסזאָגן?

—ניין,—מאַך איך.

—איך ווייס, אַז נישט,—מאַכט ער און דריקט מיר די האַנט,—מיינע באַקאַנטע רופן מיך משוגענער, צעדרייטער... אָבער איך פאַר-שטיי זיך אויף מענטשן... פונם ערשטן בליק ווייס איך, ווער עס איז אָל-רייט, און ווער עס איז אַ סאַ— — —

איך בין געשטאַנען רויק, זיך צוגעהערט און געוואַרט אויפן סוד.

ער האָט צוגעטראָגן שטייף צו מיר זיין ביכעלע און געזאָגט:

—אָט דאָ ליגט דער סוד.

איך כאפּ אַ ציטער: אפּנים, טאַקע נישט קיין קלאָרער.

—אָט דאָ!—האָט ער ווידער געזאָגט.—איר ווייסט, וואָס איך טו איך נעם אַרונטער דאָ אַלע נומערן.

—פון וואָס?—פרעג איך.

—פון אַלע פאַרביילויפנדיקע מאַשינעס...

—צו וואָס?—וויל איך וויסן.

—באַלד, באַלד!—מאַכט ער.—עס איז זייער ביייטיק, זייער. איך וועל דיר דערקלערן: אַ מענטש אין ניו-יאָרק מוז סוף כּל סוף אַ-ביבערגעפאָרן ווערן... אַזוי איז עס.. אויב נישט היינט, איז מאָרגן... מען מוז. איך אַליין בין שוין צוויי מאָל איבערגעפאָרן געוואָרן... איינמאָל בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק... אַ צווייטן מאָל געלעגן דריי וואָכן מיט אַן אויסגעלינקטן פוס אין האָספּיטאַל... און איר מיינט, ס'איז שוין אַ סוף? נאָך נישט. איך וועל געוויס נאָך אַ פּאָר מאָל איבערגעפאָרן ווערן... איך ווייס עס.. און דערפאַר פאַרשרייב איך די נומערן...

—וואָס העלפט עס?—מאַך איך.

—העלפן ווילסטו?—צעלאַכט זיך מיין פאַרשוין.—וואָס קען עס העלפן?.. אָבער אינטערעסאַנט איז עס... דו האָסט אַ פול ביכל מיט נומערן פון מאַשינעס... און ווען מען וועט דיך איבערפאָרן, מישטו אויף דאָס ביכל און געפינסט דעם נומער פון דער מאַשין, וואָס האָט דיך איבערגעפאָרן... איז עס נישט אינטערעסאַנט?..

—זייער,—מאַך איך און הייב אָן שטעלן פיס.

—וואָס? אויך דו שרעקסט זיך פאַר מיר?—האָט ער מיך אָנגע-כאַפּט ביי דער האַנט.—זעסטו, אויף דיר האָב איך זיך נישט געריכט... אויך דו ביזט אַ טרוס, ווי אַלע? אויך דו דענקסט, אַז איך בין משוגע? פע, נישט שיין צו דענקען אַזוי וועגן אַ פריינט! נישט שיין!.. פאַרוואָס גלויבסטו, אַז איך בין משוגע, ווייל איך פאַרשרייב נומערן? נאַרישקייטן! און ווי, אַז איך טו עס, ווייל איך וויל פירן אַ סטאַטיסטיק פון אַלע טייוואָלים אויף רעדלעך? פאַרוואָס טאָר איך נישט פירן קיין סטאַטיסטיק?

איך האָב אַרויסגעריסן מיין האַנט פון זיינער און זיך געלאָזט לויפן.

# זויערמילך.

אַ מיטנוואָך טאָג. אַ פיינער טאָג, אין קוני איילאַנד, אויפן באָרדוואָק*). איך טרינק היימיש-געמאַכטע זויערמילך ביי אַ קרעמל, און דער באַלעבאָס פון קרעמל, אַ ייד אַ לאַנגער, אַ דאַרער, מיט איינגעפאַלענע באַקן און פאַרכמורעטע אויגן רעדט:

—נו, וואָס זאָגט איר אויפן זויערמילך? עס איז נישט, ווייל עס איז מיין זויערמילך, נאָר ווען עס איז אפילו נישט מיינע, זאָג איך אויך, אַז אַזאַ זויערמילך קענט איר נישט געפינען אין גאַנץ קוני איילאַנד, און אפשר אפילו נישט אין דער גאַנצער וועלט.

עס איז, פאַרשטייט איר מיך, נישט גלאַט זויערמילך, נאָר „אייגענע געמאַכטע". עס איז פרימאַ, נישט קיין זויערמילך. איך וויל זיך פאַר אייך נישט באַרימען! עס זענען דאָ ביי מיר קונים, וואָס טרינקען אויס צו צען גלאָז זויערמילך אַ טאָג... זיי זאָגן, אַז מיין זויערמילך האַלט זיי ממש אויף די פיס... און איך גלויב זיי, ווייל עס איז שוין איינמאָל זויערמילך.

איר האַלט אויך פון זויערמילך? איר מעגט פון דעם האַלטן. חוץ וואָס עס איז אַ קאַלטער טרונק אין די היצן, איז עס אויך אַ סגולה צו לאַנג לעבן... ווען מען טרינקט הונדערט יאָר כסדר זויער-מילך, לעבט מען לאַנג... הכלל, איך זע דאָך, אַז איר ווילט נאָך אַ

*) שפּאַציר-בריק.

גלאָז... וואָס זשע דען, מיין זויערמילך לאָזט זיך טרינקען, ווייל איך בלאָף נישט... איך מאַך עס אַליין. איך אַליין נאָר. איך לאָז אפילו מיין ווייב נישט צו צו דעם... דאָס הייסט צו מאַכן דאָס זויערמילך... איך מוז עס טאָן אַליין... ווייל ווייבער, ווי באַוואוסט, זענען מער בוטה אָפּצובלאָפן ווי מיר, מענער... גיט מיר צו דערקלערן: פאַר־וואָס זענען ווייבער מער זשעדנע נאָך געלט, ווי די מענער? מיין ווייב לאָז איך נאָר צו פאַרקויפן דאָס זויערמילך, אָבער נישט צו מאַכן. איך האָב ליב ראַיעל, די הויפּטזאַך ראַיעל... פון ראַיעל מאַכט מען טאַקע ווינציקער, אָבער מיך אַרט נישט... דער עיקר איז ביי מיר אָרנטלעכקייט... נאָך אַלע גליקן קען מען קיין עושר פון זויער־מילך נישט ווערן... פון לימאָנאַד יע, אָבער פון זויערמילך נישט... איר פאַרשטייט? מענטשן האָבן ליב, אַז מען זאָל זיי נאַרן... און אין לימאָנאַד איז דאָ נאַרעריי.

זאָלן מיר האָבן אַזויפיל פינף־דאָלאַרדיקע, וויפל עמער וואַסער מען גיסט דאָ אין קוני איילאַנד יעדן טאָג אַריין אין לימאָנאַד, און פון דערפון ווערט מען רייך... און דעם עולם אַרט עס נישט... ער טרינקט... אָבער אין זויערמילך קען מען קיין וואַסער נישט גיסן... דאָס מוז זיין ראַיעל...

הכלל, איך זע דאָך, אַז איר האָט חשק צו נאָך אַ גלאָז. אַ יאָ, עס איז פּרימאַ?.. זאָגט אַליין, האָט איר אויף אייער לעבן גע־טרונקען אַזאַ גלאָז זויערמילך? אפילו אינדערהיים, ביי דער מאַ־מען, אויך נישט... אָבער וואָס איז די פּעולה?—אַז מען מאַכט קיין לעבן נישט... אָט איז היינט אַ שיינער טאָג, איז עס אָבער אַ מיטנ־וואָך־טאָג, קומען ווייניק מענטשן אַרויס אין קוני איילאַנד... און קומט זונטיק, ווען מענטשן וואָלטן יאָ געקומען — גייט אַ רעגן!.. אי, די זונטיקס מיט די רעגנס, זיי שטייען מיר שוין אָט אַ דאָ! זיי הרגענען אַוועק די ביזנעס... מען וואָלט געקענט מאַכן אַ שטיקל לעבן, ווייל נישט דער רבונו של עולם!.. און דער סעזאָן איז קליין און די אויסגאַבן זענען גרויסע. און וואָס טוט מען? ווי גיט מען זיך אַן עצה צו די רעגנס?

ווי דענקט איר, היינטיקן זונטיק וועט אויך רעגענען? ביי מיר איז שוין אַן אָפּגעמאַכטע זאַך: זונטיק מוז רעגענען... און איך וויל שוין גאָר דעם פּלאַץ נישט עפענען... ווייל צו וואָס זיך נאַריש מאַכן? עס איז דאָך נישט מער ווי אַ האַרצווייטיק, ריכטסט זיך אויפן זונטיק...

וואַרטסט אַ גאַנצע וואָך אויפֿן זונטיק, און קומט זונטיק—רעגנט, און דו בלייבסט שטעקן מיט דיין סחורה...

עס איז נישט גוט... איילט זיך נישט... נעמט נאָך אַ גלאָז זויערמילך. וואָס אַרט אייך, אַז איר וועט אַריינלעבן ביז הונדערט און צוואַנציק?..

איר הערט? איך בין אַ ביסל אין כּעס אויף דעם רבונו של עולם גוט ברוגז: וואָס האָט ער זיך אָנגעזעצט דווקא אויף די זונטיקס? וואָס האָט ער צו אונז? וואָס אַרט עס אים, אַז אַ ייִד, ווי איך, וואָלט יע געמאַכט אַ פּאָר דאָלאַר פֿאַרן סעזאָן? איר פֿאַרשטייט, עס איז נישט גוט! איך בין אַ קלאָוק-מאַכער... איז ביי די קלאָוקס לאָזן נישט אַרבעטן די לינקע מיט די רעכטע און ביים זויערמילך לאָזט נישט גאָט...

איך זאָג אייך, עס איז אַן עוולה... פֿון עפּעס דאַרף מען דאָך מאַכן אַ לעבן, איאָ?

ווי דענקט איר, איז גאָר נישטאָ קיין פּלאַן פּטור צו ווערן פֿון די זונטיקדיקע רעגנס? צו אַלץ געפֿינט מען עצות, נאָר נישט צו רעגנס... ווער דאַרף די אַעראָפּלאַנען, די ראַדיאָס און די אַלע גליקן? איר באַווייזט בעסער אַ קונץ, זאָג איך, אַז עס זאָל נישט רעגענען אום זונטיק!

טרינקט נאָך אַ גלאָז... עס וועט אייך אסור שאדן... אויב עס חעט אייך פֿאַרשאַטן, קומט צו מיר, און איר קריגט דאָס געלט צו-ריק... אַלצאיינס דערזעלבער קבצן... איר קריגט צוריק, בנאמנות!.. הערט! מיר איז אַנומלט איינגעפֿאַלן אַזאַ פּלאַן: אפשר וואָלט גע-ווען אַ פּלאַן איבערצורוקן דעם זונטיק אויף מאָנטיק? איר פֿאַרשטייט, דערזעלבער זונטיק, נאָר מען האַלט אים מאָנטיק... דאָס וואָלט אונז ממש געראַטעוועט... ווייל מאָנטיק רעגנט קיינמאָל נישט... איר דענקט, אַז די שטאָט, ווען זי וויל, קען זי עס נישט מאַכן?.. למאי רוקט די שטאָט אַלע ווייל די זייגערס! אַ שטיקעלע נדחה פֿאַר צוויי חדשים, קיינער וואָלט דערפֿון גאָרנישט פֿאַרלאָרן און מיר אויפֿן „באָרדוואָק” וואָלטן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם... האָב איך עס געזאָגט מיין ווייב, האַלט זי נישט דערפֿון. זי זאָגט: מיט גאָט קען מען נישט מאַכן קיין קונצן. אים קען מען נישט נאַרן אפילו אין קוני איילאַנד. ווען ער האָט באַשלאָסן, אַז זונטיק מוז רעגענען, וועט

רעגעגען, אפילו ווען זונטיק וועט זיין אום דינסטיק... עס וועט גאָר נישט העלפן...

און איך גלויב, אַז זי האָט רעכט... עס וועט רעגענען... הכּלל, מיין פריינט, עס איז נישט גוט... שטייסט מיט אַ ביזנעס, האָסט אַריינגעלייגט דעם גאַנצן קאַפּיטאַל און עס רעגנט! איך פרעג אייך, צו וואָס מוז עס דווקא רעגענען אום זונטיק? איך פרעג אייך, דער־קלערט מיר... נאָך אַלעמען איז עס דאָך אַ גרויסע עוולה..

# במקום הקדמה.

איך, כאַנע פיף-פאַף, האָב אויפגעשריבן אָט אָ די אמתע רייזע-באַשרייבונגען, ליגנדיק אויפן גרינעם, ווייכן, פלּיושענעם דיוואַן, אין דעם קעלער פון דעם שוסטער קאָפל גוזמאָווסקי. איך, כאָנע, בין געווען איינער פון זיינע פינף באָרדערס, וואָס האָט געצאָלט איין דאָלאַר מיט אַ פערטעלע אַ חודש דירה-געלט.

איך, כאָנע, האָב אָט אָ די וואונדערלעכע רייזע-באַשרייבונגען געליינט פאַר קאָפלען אין די גרויסע ווינטעראָווענט פאַר דעם ליכט פון גרויסן בליצלאָמפּ, וואָס איז געווען צוגעטשעפעט צום הילצערנעם קאַפּול אויפן אַרבעטסטישל פון שוסטער... און ער האָט איינגעשטימט, אַז אַלץ, וואָס איך באַשרייב דאָ, איז אמת ויציב...

אויב עמעצער וועט דעם העפט געפינען נאָך מיין טויט, זאָל ער ביי מיר נישט פרעגן—און דאָס גלייך אָפּגעבן צום דרוק.

ביי דעם שלוס פון דער הקדמה גיב איך אָפּ אַ דאַנק דעם שוסטער קאָפל גוזמאָווסקי, וועלכער האָט מיר אַ סך געהאָלפן און וועלכן איך בין שולדיק 108 דאָלאַר דירה-געלט, רעכנענדיק אַ דאָלאַר מיט אַ פערטל אַ חודש.

# קאַפּיטל א.

ווער איז געווען דער טאַטע פון אונזער כאַנע פּיפּ־פּאַפּ?—ווער איז געווען כאַנעס מאַמע?—די גבורות פון אונזער קליינעם העלד;—פונוואַנען עס נעמט זיך צו אים זיין רייזע־לוסט;—ווען זיין שטיפמאַמע טרייבט אים אַרויס פון הויז;—זיין רייזע נאָך פּעטערבורג;—זיין איבערפאַל אויף דער מלוכה־באַנק.—ער גנבעט זיך אַרויף אויף אַ שיף און פאָרט קיין אַמעריקע.

מיין טאַטע, עליו השלום, איז געווען אַ חברה־קדישא־שמש מיטן נאָמען מאָטל. אין שטאָט האָט מען גערעדט, אַז ער איז אַ גרויסער ליגנער, נאָר אַזוי ווי ער איז מיין טאַטע, גלויב איך נישט אין דעם...

איין זאַך ווייס איך יע, אַז מיין טאַטע, עליו השלום, האָט ליב געהאַט אַ שנעפּסל און איז כמעט 24 שעה אין מעת־לעת אומגעגאַנגען פאַרשנאָשקעט. אין דער צייט, ווען מיין טאַטע האָט נישט געמאַכט קיין לחיים, האָט ער געטרונקען טיי.

אין איין טאָג פלעגט מיין טאַטע, עליו השלום, אויסגיין מיט זיינע קרומע פיס אַלע באַלעבאַטישע הייזער פון שטאָט און אויסליי־דיקן אַלע סאַמאָווארן... נישט זייענדיק קיין שנאָרער, פלעגט ער אויס־טרינקען צען—צוועלף גלאָז ביי יעדן באַלעבאָס. און אונזער שטעטל האָט פאַרמאָגט פינף הונדערט באַלעבאַטים חשובים—אַ חוץ יורדים...

מיט איין וואָרט: מיין טאַטע האָט זיך גערעכנט אין אונזער שטעטל פאַר דעם שטאַרקסטן...טיי־טרינקער.

איך בין זיין איין און דרייסיקסטער זון פון דער זיבעטער ווייב...

און איך בין געווען נאָך פיל שטאַרקער פאַרן טאַטן.

ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר מיט עלף חדשים, האָט מיין מיין שטיפמאַמע חנה-ביילע (אין דער צייט האָט שוין מיין טאַטע, עליו השלום, באַוויזן צו באַגראָבן מיין מאַמען און ער האָט שוין גענומען אַן אַכטע ווייב) געשיקט אַרויפטראָגן צוויי זעקלעך קאַרטאָפל (מיין שטיפמאַמע האָט אונטערגעהאַנדלט מיט קאַרטאָפל) פון אַן ערך פינף פוד יעדער, אויפן דריטן גאָרן פון דעם הויז פון אונזער גביר פון שטאָט, רב כאַצקעלע מנחם, און איך, כאָנקעלע, האָב גענומען דיביידע זעקעלעך אונטער ביידע פאַכוועס, אַזוי ווי אַ חדר-יינגל טראָגט זיינע ביכלעך, און אַרויפגעטראָגן זיי, אויספייפנדיק די „מאַרסעליעזע״, איינס, צוויי, דריי, גלייך אין קיך אַריין... (ווער עס וויל נישט גלויבן אין דעם אמת פון מיינע ווערטער, קען זיך דורכפאָרן אַהיים און פרעגן ביי דעם גבירס אייניקל, וועלכער איז דאַן געזעסן אויף דער פאָדלאָגע און צוגעקוקט צו דעם אַלעם, געפּאַטשט מיט די הענטלעך און געשריען „הוראַ״ פאַר כאָנען!..) ער איז דעמאָלט אַלט געווען פונקט אַ יאָר.

מיין רייזע-לוסט איז ביי מיר געווען אַן איינגעבאָרענע זאַך:
נאָך אין דער פריסטער יוגנט האָב איך ליב געהאַט אַרומפאָרן...

ווען איך בין קוים דריי יאָר אַלט געווען, האָב איך שוין געקענט אַזוי גוט פאָרן אויף חזירים, ווי דער בעסטער קאָזאַק אויף זיין פערד.

און פאָרן פלעג איך נאָר אויפן גרעסטן חזיר פון שטאָט. איך פלעג אַרויספאָרן שבת נאָך וואַרמעס, ווען דער טאַטע פלעגט שלאָפן נאָכן טשאָלענט, און פלעג ביז מנחה אויספאָרן די גאַנצע שטאָט אַרום און אַרום...

און אונזער שטעטל, דאַרפט איר וויסן, איז נישט געווען פיל קלענער, ווי ניו-יאָרק מיט בראָנזוויל, כאָטש זי האָט געהאַט מיט אַ זיבן מיליאָן מענטשן ווייניקער...

איך בין אויך געווען פלינק אויף צו כאַפּן ציגן.

ווען איך בין געוואָרן פיר יאָר מיט אַ וואָך. אַלט, האָט מיין שטיפמאַמע, די אַכטע ווייב ביי מיין טאַטן, עליו השלום, געקויפט אַ ציג. ס'איז געווען אַ מאָדנע ווילדע ציג. זי האָט געהאַט צוויי עקן, פינף הערנער און זעקס אייטער און איין פוס, און מיט דעם איין פוס פלעגט זי קענען איבערשפרינגען דעם העכסטן דאַך. דאָס איז דער דאַך פון אונזער שול, וועלכער איז געווען נישט פיל נידעריקער, ווי

די ניו-יאָרקער וואולוואָרט בילדינג...

קיינער, אויסער מיר, כאָנען, האָט נישט געקענט כאַפּן די ציג. איך פלעג מיט איין שפּרונג איר נאָכשפּרינגען אויפן דאַך פון אונזער שול און זי אָנכאַפּן פאַר ביידע עקן...

אין איינעם שיינעם פרימאָרגן האָט מיין טאַטע, עליו השלום, חתונה געהאַט צום נײַנטן מאָל. און די נייע שטיפמאַמע האָט מיך אַרויסגעיאָגט פון הויז, פּונקט אום האַלבע נאַכט, אום חודש תּמוז, ווען דער פראָסט האָט געברענט, ווי אַ פייער און אַלע גאַסן זענען געווען פאַרלייגט מיט שניי איבער די פענסטער... (עפּעס גלויבט זיך אונז נישט, אַז אין תּמוז זאָל אַרויספאַלן אַ שניי, נאָר אַזוי שטייט אין מאַנוסקריפּט—באַמערקונג פון לעבעדיקן).

איך האָב נישט פיל געטראַכט, איך בין דאַן געווען דרייצן יאָר—און בין אַוועק גלייך קיין פעטערבורג (איצט הייסט עס לענינגראַד—באַמערקונג פון לעבעדיקן).

אָבער אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט קיין גראָשן ביי דער נשמה, בין איך גלייך אַוועק און זיך איינגעבראָכן אין דער גרויסער מלוכה-באַנק, אויפגעשאַרט דאָס גאַנצע געלט אין זילבער און אין גאָלד, איינגענייט דאָס אַלץ אין אַ זיידענעם בייטעלע אויף מיין האַלז און, נישט האָבנדיק געננוג צייט צו קויפן אַ שיפסקאַרטע, האָב איך זיך אַרויפגעגנבעט אויף אַ שיף, וואָס גייט קיין אַמעריקע.

(ווי אַזוי איך, כאָנע פיף-פאַף, האָב דורכגעמאַכט מיין וואונדערלעכע רייזע אין אַמעריקע, וועט באַשריבן ווערן אין קומענדיקן קאַפּיטל).

# קאַפּיטל ב.

כּאַנע קריכט אַרונטער אונטער אַ באַרג קוילן;—דער קאַ־טשעגאַר מאַכט אַ טעות און נעמט אים אָן פאַר אַ קויל;—כּאַנע לאַכט, ליגנדיק אין פייער פון קעסל;—אויף אַ „דאַפּראַס״ ביים קאַפּיטאַן;—וויפל געלט מען טרייסלט אויס פון זיין בייטעלע;—ווי כּאַנע דערוויסט זיך נאָכדעם פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש וועמעס בייטעלע איז דאָס; — ווי מען האָט געצויגן כּאַנען אויפן מאַסטבוים;—וואָס ער האָט געזונגען.

ווי איר געדענקט פון ערשטן קאַפּיטל, האָב איך, כּאַנע, זיך גלייך, ווי איך האָב אויסגעליידיקט די מלוכה - באַנק אין פּעטערבורג, (איצט לענינגראַד) און איינגענייט דאָס גאַנצע געלט, אין זילבער און אין גאָלד, אין אַ זיידן בייטעלע אויף מיין האַלז, זיך אַרויפ־געגנבעט אויף אַ שיף, וועלכע גייט אין אַמעריקע...

און איצט פאַנגען זיך אָן מיינע גרויסע וואונדערלעכע, כּמעט אומ־גלויבלעכע געשעענישן אויפן שיף.

תּיכּף, ווי איך האָב זיך אַרויפגעגנבעט אויפן שיף, דהאָב איך זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, האַרט לעבן דעם קעסל, וואו עס ברענט, ... קאַלכּאויוון, און כּדי די מאַשיניסטן זאָלן מיך נישט כאַפּן, ...אָב איך אויף זיך אַרויפגעלייגט א באַרג מיט קוילן, אוודאי צען טאָן... וועלכע זענען געלעגן לעבן קעסל און אַזוי בין איך זיך רויק איינ־געשלאָפן...

פלוצלונג דערהער איך פון שלאָף, ווי דער „קאַטשעגאַר״, אַט ...יער מאַן, וואָס וואַרפט קוילן אין קעסל אַריין, האַלט מיך אין זיינע ...ענט, און רוקט מיך גלייך אין פייער אַריין. איר פאַרשטייט, כּאַנע

איז געוואָרן אַזוי אויסגעשמירט פון די קוילן, אַז ער ד'האָט שוין אַליין אויסגעקוקט, ווי אַ קויל...

קלער איך זיך, וועמען אַרט עס? זאָל ער מיך רוקן אין אויוון!..

ערשט, ווען איך בין שוין געווען ביז די שפּיץ שטיוול אין פייער פון קעסל, האָב איך זיך שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער און האָב זיך צעלאַכט...

דער „קאָטשעגאַר" האָט זיך דערשראָקן. ער האָט געמיינט, אַז דער קעסל פּלאַצט: אַזוי שטאַרק האָב איך געלאַכט. און ער האָט אָנגעפאַנגען שרייען קאַראַול!..

אויף זיין געשריי איז געקומען צו לויפן דער קאַפּיטאַן, די מאַשיניסטן און מאַטראָזן און מען האָט מיך ארויסגעשלעפּט...

—ווער ביזטו?—האָט מיך דער קאַפּיטאַן געפרעגט, אָפּגיסנדיק מיך מיט אַן עמער קאַלט ים-וואַסער.

—איך בין כאָנע פּיף-פּאַף!—האָב איך שטאָלץ געענטפערט.

—ווי קומסטו אַהער?—האָט ער מיך ווידער געפרעגט.

—מיר איז געוואָרן קאַלט אין ערשטן קלאַס, בין איך אַראָפּ זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען ביים קעסל.

—וואו איז דיין שיפּסקאַרטע? — האָט דער קאַפּיטאַן נישט אָפּגעלאָזט.

—די שיפּסקאַרטע איז פאַרברענט געוואָרן פאַר דער ביסל צייט, וואָס איך בין געלעגן אין פייער,—האָב איך געענטפערט.

—ער איז אַ ליגנער!—האָט דער קאַפּיטאַן אויסגערופן.—נעמט אים, טרייסלט אים דורך און אַלס שטראָף ציט אים אַרויף אויפן מאַסטבוים! זאָל ער דאָרט הענגען אַזוי ביזן סוף פון דער רייזע.

די מאַטראָזן האָבן געפאָלגט דעם קאַפּיטאַן און תיכף האָבן זיי מיך גענומען אַרומזוכן.

און צו מיין אומגליק, האָבן זיי זיך גלייך אָנגעשטויסן אויף דעם זיידענעם בייטעלע, וועלכעס איז געהאַנגען אויף מיין האַלז.

—וואָס איז דאָס פאַר אַ בייטעלע?—האָבן מיך די מאַטראָזן געפרעגט.

—אַ קמיע!—האָב איך געענטפערט.—מען טאָר עס נישט טשעפּען!

זיי ד'האָבן זיך איבערגעוואונקען און האָבן אויפגעעפנט דאָס בייטעלע.

עס האָט זיך אַ שאָט געטאָן גאָלד און זילבער, ווי פון אַ זאַק מיט קאַרטאָפל.

און עס זאָל אייך גאָרנישט וואונדערן: איר ווייסט, וויפל זיי האָבן אָנגעשאָטן?—צוויי הונדערט פולע מעל-פעסלעך. יעדעס פעסל איז געווען די הויך פינף פוס...

און דאָס נאָך אַחוץ קליינגעלט, וואָס די מאַטראָזן האָבן אָנגעשטאָפּט אין די קעשענעס...

—דאָס געלט נעמט אייך,—האָב איך זיך געווענדט צו זיי מיט אַ בקשה,—אָבער דאָס בייטעלע גיט מיר!

זיי האָבן מיך געפאָלגט און מיר איבערגעלאָזט דאָס בייטעלע.

איך האָב עס די גאַנצע צייט פון מיינע וואַנדערונגען איבער דער וועלט אָפּגעהיט, ווי מיינע צוויי אויגן. דאָס בייטעלע, איז ביי מיר געווען טייערער, ווי ביי אַ קאָזאַק די נאַגאַיקע.

דאָס בייטעלע, פאַרשטייט איר מיך, איז געווען פון אמתער כינעזישער זייד און אויף אים איז געווען אָנגעשריבן מיט רוסישע בוכשטאַבן: י. ד. ג., דאָס הייסט יעקאַטערינע די גרויסע.

ווען איך האָב מיט אַ צייט שפּעטער באַזוכט פּעטערבורג, און בין געווען מיט אַ וויזיט ביים צאַרס פעטער, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, און עס איז געקומען צו רייד וועגן דעם בייטעלע, האָט ער מיר דערציילט ביי אַ גלעזל טיי מיט קאָניאַק, אַז דאָס בייטעלע האָט געשענקט יעקאַטערינע דער גרויסער אַ כינעזישער פּרינץ לאַם-טשאַם טשו-קיו-כין, וועלכער האָט זיך אין איר שטערבלעך פאַרליבט, און איז געשטאָרבן אויף אַ דועל מיטן קניאַז פּאָטיאָמקין...

דאָס בייטעלע האָב איך נאָכהער אָפּגעגעבן אַ מיסיס אויף טשערי סטריט. די מיסיס האָט מען גערופן חנה-ביילע, און זי האָט דאָס פאַרנומען מיט זיך, ווען זי איז אַנטלאָפן פון איר מאַן מיט אַ פּוילישן שייגעץ.

נאָר דערווייל האָב איך אָפּגעטראָטן פון מיין באַשרייבונג. איר ווילט דאָך וויסן, וואָס איז געוואָרן מיט מיר אויפן שיף, איז אָט וועט איר הערן:

תיכף, ווי די מאַטראָזן האָבן אויסגעליידיקט דאָס געלט, האָבן זיי מיך גענומען אַרויפציען אויפן מאַסטבוים, לויט דעם באַפעל פון קאַפּיטאַן.

איך מיינט נישט, אַז עס איז זיי אַזוי שנעל אָנגעקומען די געשיכטע.

אָן אַ גוזמא זאָגנדיק, האָט אפשר די גאַנצע מאַנשאַפט פון שיף, מער ווי צוויי הונדערט מאַטראָזן, מיך געצויגן.

מיר איז דעמאָלט געגאַנגען דער פערצעטער יאָר, נאָר איך האָב געוואויגן, נישט קיין ליגן זאָגנדיק, אַן ערך פון זעקס הונדערט פונט מיט עפּעס... איך בין געווען אַ גיבור אַ יונג!

נאָכדעם, ווי זיי האָבן זיך גוט אָנגעמוטשעט, האָב איך זיך ענד־לעך אונטערגעגעבן און זיי האָבן מיך אַרויפגעצויגן אויפן סאַמע שפּיץ.

דעם אמת זאָגנדיק, האָט עס מיך גראָדע געפרייט: נאָך אַלע־מען איז אויפן שפּיץ מאַסטבוים געווען אַ ביסעלע לופטיקער, ווי אין פייערדיקן מויל פון שיף...

האָב איך זיך פאַררויכערט אַ ציגאַר, וועלכן איך האָב געפו־נען אין מיין שוואַרצן פרינץ־אַלבערט, און האָב זיך גענומען זינגען דאָס ליד „אויפן פּריפּעטשאָק ברענט אַ פייערל...״

(וואָס מיט מיר, כאָנע פיף־פאַף, האָט פּאַסירט ווייטער, הענגנדיק אויפן שפּיץ מאַסטבוים, וועט באַשריבן ווערן אין קומענדיקן קאַפּיטל).

# קאַפּיטל ג.

כאַנען פאַרוויילט זיך אַ גלאָז טײ;—עס באַווײַזט זיך אַ לופט־באַלאָן;—כאַנע רעדט זיך דורך מיט די מענטשן אויפֿן לופטבאַלאָן און קריגט פון זיי טײ מיט וואורשטלעך;—כאַנע פאַלט אַרײַן אין בראָדוויי, פאַרשניצט אַ שטעקל און לאָזט זיך זוכן אַ שטעלע.

אויב איר האָט נאָך נישט פאַרגעסן, דאַרפט איר געדענקען פון דעם צווייטן קאַפּיטל פון אָט די אמתע באַשרײַבונגען, אַז איך, כאַנע, האָב זיך ענדלעך אונטערגעגעבן צו די מאַטראָזן און זיי האָבן מיך אַרויפגעצויגן אויפן סאַמע שפּיץ מאַסטבוים. זיצנדיק אויפן מאַסטבוים האָב איך זיך פאַררויכערט אַ ציגאַר און זיך גענומען זינגען דאָס לידל: „אויפן פּריפּעטשאָק ברענט אַ פייערל״,—און איצט קענען מיר פאָרן ווייטער.

אַלזאָ, ווי איר פאַרשטייט, בין איך מיר אַזוי געהאָנגען אויפן שפּיץ מאַסטבוים אויף דער שיף, וואָס גייט קיין אַמעריקע, איין טאָג, צוויי טעג, דריי טעג, און מיר איז אַ ביסל אומעטיק געוואָרן.

נאָר נישט כאַנע איז דער מענטש, וואָס זאָל אַרײַנפאַלן אין מרה־שחורה.

איר פאַרשטייט, עסן דאַרף מען אויך... און דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב עטלעכע טעג גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל. טאַקע גאַלע גאָרנישט, אפילו נישט קיין טרונק וואַסער.

און אַזוי ווי איך טראַכט אַזוי, פאַרוויילט זיך מיר אַ גלאָז טײ, אַז כאַטש נעם און גײ אויס!

און נישט נאָר טיי, אַ בייס אויך. טאַקע כאַנע אַן אייזערנער יונג, אָבער דאָך אויך נישט מער, ווי אַ מענטש!..

הכלל, הייב איך אָן קלערן, וואָס טוט מען? זוך איך פּלענער אַלערליי, אפשר אויסרייסן דעם מאַסטבוים? אפשר איבערשניידן די שטריק און אַראָפּשפּרינגען אין אַ רעטונגס-שיפל און לויפן אַליין קיין אַמעריקע...

פּלוצלונג מערק איך, ווי אַ לופטבאַלאָן טראָגט זיך פּונקט איבער מיין קאָפּ.

איך וויל אייך נישט זאָגן קיין ליגן,—דער לופטבאַלאָן איז געווען די גרויס, ווי דאָס גרעסטע הויז.

כאַפּ איך אַ קוק אינווייניק, זע איך דאָרט זיצן מענטשן, און נישט אַזוי, נאָר שפּילן אין קאָרטן. איך הער באַשיינפּערלעך, ווי זיי קאָכן זיך... און אויפן טיש שטייט אָנגעשטעלט מכל טוב: פּלעשער ביר, גלעזער מיט טיי, וואורשטלעך—און וואָס נישט?

די מענטשן האָבן אויסגעקוקט, ווי דייטשן.

גיב איך אַ זאָג צו זיך: כאַנע, לאָז נישט דורך קיין געלעגנהייט! און איך הוסט זיך אויס און גיב אַ געשריי אַזוי ווי כאַנע קען:

—הערן זי! זייט אַזוי גוט... קענגען זי מיר נישט משלח זיין אַהער אַ טשייניקל טיי און אַ פּאָר פּונט וואורשטלעך?

—ווער ביזטו?—הער איך אַ שטימע פון דער הייך.

—איך בין כאַנע פיך-פאַף!—ענטפער איך מיט שטאָלץ.

—אַזוי, איר זייט דאָס כאַנע?—פרעגט מיך די שטימע מיט גרויס התפעלות.

—אוודאי, כאַנע! און איך וויל עסן!

—ביטע שיין!—ענטפערט מיר די שטימע פון אויבן.

און מיינט איר וואָס? איך זע, ווי איינער, אַ הויכער דייטש, הייבט זיך אויף פון טיש און בינדט עפּעס אָן אויף אַ שטריק.

און תוך כדי דבור, זע איך, ווי ער לאָזט אַראָפּ צו מיר אַ טשעמאָדאַן, אַזוי אַ גאַנץ היבשן.

איך עפן אויף דעם טשעמאָדאַן, ערשט איך געפין דאָרט אַ טשייניק מיט זודיקן טיי, אַ גלאָז מיט אַ לעפּעלע, צוקער, זעקס פלעשער ביר, אַ פּאַק מיט וואורשטלעך און אפילו לעבערוואורשט.

—דאַנקע שיין!—האָב איך אויסגעשאַיען און אַ וואָרף געטאָן צו זיי מיין קאַפּעליוש.

זיי האָבן אים געכאַפּט און פאַרשוואונדן.

אָי, זענען דאָס געווען וואורשטלעך! איך האָב שוין נאָכהער געגעסן פאַרשידענע פרענק-פורטערס אין אַמעריקע, אָבער צו יענע קומען זיי נישט.

אָט אַזוי האָב איך געלעבט ביי אַכט טאָג.

אויפן עלפטן טאָג פון מיין רייזע האָט אויסגעבראָכן אַ געוואַלדיקער שטורעם.

דער ים האָט זיך געקאָכט און געבייזערט, געוואָרפן די כוואַליעס אַזוי הויך, אַז זיי האָבן שוין דערלאַנגט די אָפּצאָסן פון מיינע שיך אויפן שפּיץ מאַסטבוים.

דאָס איז געווען פון יענע שטורעמס—סכנות נפשות!

מיין מאַסטבוים האָט געקרעכצט, זיך געשאָקלט, ווי אַ לולב. איך האָב גערעכנט, אָט, אָט, און עס ברעכט זיך איבער און איך וועל פליען, ווי אַ שטיין, גלייך אין ים אַריין.

אָבער כאָנע איז דאָך כאָנע! איז מיר איינגעפאַלן אַזאַ פּלאַן: איך האָב אַראָפּגענומען דאָס שניפּסל פון קראַגן און האָב זיך צוגעבונדן נאָך שטאַרקער צום מאַסטבוים! אַז פאַלן, זאָל איך פאַלן צוזאַמען מיטן מאַסטבוים—וועט זיין פרייליכער.

אויפן זיבעטן טאָג, אינמיטן נאַכט, האָט דער שטורעם זיך אָנגענומען מיט מער כחות, געוואָרן ווילד, און האָט אָפּגעריסן די נאָז פון שיף צוזאַמען מיט אַ העלבער שיף און די צווייטע העלפט שיף איז זיך צעפאַלן פון זיך אַליין...

אַזוי, איר וועט מיר גלויבן, צי נישט, אַז געבליבן איז בלויז פון דער גאַנצער שיף דער קליינער בריקל, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען מיין שונא, דער קאַפּיטאַן, און דער מאַסטבוים, וואו איך, כאָנע, בין געווען צוגעבונדען...

איר דאַרפט אַליין פאַרשטיין, אַז אַלע פּאַסאַזשירן און מאַטראָזן זענען שוין געווען העט-העט דאָרט אונטערן וואַסער... ברוך דיין אמת!

איך בין זיך אייך מודה, אַז מיר איז אַ ביסל געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. באַלד וועט מען זיך נעמען צו דיר, כאָנע?

אָבער תוך כדי דבור, ווי איך טראַכט גאָר אַזוי, גיט זיך דער מאַסטבוים אונטער דעם „נאַפאָר" פון ווינט, אַ בראָך איבער אין סאַמען מיטן...

מיין גליק איז געווען, וואָס דאָס איז געשען נישט ווייט פון ניו-יאָרק—אַזוי אַ הונדערט מייל...

—ברעך זיך דעם קאָפּ!—האָב איך אויסגערופן.—אַבי איך זאָל זיך ראַטעווען!

און כּך הוה! דער האַלבער מאַסטבוים, צו וועלכן איך בין געווען צוגעבונדן, האָט נישט אויסגעהאַלטן: טראַך! קראַך!—און איך בין אַראָפּגעפּאַלן אויף אַ האַרטער זאַך.

הערט זשע: ווייש איך אויס די אויגן און גיב אַ קוק, ערשט דאָס איז בראָדוויי!

די מעשה איז געשען פּונקט פּאַרטאָג. אויף בראָדוויי איז נאָך געווען שטיל.

קלער איך זיך, וואָס האָב איך זיך וואָס צו איילן? שלאָפן ווילט זיך מיר אַלצאיינס נישט. אָט וועל איך זיך צוזעצן אויף אַ בריקל.

זעץ איך מיר זיך צו. דערווייל דערפיל איך, ווי עס דרייט מיר אַ צאָן. אַ שטיקל וואורשטל האָט זיך פאַרקליבן אינווייניק. צייט האָב איך, נעם איך אַרויס מיין מעסערל, ברעך אָפּ אַ שטיקל מאַסטבוים און נעם גיך קאַלופּען דעם צאָן.

אויסגעקאַלופּעט דעם צאָן, נעם איך דעם איבעריקן שטיק מאַסטבוים און פאַרשניץ זיך אַ שטעקל.

דערווייל איז געוואָרן ליכטיק. קלער איך: כאָנע, צייט איז געלט! אַ שטעקן האָסטו, גיי זוכן אַרבעט.

און איך האָב זיך געלאָזט גיין.

(וואָס מיט מיר, כאָנע פיף-פאַף, האָט פּאַסירט, זוכנדיק אַרבעט, וועט דערציילט ווערן אין קומענדיקן קאַפּיטל).

## קאַפּיטעל ד.

כאַנע מאַכט אַ שפּאַציר אויף פינפטער עוועניו און באַגעגנט זיך מיט דזשייקאָב שיף;—שיף גיט אים אַ שטעלע און שענקט אים אַ פוטער;—די מעלות פון דעם פוטער;—כאַנע קריגט אַ פּלאַץ פון אַ פלייש-געשעפט.

אַלזאָ, ווי איר געדענקט דאָך, מסתמא, האָב איך נאָכדעם, ווי איך האָב זיך פון מאַסטבוים געמאַכט אַ שטעקן, געלאָזט גיין זוכן אַר-בעט. גיי איך אַזוי מיט מיין שטעקל און פאַרקירעווע אויף פינפטער עוועניו און זינג זיך אַ יידיש לידל, ווי כאַנע קען.

ערשט עס קומט מיר אַנטקעגן אַ ייד, אַזוי אַן עלטערער ייד, מיטאַ פיין בייכל און געשוירן בערדל, אָנגעטאָן אין אַ פיינעם זיידע-נעם מאַנטל, מיט זיידענע לאַצן און מיט אַ שטעקן פון ריינעם גאָלד.

גיב איך גלייך אַ טראַכט, אַז דאָס מוז געוויס זיין דזשיי-קאָב שיף.

שטעל איך אים אָפּ און שטעק אים אַריין אַ שלום-עליכם.

—ווער זייט איר, מיין הער? — פרעגט מיך דער ייד אין אַ דייטשן יידיש.

—איך בין כאַנע,—זאָג איך,—איר קענט נישט כאַנען? מיר קענען זיך דאָך נאָך פון פּעטערבורג, איר געדענקט? מיר זענען דאָך ביידע געווען אויף אַ באַנקעט אין 1909 ביי פּאָן-פּלעווע! איך בין ערשט געקומען אין אייער אַמעריקע, זיך געראַטעוועט פון אַ שטורעם און יעצט זוך איך אַ שטעלע.

—אהא! איך זייט עס, כאַנע? און איך בין טאַקע דזשייקאָב שיף!—רופט זיך אָן דער ייד מיט די זיידענע לאַצן.

—אָ, טאַקע דזשייקאָב שיף!—רוף איך זיך אָן.—אויב אזוי, נאַט אייך נאָכאַמאָל שלום עליכם. ווי גייט עס אין די געשעפטן?

—נישט צום פאַרזינדיקן,—זאָגט ער,—די געשעפטן זענען אָל-רייט. און וואָס גייסטו, כאַנע, דאָ טאָן?

—איך ווייס,—ענטפער איך,—אוודאי וואָלט איך געוואָלט טאָן וואָס גרינגער, נאָר אַזוי ווי עס וועט זיך נישט מאַכן וואָס גרינגער, וועל איך מוזן טאָן וואָס ש ו ו ע ר ע ר.

—צו אַ קצב וואָלסטו געוואָלט אָנקומען?—פרעגט מיך דזשיי-קאָב שיף.

—זאָל זיין,—זאָג איך,—צו אַ קצב, אַבי עס זאָל זיין פלייש אויף „ועטשערע״.

דאָ האָט דזשייקאָב שיף אַרויסגענומען אַ גרויסן טייסטער, און פון טייסטער אַ ביכל, און פון ביכל—אַ ביכעלע מיט גאָלדענע בלעט-לעך, און דאַן האָט ער אַרויסגעצויגן פון פיסטל-פאַקעט אַ גאָלדענע פעדער, נישט קיין ליגן געזאָגט, די גרויס, ווי מיין שטעקן. איך ווייס גאָרנישט, ווי אַזוי זי קריכט אַריין אין זיין קעשענע. עס איז מער נישט, אַ גביר קען זיך פאַרגינען אַזאַ זאַך.

אַרויסגענומען די פעדער, האָט ער עפּעס אָנגעשריבן, אָפּגעריסן אַ גאָלדן בלעטל און מיר דערלאַנגט.

אָט דאָ האָסטו, כאַנע, אַ צעטעלע, און דו פויל זיך נישט און גיי גלייך אַריבער, וועסטו קריגן אַ שטעלע.

—אַ דאַנק דיר, יענקל,—זאָג איך,—און זיי געזונט און גאָט זאָל העלפן מיר און אייך בעסערע געשעפטן. מיר וועלן זיך, מן הסתם, זען. איך וועל זיין ביי אייך די טעג!

—ביטע שיין!—ענטפערט מיר דזשייקאָב שיף.

ווען איך האָב שוין גענומען גיין, האָט דזשייקאָב שיף מיך גערופן צוריק און אַזוי געזאָגט:

—ווי איך זע, כאַנע, האָסטו נישט קיין מאַנטל, און דו פרירסט, ווי אַ כלב. איז דערווייל ביז וואָס, ווען, ביז דו וועסט זיך אַרויס-אַרבעטן, נאַ דיר מיין קאַרטל און גיי אַריבער און נעם זיך אַ פוטער.

און פך הוה: איך האָב גענומען דאָס קאַרטל און בין אַוועק אויף פינפטער עוועניו, און האָב דערלאַנגט שיפס קאַרטל, און איר האָט

געדאַרפט זען, וואָס פאַר אַ סומאַטאָכע דאָרט איז געוואָרן—פלאַי פלאַים!-

אָן אַ גוזמא, אפשר צוויי הונדערט פריקאַזטשיקעס זענען אָנגעלאָפן פון אַלע זייטן.

און לעדער האָט געשריען: כאָנע, נעם דאָס! כאָנע, נעם יענץ איך בין פשוט צעטומלט געוואָרן.

ערשט עס קומט צו דער באַלעבאָס אַליין און רופט זיך אָן צו מיר אַזוי:

—כאָנע, איך וועל דיר געבן אַ פוטער, וועט עס שוין זיין איינמאָל אַ פוטער. דו וועסט אים קענען טראָגן אי זומער, אי ווינטער.

און נישט געבלאָפט, עס איז ווירקלעך געווען אַ פוטער פון פוטערלאַנד—אוודאי ווערט געווען אַ טויזנטער.

איך טראָג אים נאָך עד היום. זומער שער איך אים אָפּ די האָר און ער ווערט אַ זומערמאַנטל. און צו ווינטער וואַקסן אָפּ די האָר און ער ווערט צוריק אַ פוטער.

אַלזאָ, מיטן פוטער בין איך שוין פאַרטיק. איר ווילט דאָך וויסן וועגן דער שטעלע?

איז די מעשה מיט דער שטעלע אַזוי געווען:

איך האָב אָנגעטאָן דעם פוטער און בין אַוועק מיטן צעטעלע צום קצב.

קום איך אַריין, ערשט איך געפין אַ גרויס געשעפט פון פלייש, אפשר אויף דריי גאַסן... פששש! און פענסטער, איר וואָלט אָנקוקן פענסטער—שפיגלען!

שוין איינמאָל אַ יאַטקע.

דערלאַנג איך שיפס צעטעלע דעם באַלעבאָס, אַ ייד מיט אַ בויך, ווי צוויי דייזשעס. לעזט ער עס איבער און רופט זיך אָן מיט גרויס דרך-ארץ:

—איר זייט עס, הייסט עס, כאָנע? איר קריגט תיכף אַ שטעלע און אָט האָט איר אַ באַשטעלונג און פירט עס גלייך אַוועק!

איר האָט געזאָלט אָנקוקן אָן „אָרדער", לייט עסן דאָס אַריין אַ ביסל!

עס איז געווען, זאָג איך אייך, אָן אַ גוזמא גערעדט, זעקס גענז, דריי זייטלעך פלייש, צוויי טוצן סטייקס, עפּעס ביי אַ צענדליק הינער, און גלאַט לעבערלעך אָן אַ צאָל.

—איר קענט עס אָפּפירן מיט אונזער אויטאָמאָביל און אָט איז

דער אַדרעס!—מאַכט צו מיר דער באַלעבאָס פון געשעפט.

—ווער דאַרף די אויטאָמאָביל̇ן מיט די וועגענער און פאָרעכצן, כאָנע האָט פיינט צו פאָרן! כאָנע האָט ליב צו גיין מיט די רגלים!

און, אַזוי רעדנדיק, כאַפּ איך די באַשטעלונג אונטערן פאַכווע, פאַרקאַטשע די פאַלעס פון פוטער—און היידאַ!

(וואָס מיט כאָנע ביף-פאַף האָט ווייטער פאַסירט, וועט באַשריבן ווערן אין קומענדיקן קאַפּיטל).

# קאפיטל ה.

פאַנע גייט אויף ריווער סייד דרייוו; — זיין באַגעגעניש מיטן דירעקטאָר פון „מעטראָפּאָליטאַן אָפּערע־הויז"; — ער ראַטעוועט אַ מיליאָנערשע פון טויט; — ער קריגט אַן אָוואַציע פאַר זיין העלדישקייט און טיילט אַדרעסן; — ווער עס האָט דערוויייל אָוועקגעפירט זיין באַשטעלונג; — אַ געשפּרעך מיט טעדי רוזוועלט. —

אַלזאָ, ווי איר געדענקט נאָך מסתמא פון לעצטן מאָל, בין איך, כאַנע, נאָכדעם, ווי איך האָב אָנגענומען די שטעלע ביים קצב, אַוועק מיטן אָרדער אונטערן פאַכע אויפן וועג צו ריווער סייד דרייוו.

גיי איך מיר אַזוי מיט דער באַשטעלונג, אויפן האַרצן איז מיר לייכט, ווי אַשטרויעלע, אַ גוטע שטעלע האָב איך, אַ קונציקן פוטער אויך, דזשייקאָב שיף איז מיינער אַ גוטער ברודער.

מיט איין וואָרט, כאַנען איז גוט אין אַמעריקע!

און ווען מיר איז גוט אויפן האַרצן, זינג איך. טראָג איך אַזוי דעם „אָרדער" און זינג מיר די „מאַרסעליעזע" אויפן קול, אַזוי גאַנץ הויך.

איך קוק זיך אום, ערשט אַ מאַן, אַ פיינער מאַן, גייט מיר נאָך פון הינטן און הערט זיך צו.

— אָל־רייט! — זאָג איך צו זיך. — זאָל ער הערן. וועמען אַרט עס.

און איך זינג זיך ווייטער און נאָך העכער.

פּלוצלונג וואַקסט אויס דער מאַן לעבן מיר און רופט זיך אָן:

— איר זייט עס כאַנע?

— איך בין פאַנע, ווער דען זשע אַנדערש? — זאָג איך אַרויס מיט גרויס שטאָלץ.

— זייט איר אַן אָפּערע־זינגער אויך? — פרעגט ער מיך און בויגט זיך פאַר מיר.

—דערווייל אַרבעט איך בײַ אַ קצב,—זאָג איך אַרויס,—אָבער וואָס שפּעטער וועט זײַן, ווייס איך נישט.

—כּאַנע!—רופט זיך אָן צו מיר דער מאַן.—איר טראָגט אַן אוצר מיט זיך און ווייסט נישט.

—וואָס, אַן אוצר?—רוף איך זיך אָן.—וואָס פאַר אַן אוצר? וואָס בעבעט איר? איך טראָג אַ באַשטעלונג.

—איך בעבע נישט, פרײַנט כּאַנע,—זאָגט ער,—מיט דעם אוצר מיין איך אײַער שטימע.

— אַהאַ! די שטימע! — רוף איך זיך אָן. — דאָס איז עפּעס אַנדערש!

—מיט אײַער שטימע קענט איר איבערשטײַגן קאַרוזאָן!—רופט ער זיך אָן צו מיר.

—הכּלל,—זאָג איך,—וואָס דאַרף כּאַנע טאָן?

—כּאַנע דאַרף גאָרנישט טאָן,—רופט ער זיך אָן צו מיר,—איר גיט מיר בעסער אײַער אַדרעס און עס וועט שוין אַלץ זײַן אָל-רײַט. דערווײַל נאַט אײַך אַ פינף און צוואַנציקער אַן „אַדוואַנס”.

—ווער זײַט איר?—גיב איך אים אַ טאַפּ אָן בײַם דופק.

—איך בין דער דירעקטאָר פון מעטראָפּאָליטאַן אָפּערע-הויז!—שטעלט ער זיך פאַר מיר פאָר, און ער רופט מיר אָן אַ נאָמען עפּעס פון דער הפטורה.

—אָל-רײַט,—זאָג איך,—נאַט אײַך מיין אַדרעס און גוד-בײַ, ווײַל איך האָב איצט קיין צײַט נישט, איך מוז אָפּטראָגן די באַשטעלונג.

ער געזעגנט זיך מיט מיר אָפּ, און איך גיי ווײַטער.

ערשט פּלוצלונג באַמערק איך אַ ריזיקן אויטאָמאָביל, זיך טראָגנדיק מיט גרויס אימפּעט, און עפּעס אַ יידענע, אַן אָל-רײַטניצע, מוז אוודאי וועגן אַ פינף הונדערט פונט, גייט אַנטקעגן דעם אויטאָמאָביל. נישט די יידענע זעט דעם אויטאָמאָביל און נישט דער שאָפער באַמערקט די יידענע.

איך זע ממש, אַז אַן אומגליק מוז דאָ אַרויסקומען. נאָך איין רגע, און דער אויטאָמאָביל וועט אָנפאָרן אויף דער יידענע און דאַן גוד-בײַ מיט די פינף הונדערט פונט!

אַלזאָ, וואָס זאָל כּאַנע טאָן? קלערט כּאַנע נישט קיין סך, גיט אַ טו אויס דעם פוטער, אַ וואָרף דעם „אָרדער” און אַ שפּרונג אַרײַן

אזוי, צווישן דעם אויטאָמאָביל און דער פעטער יידענע, ווי כאַנע קען.

און, נישט מאַכנדיק קיין שהיות, גיב איך מיט דער לינקער האַנט אַ הייב אויף די יידענע און זעץ זי אַרויף צו זיך אויפן אַקסל, און מיט דער רעכטער גיב איך אַ שטויס אַוועק פון זיך דעם אויטאָמאָביל מיט אַזאַ שטאַרקייט, אַז דער אויטאָמאָביל מיטן שאָפער און מיט די פּאַסאַזשירן צוזאַמען זענען פאַרפלויגן געוואָרן, אָן אַ גוזמא געזאָגט, אוודאי אויף צוויי גאַסן צוריק.

איך דערצייל אייך נישט קיין ליגן, דער אויטאָמאָביל איז געפלויגן אַזוי לייכט, ממש ווי אַ פּילקע.

דערווייל האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַ גרויסער עולם, און צוזעענדיק מיין העלדישקייט, האָבן זיי אַלע אין איין קול געשריען:

—הורא, כאַנע!

—בראַוואָ, כאַנע!

—לאַנג לעבן זאָל כאַנע!

און די יידענע, תיכף, ווי איך האָב זי אַראָפּגענומען פון מיין אַקסל און אַראָפּגעשטעלט אויפן טראָטואַר, איז זי מיר געפאַלן אויפן האַלז און גענומען קושן פון שמחה.

—כאַנע, איך וועל אייך די טובה קיינמאָל נישט פאַרגעסן, איר האָט מיך געראַטעוועט פון טויט!

רוף איך זיך אָן:

—מיסיס, קושט מיך נישט, איך בין נאָך פאַר אָנבייסן.

און ווייסט איר, ווער עס איז געווען די יידענע? אַ מיליאָנערשע! איר מאַן איז געווען אַ פאַבריקאַנט פון ליולקעס.

זאָגט זי צו מיר:

—מיסטער כאַנע פּיף-פּאַף! גיט מיר אייער אַדרעס און מיין מאַן וועט אייך שוין באַלוינען. אַ מיליאָן איז ביי אונז אַ צוקערלעקעכל.

רוף איך זיך אָן:

– דעם אַדרעס נאַט אייך, אָבער געלט פאַר ראַטעווען אַ מענטשן נעמט נישט כאַנע. כאַנע דאַרף נישט קיין מיליאָנען. ער האָט, אַ דאַנק גאָט, פונוואַנען צו מאַכן אַ לעבן... איצט אַרבעט איך ביי אַ קצב און מאָרגן בין איך אין אָפּערע. נאָר אויב אייער מאַן קען מיר צושיקן עפּעס אַזוי אַ ליולקעלע, וואָס זאָל זיין פּיף-פּאַף, איז מהיכא תיתה!

די פעטע יידענע האָט זיך צעלאַכט:

—אַ ליולקע נאָר? די בעסטע ליולקע, וואָס איז נאָר דאָ אין אונזערע געשעפטן, וועט איר קריגן!

און זי איז אַוועק.

דערווייל, אין דעם טומל, האָבן, פאַרשטייט זיך, אָפגעשטעלט זיך אַלע טראַמווייען און אַלע אויטאָמאָבילן.

פּלוצלונג גייט צו מיר צו אַזוי אַ פעטער מאַן, איינער פון די קאָנדוקטאָרס, הפּנים, און בעט ביי מיר אויך מיין אַדרעס.

— מיסטער כאָנע פּיף-פּאַף, די קאַר-קאָמפּאַניע וויל אייער אַדרעס.

—מיין אַדרעס,—זאָג איך,—קיין קאַרטלעך האָב איך נאָך נישט געדרוקט, נאָר איר קאָנט עס פאַרשרייבן!

און איך גיב אים מיין אַדרעס, וואָס קען דאָס מיר שאָדן צום שידוך, וואָס?

און איך לאָז זיך גיין נעמען מיין באַשטעלונג מיטן פּוטער, ערשט וואו אָרדער, ווער פּוטער?

גלייך ווי גאָר אויף דער וועלט נישט געווען!

—כאָנע, עס איז ביטער!—זאָג איך צו זיך.—אין דער צייט, ווען דו האָסט געראַטעוועט אַ מענטשן פון טויט, האָט מען דיך גאַנץ פיין באַגנבעט!

און וואָס זאָל איך איצט טאָן? מילא, דער פּוטער, ווי דער פּוטער, איך וועל דאָך אָבער פאַרלירן מיין שטעלע!

און אָט ווי איך שטיי אַזוי אַ פאַרטראַכטער, קומט צופליען אַן אויטאָמאָביל און פון דאָרטן קריכט אַרויס אַ מאַן, גייט צו צו מיר, פאַרנויגט זיך און רופט זיך אָן:

—כאָנע! איך בין טעדי רוזוועלט. איך בין גראַדע אָנגעקומען, ווען איר האָט אַ וואָרף געטאָן דעם אויטאָמאָביל און געראַטעוועט די אַל-רייטניצע. קלער איך, כאָנע קען נאָך דערווייל פאַרלירן זיין שטעלע. נעם איך אייער „אָרדער” און פיר אים אַוועק אויפן ריכטיקן אַדרעס.

—אַ דאַנק דיר, טעדי!—רוף איך זיך אָן.—האָסטו נישט געזען ערגעץ מיין פּוטער?

—דיין פּוטער, כאָנע, איז דאָ,—רופט זיך אָן צו מיר רוזוועלט,

און ביי די רייד נעמט ער אַרויס פון זיין אויטאָמאָביל מיין פוטער און דערלאַנגט מיר אים.

—איך האָב אים,—זאָגט ער,—עקסטרע צוגענומען צו זיך, כדי מען זאָל אים נישט צו גנבענען. און איצט, - זאָגט ער,—האָב איך דיר עפּעס וואָס פאָרצושלאָגן.

—נישט איצט,—רוף איך זיך אָן,—איצט מוז איך גיין אין געשעפט. אַ שטעלע איז אַ שטעלע... נאַ דיר מיין אַדרעס, און שרייב מיר, ווען דו ווילסט מיך זען.

— אָל-רייט, — רופט זיך אָן רוזוועלט,—איך דאַרף דיך גייטיק האָבן.

און מיר געזעגענען זיך אָפּ זייער וואַרעם.

(וואָס מיט מיר דאָט ווייטער פּאַסירט, וואָס פון די אַדרעסן געבן און באַקאַנטשאַפטן איז אַרויסגעקומען—דאָס וועט איר לייענען אין מיין קומענדיקן קאַפּיטל).

# קאַפּיטל ו.

כּאָנע וועט זיך אין טויזנט דאָלאַר און געווינט;—זײַן גבורה מיטן אייז־באָקס*);—כאָנען גייט גוט, ער קריגט בריוו און אַ מתּנה;—די וואונדערבאַרע ליולקע מיט אירע אומצאָליקע מעלות;—כּאָנע קלייבט זיך שיסן לייבן מיט רוזוועלטן.—

אַלזאָ, וואו האַלטן מיר?—בײַ רוזוועלטן! מסתּמא האָט איר נאָך נישט פאַרגעסן.

אַלזאָ, בין איך כאָנע, נאָכדעם, ווי איך האָב זיך הייס צעזעגנט מיט רוזוועלטן, אַוועק צוריק צו מײַן קצב.

קומענדיק אַהין, פרעגט מיך דער באַלעבאָס, דזשייקאָב שיפּס פּריינטל, אַזוי מיט אַ שטיקל בייזער:

—„וואָצימער", כאָנע? וואו ביזטו עס פאַרלאָרן געגאַנגען אויף אַ האַלבן טאָג?

רוף איך זיך אָן:

—מיסטער באָס, „וואָצומעריט" נישט! איך וועל אייך באַלד אַלץ דערציילן. מיט מיר האָט נישט „וואָצומער" און נישט „וואָצוווייניקער" געטראָפן געוואַלדיקע זאַכן! כאָנע גייט נישט אַוועק אומזיסט אויף האַלבע טעג!

און איך נעם און דערצייל אים די מעשה מיטן אויטאָמאָביל און דער מיליאָנערשע, די מעשה מיט מײַן העלדישקייט און די הוראָס, וואָס איך האָב געקראָגן פון עולם, און מײַן באַגעגעניש מיט רוזוועלטן, און ווי ער האָט פאַר מיר אָפּגעטראָגן דעם „אָרדער."

הערט מיך אויס דער באַלעבאָס און רופט זיך אָן:

—כאָנע, דו ווייזט אויס צו זײַן אַ נישקשהדיקער בלאָפער.

*) אייז־אַלמער

מילא, די מעשה מיט רוזוועלטן בין איך דיר מוחל, אָבער די מעשה מיטן אויטאָמאָביל, וואָס איז פאַרפלויגן אויף מער ווי צוויי גאַסן, דאָס לייגט זיך נישט אויפן שכל... אַפילו דער נעגער דזשאָנסאָן וואָלט עס נישט געקאָנט באַווייזן.

ווער איך אין כעס.

—ווילט איר אייך וועטן?—רוף איך זיך אָן.

—אין וואָס?—פרעגט ער מיך.

—אין וואָס? זאָל זיין אפילו אין דאָס... —רוף איך זיך אָן. — איר זעט אָט דעם גרויסן אייזבאָקס? וועט איך זיך מיט אייך, אַז איך וועל אים איינער אַליין נעמען פון אָרט, אויפהייבן און אַרויפשטעלן אויפן טיש.

—אין וויפל ווילסטו זיך וועטן?—זאָגט דער באַלעבאָס.

—זאָל זיין אין אַ טויזנטער!

—אָל-רייט!—שטימט איין דער באַלעבאָס.

כאָנע, נעם זיך צו דער אַרבעט!

און וואָס מיינט איר, וואָס, כאָנע האָט פאַרלאָרן?

איך וואָלט געוואָלט זען אַ מענטשן, וואָס גלויבט, אַז כאָנע קען פאַרלירן! בקיצור, כאָנע מאַכט נישט קיין פיל שהיות, גיט אַ שפּאַן צו מיט די רגלים צום אייזבאָקס, אַ שפּיי אָן אין די הענט און גיט אַ כאַפּ דעם גרויסן אייזבאָקס אונטערן פאַכווע, אַזוי ווי איר נעמט, צום ביישפּיל, דעם אָנבייסן אין שאַפּ, און מאַרש איבערן קראָם.

און אונזער קראָם, דאַרפט איר וויסן, פאַרנעמט אַ שיינע פּאָר גאַסן.

אַזוי גיי איך זיך דורך מיטן אייזבאָקס אונטערן פאַכווע אַ צען מינוט, ביז איך קום צו צום לעצטן טיש. דאַן גיב איך אַ הייב אויף דעם אייזבאָקס און גיב אים אַ שטעל אַוועק אויפן טיש אַזוי גרינג, ווי אַ גלאָז טיי...

—העלאָו!—זאָג איך צום באַלעבאָס.—וואָס זאָגט איר איצט אויף כאָנען?

—פאַרפאַלן!—רופט זיך אָן מיין קצב.—אויף קיין גוטן אָרט זאָל דאָרט נישט שטיין מיין פּריינט דזשייקאָב שיף, וואָס האָט דיך צו מיר געשיקט. נאַ דיר די טויזנט דאָלאַר...

און ביי די ווערטער האָט ער אַרויסגענומען דאָס בייטעלע און

מיר אָפּגעצײלט אויפֿן האַנט צען הונדערטער.

—דענק־יו, באַלעבאָס!—רוף איך זיך אָן.— איר זײט אַ דזשענ־טעלמען. איר האַלט וואָרט.

און ווייסט איר, וויפֿל, אַן ערך, דער אײזבאָקס האָט געוואויגן? איר וועט נישט טרעפֿן!

דער אײזבאַקס האָט געמוזט וועגן, אָן אַ גוזמא, אַ טויזנט פֿונט. עס איז געווען שוין אײנמאָל אַן אײזבאָקס. פֿאַרנומען די גאַנצע וואַנט פֿון געשעפֿט, און איז געווען פֿול אָנגעפּאַקט מיט אײז, און הונדערט זײטלעך פֿון בהמות און קעלבלעך...

דער באַלעבאָס האָט נאָכדעם דערצײלט, אַז דעם אײזבאָקס האָט מען געבראַכט צו אים אין געשעפֿט מיט פֿינף פּאָר פֿערד, און בײם אַראָפּשטעלן האָבן אויף אים געאַרבעט, אָן אַ ליגן, פֿינף מנינים מענטשן, אויסער אים אַלײן.

נאָר יענעם טאָג איז מיר בעשערט געווען נאָך אַ סך גליקן. איך האָב דערהאַלטן צווײ בריוו, אײנעם פֿון דעם מאַן פֿון דער פּעטער מיליאָנערשע, וואָס איך האָב געראַטעוועט פֿון טויט, מיט אַ פּעקעלע דערבײ, דעם צווײטן—פֿון רוזוועלטן.

דער מאַן פֿון דער מיליאָנערשע שרײבט מיר אַזוי:

„זײער געערטער הער כאַנע פּיף־פּאַף!

מײן ווײב האָט מיר איבערגעגעבן אַלץ, וואָס איר האָט געטאָן פֿאַר איר, און זי האָט מיר אויך דערצײלט, אַז איר האָט זיך אָפּ־געזאָגט פֿון געלט. איר זײט זײער אַ פֿײנער מאַן, מר. פּיף־פּאַף! אָבער, ווי געזאָגט, מיר וועלן אײך די טובה קײנמאָל נישט פֿאַר־געסן. ווען איר ווילט אָננעמען בײ אונז אַ שטעלע, קאָנט איר עס באַקומען צו יעדער צײט. ווילט איר ווערן סופּעראינטענדענט אָדער העד־קאַטער, דײנער אָדער בוק־קופּער, שאַפּ־וואַטשמאַן, אָדער פֿאָרמאַן אין אײנער פֿון אונזערע ליולקע־פֿאַבריקן—קאָנט איר! די טירן פֿון אונזער געשעפֿט זענען תּמיד אָפֿן פֿאַר אײך!

„און מיט דעם בריוו טאַקע קריגט איר אויך צוגעשיקט אַלס מתּנה אַ ליולקע צום רויכערן. די ליולקע איז אַ וואונדער־ליולקע, נאָר איר וועט שוין אַלײן זען.

„מיט דאַנקבאַרקײט און הויכאַכטונג, אײער אײביקער פֿרײנט

„מר. פּיפּקאָווסקי.”

אָל־רײט,—זאָג איך,—גוט פֿון אַ חזיר אַ האָר אויך!

און איך עפן אויף דאָס פּעקעלע און נעם אַרויס די ליולקע, און וואָס זאָל איך אייך פיל ברייען? די ליולקע האָט אַ גלאַנץ געטאָן איבערן גאַנצן הויז... זי איז געווען באַזעצט איינגאַנצן מיט בריליאַנטן און קליינע דימענטלעך, אָן אַ גוזמא, אויף אַ פינף טויזנט דאָלאַר. זי אַליין איז געווען געמאַכט פון ריינע פּערלמוטער. מיט איין וואָרט: די פּיפּקע דהאָט געדאַרפט קאָסטן שיינע צענדליקע טויזנטער.

די ליולקע האָב איך נאָכדעם געוויזן מיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַ זייגערמאַכער פון דערהייבם, און אַ ייד אַ למדן, האָט ער אויסגעפונען, אַז די פּיפּקע שטאַמט פון די גאָר, גאָר הויכע מקומות, אַזש פון טערקישן סולטאַן...

אָבער מיט דערמיט זייט איר נאָך נישט פאַרטיק... די ליולקע האָט געהאַט אַזויפיל מעלות, וואָס אייער מוח קען גארנישט דערגרונטעווען...

ערשטנס, האָט זי קיינער נישט געקאָנט צוגנבענען. ווען עמעצער פלעגט נאָר וועלן לייגן אויף איר אַ האַנט, פלעגט זי גלייך אָנהייבן שרייען אויפן קול! „גנב״! און יענער פלעגט בלייבן מיט אַ נאָז.

צווייטנס, האָט זי זיך קיינמאָל נישט אויסגערויכערט. איינמאָל אַריינגעשאָטן אין איר אַ פּעקעלע טאַבאַק, איז פאַרזאָרגט אויף קינדס-קינדער...

און, דריטנס, האָט מען זי נישט געדאַרפט „פאַרציען״, ווי אַנדערע ליולקעס, נאָר זי האָט זיך פאַרצויגן פון זיך אַליין.

און איצט וועגן דעם צווייטן בריוו:

דער צווייטער בריוו, וואָס איך האָב דערהאַלטן, איז געווען פון רוזוועלטן. ער האָט צו מיר געשריבן אַזוי:

„לידידי ר׳ כאַנע!

ווי דיר איז באַוואוסט, קלייב איך זיך איצט אין אַפריקע, אַ קאַפּיטשקע אַ שיס צו טאָן לייבן... איז וואָלסטו אַ בעלן געווען, כאַנע טייערער, פאָרן מיט מיר צוזאַמען, מיר וועלן טיילן אי דאָס געלט, אי דעם כבוד פון דער נסיעה: פּיפטי—פּיפטי, לחצאים מיינט עס... מיט דיר, כאַנע, וועט זיך שיסן פרייליכער, נעמסטו אָן? לאָז גלייך וויסן.

ד י י ן ט ע ד י.״

און איר פֿאַרשטייט דאָך, אַז איך האָב אָנגענומען. איך האָב גלייך טעדין אָנגעשריבן אַזוי:

„ידידי טעדי!

איך נעם אָן, וואָס איז דאָ אַ סך צו שמועסן, דו גרייט נאָר צו פֿאַר מיר דעם ריכטיקן שיסער. זע, עס זאָל נאָר נישט זיין קיין ל״ג-בעומר-ביקסל. און וואָס שייך דאָס געלט, וואָס דו שרייבסט, אַז דו ווילסט מיט מיר טיילן, איז ביי כאַנען געלט בלאָטע... ווערסטו געבן אַ חלק, איז מה טוב, ווען נישט, איז אויך אָל-רייט! מיר וועלן צום רב נישט גיין... און דאָסזעלבע איז וועגן כבוד... כאַנע איז שוין זאַט פֿון כבוד. הכלל, מיר פֿאָרן!

דיין בעסטער פריינט, כאַנע.״

— — — — — — — — — — — — — —

באַמערקונג פֿון לעבעדיקן:

מער קיין מאַנוסקריפּט איז נישט געווען, הפּנים, אַז די מייז ביי קאָפּל דעם שוסטער אין קעלער האָבן אין דעם אַ גרויסן חלק. אַ שאָד, בנאמנות, אַ שאָד!